# מענדעלעס עפּאָכע

## אנטאָלאָגיע

צונויפגעשטעלט פון מענדעלע־מויכער־ספאָרימס ווערק

י. יאַכינסאָן

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע“
קיעוו — 1927

# פאָרוואָרט.

אונזער מייך איז — געבן אונזער לעזער, דעם יונגן דאָר, די מעגלעכקייט זיך באַקאַנען מיטן ערשטן אידישן קלאַסיקער. דופען דערוף, אַז ער וועט דורכשטודירן מענדעלען איינגאַנצן, איז שווער. אַ גרויסער טייל פון זיינע ווערק זיינען העין לויט דער פאָרם, העין לויטן אינהאַלט ווייט פון די אינטערעסן און געשמאַקן פון אונזער צייט. נאָר דאָך פאַרבלייבן זיי אַדאַיעם ווערק, וואָס זייגען אויסערסט וויכטיק באם באַקאַנען זיך מיט דער פריערדיקער צייט, מיט דער נאָענטסטער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט געפונען איר העכסטן קינסטלערישן אויסדרוק אין מענדעלע מויכער ספאָרים. האָבן מיר זיך דעריבער געפליסט געבן אין אָט דער אנטאָלאָגיע דעם קולטור-געשיכטלעכן, עטנאָגראַפישן און אויך ליטעראַרישן טאַמציס פון מענדעלעס ווערק, וואָס זאָל כאַראַקטעריזירן די עפּאָכע זיינע און אויך זיין ליטעראַרישע מאַניר. גיבן אויסצוגן פון ווערק, זיי זאָלן דערביי ניט אָנווערן דעם טאַם און זאָלן גיבן אַ פאָרשטעלונג וועגן גאַנצן, איז ביכלאַל זייער אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. צום גליק, איז צעגלידערן מענדעלעס ווערק און אויסקלייבן די נייטיקעערטער געווען ניט איבעריקס שווער, מאַכמעס, „מענדעלעס ווערק, באַזונדערס, די גרעסערע, זייגען ס׳ראָוו אַ מאַיסע איבער אַ מאַיסע און אַ מאַיסע אין אַ מאַיסע. מע קאָן זיי זייער גרינג צעטיילן, און יעדער מאַיסע, יעדער בילד איז פאַר זיך אַ זאַך, איינעם זייגען זיי באַהעפט, צונויפגעקלעפט מיט קונצן״ 1). אזוי אַרום איז אונזער צעגלידער-אַרבעט פאַרגרינגערט געוואָרן. שווערער איז געווען גרופירן די אויסצוגן. מיר האַלטן, אַז דער סיידער, וועלכן מיר האָבן געגעבן, איז ניט דער איינציק-מעגלעכער. דאָך רעכענען מיר, אַז ער איז באַזונדערס צוועקמעסיק באם וועלן באַנעמען מענדעלעס עפּאָכע, אלס אַ סאָציאַל-היסטאָרישן קאָמפּלעקס. האָבנדיק פאַר זיך דעם גענויען אינהאַלט, קאָן דער לעזער, דער לערער, וואָס מאַכט באַקאַנט מיט מענדעלען די שול-יוגנט, דער טאַלמיד, וואָס זוכט מאַטעריאַל צו דער פאָרגעגעבענער טעמע, געפינען דאָס, וואָס ער האָט נייטיק. די קעפּלעך האָבן מיר זיך געפליסט אַרויסנעמען פון מענדעלעס טעקסט גופע. אַרויסגעלאָזטע ערטער זייגען באַצייכנט מיט דריי שטריכעלעך (— — —), אריינגעשטעלטע ווערטער מיט קוואַדראַט-קלאַמערן. אינם אינהאַלט איז אָנגעגעבן די עפּאָכע, צו וועלכער סע באַציט זיך אַנערעך די שילדערונג, קעדיי צו פאַרלייכטערן דעם לעזער א״פנעמען דעם מאַטעריאַל, איינפאַסן אים אין אַ קאָנקרעטער היסטאָרישער סוויווע. מיט דעמזעלביקן צוועק איז אויך צוגעגעבן דער אריינפיר.

1) מענדעלע-מויכער-ספאָרים. אלע ווערק. באַנד XIII, ז. 137.

# מענדעלע און זיין צייט

(אַריינפיר)

.1

הונדערט יאָר צוריק קימאַט, אין קאַפּוליע, — א קליין ליטוויש שטעטעלע פון א פּאָר טויזנט נעפאַשעס, צווישן סלוצק און נעסוויזש, — איז באַם פּאָרנעמסטן באַלעבאָס אין שטעטל, אַ אידן א לאַמדן, וואָס האָט געהאַלטן די טאַקסע, גע־בוירן געוואָרן אַ זון. ער באקומט א געוויינלעכע פאַר יענער צייט אידישע דערציאונג: כומעש, געמאָרע מיט מעפאָרשים. נאָר א כוצדעם נאָך: א קאַפּיטל טאנאַך, — דעמאָלט אַ זעלטענע זאַך. און אַכוצדעם: דאָס פּאַרצייטישע פּאַרשטוי־סענע שטעטעלע מיט זיין רעליגיעזן פּאָלקלאָר און פאַנטאַסטישן וועלטבאַנעם, — וואָס לאָזט אַלץ א רוישעם אַפּן פייאיקן טעמפּעראמענטפולן אינגל. גלייך נאָך באַרמיצווע ווערט ער אַ יאָסעם, — די מאַמע האָט כאַסענע פאַר אַן אנדערן און דער באָכער דאַרף זיך נעמען צו אַ טאַכלעס. דער טאכלעס איז ווערן אַ לאמדן, אַ ראָוו, דער וועג — די יעשיווע, די קלויז. נאָך עטלעכע יאָרן פאַרבראַכטע אין יעשיוועס און קלויזן (טימקעוויטש—ווילנע—סלוצק), לאָזט ער זיך מיטאַמאָל אַוועק מיט איינעם אַ שנאָרער, אַוורעמל דער הינקעדיקן, קיין אוקראינע (וואָלין פּלעג מען עס רופן), שלעפּנדיק זיך מיט דער פור איבער שטעט און דערפער, נעכטיקנדיק אין העקדעשס און בעטלענדיק ניט זעלטן א נעדאָווע. אין קאַ־מענעץ־פּאָדאָלער טרעפט אָן אַף אַ כאַווער און פּאַרבלייבט שוין דאָרטן. דאָ ווערט ער אַן אריינגייער אין שטוב צו גאָטלאָבערן, א דעמאָלטיקן העברייאישן שרייבער, לערנט זיך דאָרט אויס רוסיש, דייטש און מאַטעמאַטיק, גיט אָפּ עק־זאַמען און ווערט לערער אין דער היגער אידישער רעגירונג שול (1856). אין א יאָר ארום ווערט אָפּגעדרוקט זיין ערשטער אַרטיקל „וועגן דערציאונג" אינם העברייאישן „המגיד". אין די נאָענטסטע צען יאָר, וועלכע ער פּאַרברענגט אין באַרדיטשעוו, אַנטוויקלט ער אַ גאַנץ ברייטע ליטעראריש־געזעלשאַפטלעכע ארבעט, וואָס איז דורכויס דורכגעדרונגען מיט פּר טעסט: 1) קעגן דער אַלטמאָדישער דערציאונג (דערמאָנטער אַרטיקל אין „האבות והבנים"), 2) קעגן די אָפּגעלעבטע ליטעראַריש־פאָרמען (קריטיש־פּובליציסטי־שע זאַמלביכער — „משפט שלום" און „עין משפט"), 3) קעגן דעם סאָ־ציאַלן דרוק פון דער אויבערשטער קנופּיע שטאָט־באַלעטויוועס („דאָס קליינע מענטשעלע" און די „טאַקסע"). די לעצטע אַרויסטרעטונג („די טאַקסע") צווינגט אים מאַכן פּלייטע פון באַרדיטשעוו קיין זשיטאָמיר, וואו ער פּאַרברענגט דאָס צווייטע יאָרצענדליק, אַנערעך, פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. דאָ

שרייבט ער שוין קימאַט אויסשליסלעך אידיש (ער פאַרעפנטלעכט נאָך דעם דעם דריטן באַנד פון זיין העברייאישער נאַטורגעשיכטע — תולדות הטבע, וועלכע ער האָט נאָך אָנגעהויבן אין באַרדיטשעוו) און שיינקט אונז „די קליאַטשע" און „מסעות בנימין השלישי". דער זשיטאָמירער פעריאָד פון מענ־דעלעס שאַפונג איז דורכגעדרונגען מיט פראָטעסט דעריקער קעגן דער „אי־דישער טאָרבע" און דער אידישער רעכטלאָזיקייט. טכילעס אַכציקער יאָרן פאָרט מענדעלע אַריבער קיין אָדעס, וואו ער ווערט פאַרוואַלטער פון טאַלמוד־טוירע. אינם אָדעסער פעריאָד לאָזט ער ארויס די צייטיקסטע זאַכן זיינע, „פישקע דעם קרומען", „דאָס ווינשפינגערל" (די ערשטע וואַריאַנטן פון אָט די ווערק, וואָס ער האָט אָנגעשריבן נאָך אין זשיטאָמיר און באַרדי־טשעוו, זיינען בלויז סכעמעס, אַף אַזויפיל אומגעענדערטע דערנאָך, אַז אין זיי איז נאָר דער נאָמען געבליבן), „שלוימע רעב כאַימס" און א ריי קלענערע דער־ציילונגען.

.2

מענדעלע מויכער ספאָרים איז דער ע ר ש ט ע ר, דער אָנהייב פון דער נייער אידישער ליטעראַטור. ער שטייט אַף דער גרענעץ צווישן דעם פ אָ ר ג ע ש י כ ט ל ע כ ן פעריאָד אירן, וועלכער איז אצינד שוין בלויז שטאָף פאַר „ליטעראַטור-געשיכטע", פאַר אַקאַדעמישע פאָרשונגען, און יענעם ל ע ב ע ד י ק ן ל י ט ע ר אַ ר י ש ן ק אַ פּ י ט אַ ל, וואָס איז נאָך אַדאַיעם אַ סאָציאַל־קולטורעלער פאַקטאָר אין א ו נ ז ע ר לעבן. ער איז דער ו ו ע נ ד־פ ו נ ק ט אין אונזער ליטעראַטור־געשיכטע, וואָס פירט פון דער וויטער פאַר־שטיינערטער ליטעראַרישער י ע ר ו ש ע צום לעבעדיקן ליטעראַרישן אַ ק ט י וו פון אונזערן דאָר.

שטייענדיק אַפן שיידוועג פון צוויי ליטעראַרישע עפּאָכן, איז מענדעלע גופע דעריבער א קאָמפּליצירטער קולטור־פענאָמען. מיט איין פּאָנים, — מיט די עלטערע ווערק זיינע, — איז ער נאָך אויסגעקערעוועט צו דער מאַסקיליש-די־דאַקטישער פאַרגאַנגענהייט, פאַר וועלכער די קינסטלערישע פאָרם איז מער ניט, ווי א אויספּורעם פון א געוויסער „אידייע". אַ צווייטער מענדעלע אָבער — דער שעפער פון „מסעות", „ווינשפינגערל" און „שלוימע רעב כאַימס" — געהער שוין אין א גרויסער מאָס צו דעם שאָלעם־אַלייכעם־פערעצישער עפּאָכע פון אונזער ליטעראַטור. און האַגאַם „דער זיידע" האָט נאָך אין דערמיט פון די אַכציקער יאָרן געשריבן צו זיין „אייניקל": „איך האָב ליב, אַז כוץ דעם שיינעם פּעניִמל זאָל אין א קאַרטינקע א ו י ך (קורסיוו אונזערער — י. י.) זיין לעבן, סייכל און ג ע ד אַ נ ק ווי אין אַ לעבעדיקן מענטשן; אַ קאַרטינקע באַדאַרף, כוץ שיינע מעליצע, אויך מ י ך ל אָ ז ן ע פּ ע ס ה ע ר ן"[1], פונדעסטוועגן איז טאַקע פון אָט דער, אַזוי צו זאָגן, „ליטעראַרישער דעקלעראַציע" גופע צו זען, ווי ווייט „מענדעלע פונם ווינשפינגערל" איז אַוועק פון מענדעלען, דעם מעכאַבער

1) זע שאָלעם-אַלייכעמס האַקדאָמע צו „סטעמפּעניו".

פון „דער טאקסע" און „קליינעם מענטשעלע". מאַכמעס דאָ פּאָדערט מענ־דעלע סאַכאַקל, אַז די „קאַרטינקע" זאָל אין זיך האָבן אַ געדאַנק אויך, בעשאַס אין די ערשטע ווערק זיינע שטייט דער טראָפּ אַפן געדאַנק, און די מייסטערהאַפטע נאַטור און טיפּן־שילדערונגען קומען דאָרט אומגעריכט, ווי אַ בייזאַך, ביבכינעס „אויך". דאָס האָט די רייכע קינסטלערישע פערזענלעכקייט דורכגעריסן די האסקאָלע־שאָלעכץ און געקומען צום וואָרט, אומבאַוואוסטזיניק פאַרן קינסטלער גופע. אַזוי, בעהאַדראָגע, האָט מענדעלעס קינסטלערישע אינ־טואיציע בייגעקומען אין אים דעם „מאַי קאָמאשמע לאָן" (וואָס לאָזט עס מיך צו הערן,—וואָס איז דערפון געדרונגען),—זי האָט איבערגעשטעלט דעם „אויך",— פון דעם „געדאַנק" אף דער „קאַרטינקע". און אָט אין דעם איבערשטעל באַ־שטייט די גאַנצע עוואָלוציע מענדעלעס, זיין קפיצאַס האַדערעך, זיין פאָלג מיך אַ גאַנג פון גאָטלאָבערן צו שאָלעם־אַלייכעמען, פונם „האבות והבנים" צו „מיין לעבן".

אָט דעם קינסטלעריש־אידעאָלאָגישן גילגל זיינעם האָט מענדעלע מויכער־ספאָרים, פארשטייט זיך, דורכגעמאַכט אַפן פאָן פון די פאַרוויקלטע געזעל־שאַפטלעכע פּראָצעסן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דער ארומיקער סוויווע אינם פאַרלויף פון מענדעלעס לעבן, פון „מענדעלעס עפּאָכע".

.3

מענדעלעס לעבן פאַרשפּרייט זיך אַף די לעצטע צוויי דריטל פונם נייִנצנטן יאָרהונדערט און טכילעס צוואַנציקסטן (1830 אַנערעך—1917). דער שעפע־רישער פּעריאָד זיינער פאַלט צונויף דעריקער מיטן דריטן דריטל פונם נייִנצנטן יאָרהונדערט און אָנהייב צוואַנציקסטן. נאָר אויב מירן פאַר־שטיין אונטערן וואָרט „מענדעלעס עפּאָכע" יענע צייט, אין וועלכער ער האָט פּראָצעסירט זיינע טיפּן און קאָמפּאָזיציעס, יענע היסטאָרישע עפּאָכע, פון וועלכער ער האָט געשעפּט זיינע פּערסאָנאַזשן, וועלכע האָט אים דעריקער באַגייסטערט און געהאָדעוועט זיין קינסטלערישע אינטואיציע, דעמאָלט פאַלט מענדעלעס עפּאָכע צונויף ניט מיט דער צווייטער העלפט און מיטן סאָף פון זיין לעבן, נאָר מיט דער ערשטער העלפט פון זיין לעבן. מענדעלע רעפּראָדוצירט אין דער צווייטער פּראָדוקטיווערער העלפט פון זיין שעפערישן לעבנסוועג די איינדרוקן, עמאָציעס, טיפּן און סיטואַציעס, וואָס האָבן זיך אָפּ־געזעצט, איינגעשטעלט באַ אים אין זיין ערשטער לעבנס־העלפט. דאָס נייע אופגעקומענע קלאַסן־דיפערענצירטע אידישע לעבן פון סאָף נייִנצנטן און טכילעס צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט שוין מענדעלעס מוזע לאַכלוטן ניט באַרירט. פאַר־קערט, וואָס נעענטער צום סאָף פון זיין שעפערישן פּעריאָד, אַלץ מער קערט זיך מענדעלע אום צו דער וויטער פאַרגאַנגענהייט, אַלץ וויטער פאַרקלייבט ער זיך צוריק, צו די ערשטע יאָרצענדליקער פונם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. און טכילעס צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז ער אינגאַנצן פאַרטון אין דער קינסטלערישער רעסטאווראַציע פון טכילעס נייִנצנטן יאָרהונדערט. דעמאָלט שרייבט ער אָן זיין „אַנטדעקונג פון וואָלין", וואָס באַציט זיך צו

דער צייט נאָך קימאַט פון פּאַר מענדעלען (צו די צוואַנציקער—דרייסיקער יאָרן פון XIX י״ה) און אויך זיין ניט פאַרענדיקטע קלאַסישע אווטאָביאָגראַ־פישע קאָמפּאָזיציע „שלוימע רעב כאַימס״, וואָס שפּרייזט ניט אַריבער די ערשטע העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט.

ביכלאַל איז דער היסטאָרישער פלאַצדאַרם פון מענדעלעס גאַלעריי באַ־גרענעצט קימאַט אויסשליסלעך מיט די צוויי מיטלסטע פערטלען פונם ניינצנטן יאָרהונדערט (1825—1875 אַנערעך). די לעצטע סאָציאַלע געשעענישן, אַף וועלכע מענדעלע רעאַגירט נאָך מיט ליטעראַרישע ווערק, זיינען די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן און די נאַציאָנאַליסטיש־ציאָניסטישע רעאַקציע אפן אַנטיסעמיטיזם („אין אַ שטורעם־צייט״, „צוריק אַהיים״). נאָר אָט די ווערק זיינען שוין טאַקע אַ בעפיירעשער באווייז, אַז מענדעלע איז דאָ שוין אַרויס לעגאמרי פון די גרענעצן פון זיין „עפּאָכע״, אַז ער איז דאָ, אַזוי צו זאָגן, אַ גאַסט, אַן „עמיגראַנט״ פון אן אַנדער היסטאָרישן פּעריאָד. דעריבער פאַרקערעוועט ער טאַקע גלייך צוריק צו זיין „היסטאָרישער היים״, צו דער ערשטער העלפט ניינצנטן יאָרהונדערט, צו „שלוימע רעב כאַיעס״ און „ווינשפינגערל״.

.4

מענדעלעס עפּאָכע פאַלט צונויף מיטן צעפאַל פון דער לייבאייגנ־טימערישער עקאָנאָמיק און מיטן אופקום און קומען צו זיך פונם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד. פּאָליטיש איז דאָס די צייט פון דער שוואַרצער ניקאָלאַיעווער רעאַקציע און דערנאָך די „עפּאָכע פון די גרויסע רעפאָרמען״, וועלכע די נייע אינדוסטריעלע בורזשואַזיע האָט אַרויס־געצוואונגען בא דער קאָנסערוואַטיווער ביוראָקראַטיש־פּאָליצייאישער מעלוכע.

ווי האָט זיך אָט די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סיטואַציע אָפּגערופן אַף דער אידישער גאַס, אַף קאַפּוליע און קאַבצאַנסק?

די אידישע אַרענדאַריש־שיינקער־מעקלערישע עקאָנאָמיק, וואָס איז געווען איינגעפלאָכטן אין דער פעאָדאַל־פּריצישער ווירטשאַפט־סיסטעם, האָט ניט גע־קאָנט בלייבן אומבאַרירט, ווען דאָס לייב־אייגנטום האָט געגומען אונטערגיין. די אידן, וואָס לעבן פונם פּאָרעץ און פונם לייב־אייגענעם פויער, וואָס פאַר־גיסט זיינע צאָרעס מיטן „ביטערן טראָפּן״ אינם דאָרפישן שיינק, מוזן איבערגיין אַף אַנדערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. דאָס אַרויסטרייבן די אידן פון די דער־פער פאַרשנעלערט נאָך אָט דעם פּראָצעס פון עקאָנאָמישער איבערגרופּירונג. דאָס טרייבן אידן פון די דערפער איז בא דער רוסלענדישער רעגירונג געווען דעמאָלט, ווי אויך שפּעטער, אַ מין טרופע קעגן אלע פּוראָניעסן, וואָס דער צעפוילטער רעזשים פון פאַנשטשינע האָט גוירעם געווען. טרעפט אַ הונגער, אַ עפּידעמיע, אָדער טאָמער הייבט אָן צופיל זיך וואַרפן אין די אויגן דער שרעקלעכער דאַלעס פון די פויערשע מאַסן, שווייגט כאַסוועשאָלעם ניט די רעגירונג: זי נעמט גלייך אָן די „געהעריקע״ מיטלען קעדיי צו „פאַרבעסערן״ די לאַגע פונם פויערטום, — זי טרייבט אַרויס די אידן פון די דערפער! און

דערמיט דערגרייכט זי איר ציל: זי ווענדט אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פונם פאַרשקלאַפטן פויער אין אַ זייט פון זיינעווירקלעכע סאָציאַלע אינטערעסן און דאָס גאַנצע אַכראַיעס פאַרן באַלעבאַטעווען פון די פּריצים און צאַרישע באַאַמטע וואַרפט זיך אַרויף אַף די אידישע אַרענדאַרעס, שיינקערס און קרעמער, וואָס זיינען געווען מער ניט, ווי איין רינגעלע אינם גרויסן מעכאַניזם פון דער פּריציש־ביוראָקראַטישער מעלוכע. די אַרויסגעטריבענע און אָן פּאַרנאָסע געבליבענע מאַסן קאָנצענטרירן זיך אין די שטעטלעך. די איבערבאַפעלקערטע שטעטלעך לעבן איבער אַ שווערן עקאָנאָמישן קריזיס. די אַלגעמיינע האַכנאָסע פון שטעטל האָט ניט פון וואַנען צו וואַקסן: דאָס דאָרף איז נאָך אין די פּענטעס פון פּאַנשטשינע, די קויף־פייאיקייט פון פויער איז נאָך באַגרענעצט, די צאָל סאָכרימלעך און מעקלערס וואַקסט אָבער אָן אַ שיר. דער שטעטלשער מיסכער נעמט אָן מאַמעש קאַריקאַטורישע פאָרמען, ווען די צאָל הענדלער און טענדלער האָט אַ טענדענץ אויסצוגלייכן זיך מיט דער צאָל קוינים („נאָכפּרעג און אָנבאָט אין שטעטל”). אָט דער קריזיס רופט אַרויס פון צייט צו צייט עמיגראַציאָנס־שטראָמען קיין אוקראינע („אַנטדעקונג פון וואָלין”, „די אלטע מאַיסע”) און דעם אויפקום פון אַ ריי אידישע קאָלאָניעס אין געוו. נ ײ ר ו ס ל אַ נ ד („ליפּע דער קאָלאָניסט” פון „שלוימע רעב כאַימס”).

נאָר די קאָלאָניזאַציע קאָן זיך ניט אַנטוויקלען אין אַזאַ מאָס, אַז זי זאָל מאַמאָשעסדיק פאַרגרינגערן דעם קריזיס. די בעדאַלעס־געשטעלטע מאַסן זיינען ניט בעקויעך עמיגרירן אַף זייערע אייגענע מיטלען. די מעלוכע וויל זיך ניט לאָזן קאָסטן און לייגט אַרויף דעם כויוו העלפן די נויטבאַדערפטיקע, וואָס ווילן עמיגרירן אין די דאָרעמדיקע קאָלאָניעס אריין, אַף קאָהאָל. דער קאָהאָל אָבער, וואָס געפינט זיך אין די הענט פון די „פּניי”, איז פאַרינטערעסירט, אַז די צאָל פון זיינע שטייער־צאָלער זאָל ניט געמינערט ווערן. היינט מיט דער אויסוואַנדערונג פון שטעטל איז דעם קאָהאָל שווערער צוצושטעלן צום „נאַבאָר” די צאָל רעקרוטן, וואָס סע קומט פון אים. אויב די אָרעמעלייט וועלן אויסוואַנדערן, וועלן דאַרפן גיין דינען די קינדער פון די „שיינע אידן”. דעריבער טאָרמאַזירט דער קאָהאָל די אויסוואַנדערונג („רעב יאַנקעוו דער פּריצישער באַל־האַלוואָע”—„אַלטע מאיסע”). נאָך אויך אין די קאָלאָניעס גופע, וואָס קאָנען זיך ניט שטעלן אַף די פיס מיט די אייגענע קויכעס, איז די לאַגע אַ קלאָגעדיקע. די קלאַנגען וועגן „כערסאָן, וואָס רינט מיט מילך און האָניק”, פאַרלירן אינגיכן זייער צויבער, מאַכמעס סע דערטראָגן זיך פונדאָרטן די יעדיעס וועגן דער ווירקלעכער עקאָנאָמישער לאַגע זייערער. בלייבן ווידעראַמאָל די אידישע מאַסן אופגעפּרעסט אין די שטעט און שטעטלעך. די שטייגנדיקע קאָנקורענץ רופט אַרויס צוויי פּראָצעסן, וואָס געפינען זייער פולע אָפּשפּיגלונג אין מענדעלעס שאַפונג. דער ערשטער פּראָצעס—דאָס איז די פּויפּעריזאַציע פונם מיסכער: די הענדלערשע פּאַרנאָסע ווערט אַדאַנק דעם אומגעהייערן צופלוס פון „סאָכרים”, פאַרמיטלער און מעקלערלעך צעבראָקלט. ס'ווערט געשאַפן אַ „מין” הענדלערישער לומפּנפּראָלעטאַריאַט („גלופּסקער מוראַשקעס”). זיין גאַנץ „פּראָדוציר־פאַרמעגן” און „אומזאַץ־קאַפּיטאַל” באַשטייט אינם שטעט־

קעלע, מיט וועלכן מע דרייט זיך אַרום אין מאַרק, אַרויסקוקנדיק אַף אַ פּאַרדינסט, און אין דער אידישער נאָז, מיט וועלכער מע דערפילט, מע דערשמעקט אַ געשעפטל אַף אַ מעהאַלעך. „באַווייזט זיך אין גלופּסק אַ נייער נעפּעש, ווערט אַ טומל, אַ קאָכעניש. מע לויפט זיך צונויף, מע שטעלט זיך אים אַרום פון אַלע זייטן, מע באַשמעקט אים, מע באַטאַפּט אים, וואָס איז ער פאַר אַ בריע. מע טאַנצט און מע שפּרינגט פאַר אים אין איין אָטעם, אַף איין שטיקל ברויט וואַרפן זיך גאַנצע כאָפּטעס מוראַשקעס, פאַר איין קערנדל האַלטן זיך מיט די ציין אַ גאַנצע איידע". מענדעלע איז דער דיכטער און מאַיסטערהאַפטער מאַלער פון אָט די „גלופּסקער מוראַשקעס". ער גופע „מענדעלע מויכער ספאָרים" (וואָס איז די טייטש אַף אידיש: דער פּאַרקויפער פון ספאָרים, — און אַגעוו אויך „כומאָשים, סידורים, מאַכזיירים, סליכעס, קינעס, טכינעס, בענטשערלעך, בערשאַדער טאַלעסקאָטנס, דובראָוונער טאַלייסים, קאָפּלשמוינעדיקע ציצעס, רעצועס, שויפערס, מזוזעלעך, וואָלפּציינדלעך, מויערקעפּלעך, קאַמייעלעך, קינדערשע בליטשקענע שיכלעך, יאַרמולקעלעך, און אַמאָל מעש און קופּערוואַרג...) האָט דאָך אין זיין פּסעוודאָנים גופע „מויכער ספאָרים" פאַרקערפּערט זיין אָנגעהעריקייט און צוגעבונדנקייט צו אָט דעם אויסוועגלאָזן קאַבצאָנישן קליינבירגערטום.

.5

דער צווייטער עקאָנאָמישער גרונט־פּראָצעס פון מענדעלעס עפּאָכע — דאָס איז דער וואוקס פונם באַלמעלאָכישן „קלאַס" און פון זיין ספּעציפישן וואָג אינם אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, יענער „קלאַס", וואָס האָט סאָפּקאָלסאָף אונטערגעריסן און אופגעריסן די מאַכט פון קאָהאָל. אָט די שטייגנדיקע — אָבער דעמאָלט נאָך גאַנץ באַ זיך געפאַלענע — סאָציאַלע קאַטעגאָריע געפינט אין מענדעלען איר טרייען מאָלער („לייזער דער שניידער", „אייזיק דער שמיד", „הערצל קיילעס דער סטאָליער", „די פּויאַלים באַ דער אַרבעט") און אויך איר אידעאָלאָגישן פאַרטיידיקער. און ניט בלויז אידעאָלאָגישן, נאָר אויך קינסטלערישן אַפּאָלאָגעט. מאַכמעס געפּריידיקט מעלאָכע און ערד־אַרבעט האָבן אַלע פאָרשטייער פון דער האַסקאָלע אויך ביז מענדעלען, באַזונדערס רי"בל און דיק. מענדעלע אָבער אַנטפּלעקט, ווי א קינסטלער, די פּאָזיטיווע ראָלע פון דער אַרבעט אַף דער פּסיכאָ־אידעאָלאָגיע פונם מענטשן, וואָס מאַכט דעם אַרבעטמאַן באַזונדערס ווערטפול פאַר דער סאָציאַלער סוויווע. לייזקע דער געוועזענער אַרענדאַר שפּאַרט זיך קעסיידער מיט אייזיק דעם שמיד: „לייזקע פאַרופט זיך אַלץ אַף אַנדערע כאַקראָנים, אַף אַריסטון, אַף דעם „סייפער האַבריס" אוכדוימע נאָך אַזעלכע, און ער אַליין איז נישט אַזאַ באַלמויעך. אייזיק דער שמיד אַקעגן שטעלט נאָר אַף זיין סייכל, ווייסט נישט פון אַריסטו און גייט אין כקירע אַף זיין אייגענעם דערעך". דער באַלמעלאָכע דער אַמאָרעץ האָט נישט אין זיין רעשוס די קולטור פון דער פאַרגאַנגענהייט. ער איז רוי. ער האָט אָבער דערפאַר אויך ניט די פּענטעס פון דער טראַדיציע, און זיין מאַרך רעפלעקסירט

אַף דער ווירקלעכקייט „פרישער און געזונטער". דאָ זעט שוין מענדעלע מיט זיין שאַרף אויג, ניט בלויז אויסערלעכע פאַקטן, נאָר אויך באַהאַלטענע פּאָטענצן. ער זעט אין דער „אַרבעט", ניט בלויז די פאָרמעלע נוצלעכקייט אירע, נאָר אויך דעם סאָציאַל־באַפרייענדיקן מאָמענט אירן.

.6

אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק גייט מענדעלע אויך אַוועק ווייט פאָרויס אין פאַרגלייך מיט זיינע צייט־לייט בעניגייע דעם אָפּשאַצן די סיבעס פון דער שווערער לאַגע פון די אידישע מאַסן. דאָ ווייזט ער אויך אַרויס אַ רעאַליסטישן צוגאַנג. די אַלטע מאַסקילים האָבן איינגעזעען אַף דער אידישער גאַס דעריקער איין צאָרע — דאָס, וואָס אידן זיינען „ניט געבילדעט", און בלויז איין קאַמף: צווישן די געבילדעטע „מאַסקילים" („נאורים") און די פרומע רעאַקציאָנערן „פאַרפינצטערער" („מורדי אור"). און די טייטש פון בילדונג איז געווען: דיקדעק, טאַנאַך און דעריקער רוסיש — די שפת המדינה, די לאַנדשפּראַך" וואָלטן זיך אידן אויסגעלערנט גוט רוסיש, זיך אָנגעהויבן קליידן „דייטש", וואָלט די „גנעדיקע רעגירונג" זיי גלייך געשאָנקען אַלע פּראַוועס און סע וואָלט געוואָרן ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך פון טכום. דעריבער זיינען די מאַסקילים, די קינדער פון די פאַרמעגלעכע אידישע קלאַסן, וואָס פלעגן קומען אין באַריר מיטן רוסישן סויכער און קאַנצעלאַריע־באַאַמטן, געגאַנגען האַנט בײַ האַנט מיט דער צאַרישער רעגירונג אין אירע „אויפקלערונגס־גזיירעס": די גזיירע פון שקאָלעס, פון קליידער א. א. וו. איטלעכער מאַסקילישער מעכאַבער האָט זיין ווערק, — אַ בינטל לידער אָדער מאַמאָרים לעקאָוועד דער בילדונג — „די טאָכטער פון הימל" — אומבאַדינגט געווידמעט אָדער דעם קייסער אַליין, אָדער איינעם פון זיינע מיניסטאָרן, די „כסידיי אומעס האָאוילעם" — לייטישע גאָיִם, הייסט עס. די גאַנצע אָריענטאַציע פונם דענסטמאָלדיקן דאָר איז געווען אַף דער עקזיסטירנדיקער מאַכט. פרומע אידן האָבן געבעטן אַף אַ „גוטן קייסער" („מלך של חסד") אָדער דערוף, אַז דער ריבוינעשעלוילאָם זאָל „אים" אַריינגעבן די גוטע מאַכשאָוועס. מאַסקילים האָבן געהאַלטן, אַז קעדיי צו זוּכע זיין „פּראַוועס" דאַרף מען פריער נויסעכיין זיין בײַ דער רעגירונג מיט בילדן זיך און אריבערגיין פון האַנדל צו מעלאָכע. אָבער סיי די, סיי יענע האָבן זיך אָריענטירט אַף דער באַרעמהערציקייט פון דער רעגירונג.

די טאַקסע אַפילע פאַרענדיקט זיך נאָך אויך מיט אַזאַ פאַטריאָטישן אפּאָפעאָז, ווען וועקער דער מאַסקיל שטייט אַפן וואָגן אין פעלד, פון יענער זייט גלופּסק, מיט אַ אויפגעהויבענער האַנט אַקעגן דער שטאָט און רופט אויס: „גאָט זאָל געבן אין האַרצן פון דער גוטער און פרומער און באַרעמהערציקער רעגירונג, אַז זי זאָל אַף דיר אַ בליק טון מיט כעסעד און מיט ראַכמאָנעס! זי זאָל מאַכן אין דיר גוטע אָרדענונגען, עס זאָל מער ניט געהערט ווערן אין דיר דאָס געוויין, דאָס קרעכצן פון אָרעמעלייט..."

אָט דער קיר״ה־פּאַטריאָטיזם איז אַ אָפּקלאַנג פון דער רעפאָרמען־עפּאָכע, ווען ס׳האָבּן זיך אָנגעהויבּן „יעשועס אף אידן״, אף אידן פון דער ערשטער גילדיע (די דערלויבּעניש וואוינען און האַנדלען אויסערן טכום א. א. וו.) און אויך דער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ. אָט־אָ די האַנאָכעס זיינען געווען אַן ענטפער אף דער שטאַדלאָנעס פונם באַראָן יויזל גינזבּורג, וואָס האָט געבּעטן רעכט פאַר די אויסדערוויילטע, פאַר די סאָכרים און געבּילדעטע און מאָטיווירט דערבּיי, אַז די געשיינקטע רעכט וועלן דעמאָלט ווערן אַ סטימול פון בּילדונג „פאַרן איבּעריקן פאָלק״.

איז געקומען מענדעלע (דער שפּעטערדיקער מענדעלע, אין דער קליאַטשע) און איבּערגעקערט אָט די גאַנצע רעאַקציאָנערע אידעאַליסטישע מאַסקילישע טעאָריע מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארוף. „ניט דאָס אומגעבּילדעטקייט איז שולדיק אין דעם קאַבּצאַנסקער דאַלעס, נאָר פאַרקערט: „קיין טאַנץ גייט נישט פאַרן עסן! — — — וואָס פאַר א שאַיכעס, איך בּעט אייך, האָט עסן און דאָס נייטיקע באַדערפעניש מיט בּילדונג? מיט וואָס פאַר א יוישער קאָן מען יענעם נישט לאָזן עסן, אָטעמען פריי, סיידן בּיז ער וועט זיך אויסלערנען עפּעס קונצן? — — — אָט־אָ דער צוגאַנג האָט דערנאָך א געוויסע ראָלע געשפּילט אין דער פּאָליטישער אופוואַכונג פון דער אָפּגעשטאַנענער אידישער מאַסע, האַגאַם דאָס איז אַלץ ארויסגעזאָגט געוואָרן אף דעם עזאָפּישן לאָשן פון דער „קליאַטשע״.

מענדעלעס פאַרדינסט איז אין דעם באַשטאַנען, וואָס די מאַסקילישע פאָרמול „פריער בּילדונג און דערנאָך פראַוועס״ האָט ער פאַרבּיטן מיט אַן אַנדער פאָרמול: „פריער רעכט אף לעבּן און דערנאָך בּילדונג״.

נאָכמער: ער גיט אין „ווינשפינגערל״ אַ זעלטן אינטערעסאַנטן ניכטערן אַנאַליז פון דער גאַנצער האַסקאָלע־באַוועגונג גופע, אָנווייזנדיק די מאַטעריעלע וואָרצלען אירע (די אַקציזניקעס — די טאַטעס פון דער האַסקאָלע) און ווייזנדיק, אַז בּלויז די געענדערטע עקאָנאָמיק האָט ארויסגערופן אַ שטייגער־רעוואָלוציע און אידעאָלאָגישע ענדערונגען אין דער אָרטאָדאָקסאַלער אידישער סוויווע.

„היגע אידן — באַגעגנט מענדעלע מויכער ספאָרימען א איד אין „ווינשפינגערל״ — באַדאַרפן בּרויט, נישט קיין ספאָרים״.

מיט אָט דעם מאַטעריאַליסטישן (בּרויט־) שטאַנדפּונקט גייט מענדעלע צו צום גאַנצן קאַבּצאַנסקער אידישן קלאַל. דער סאָציאַלער פּאַטאָס דרינגט דורך אַלע זיינע ווערק פונם „קליינעם מענטשעלע״ בּיז „שלוימע רעבּ כאַימס״. און אָט דאָס טיילט ווידעראַמאָל אָפּ מענדעלען פון זיינע מאַסקילישע פאָרגייער. באַגלייך מיט יענע באַצייכנט ער זיינע פּערסאָנאַזשן מיט פּליוסן און מינוסן — „גוטע״ און „שלעכטע״ מענטשן. דער איקער קריטעריום אָבּער בּאַ די אַלע מאַסקילים איז געווען דאָס „געבּילדעטקייט פונם העלד, און צי טראָגט ער אַ בּאָרד מיט אַ קאַפּאָטע. מענדעלע פירט אַריין א נייע דעמאַרקאַציאָנס־ליניע: אַ סאָציאַלע. ד׳ יודעלע שטאַנדהאַפּט, וואָס מע מורמעלט אַף אים, אַז ער איז געכאַפּט אין דער מאַיסע, איז בּאַ אים אין

איין „באַנדע באַלעטויוועס״ מיט ר׳ איציק וואָלף ספּאָדיק און די איבעריקע פרומע קאָשערע אידן, גאָטס סטראַפּטשעס, וואָס זענען אַלע באַלע־צדאָקעס איבער אַ פרעמדער קעשענע. אַפן צווייטן סאָציאַלן פּאָלוס שטייט באַ מענדעלען „א נאַראָד פון פופציק טויזנט צוין קאַדאָשים, וואָס מע שערט זיי, ווי די שאָף״. מענדעלעס מיטגעפיל איז אינגאַנצן אױף דער זייט פון דער עקספּלואַטירטער מאַסע, וועלכע איז גאַנץ ווייט פון בילדונג און ניט אױף דער זייט פון די רייך־סיש־שפּרעכנדיקע פיאַוּקינס, וואָס האָבן זיך אַריינגעריבן אַלס גלאַסנע און שטאָט־פּאָווערענע און העלפן צו באַאַוּולענען און באַגאַזלען די מאַסע. אָט מיט־דערמיט האָט זיך מענדעלע אופגעהויבן פיל העכער איבער דער האַסקאָלע־עפּאָכע. מיטדערמיט איז ער געווען דער פּאָרויסזאָגער פון די קומענדיקע סאָציאַלע צוזאַמענשטויסן אין דער אידישער גאַס און זייער באַרעכטיקער. מאַכמעס ווי פּרימיטיוו ס׳איז ניט די פינפטע סצענע פונם צווייטן אַקט אין דער „טאַק־סע״, וואו די כאַליאַסטרע באַלמעלאָכעס אָרעמעלייט אַטאַקירט די קנופּיע באַלע־טויוועס, דאָך שטעקן אין איר די זוימען פונם שאַרפערן סאָציאַלן קאַמף, וואָס האָט זיך צעשפּילט אין דער פּאָלגנדיקער נאָכמענדעלעשער עפּאָכע און וואָס האָט שוין געפונען זיין שילדערונג באַ מענדעלעס ליטעראַרישע נאָכפּאָלגער.

7.

מענדעלעס סאָציאַלער טעמפּעראַמענט און רעאַליסטישער כּוח איז אויך די סיבע דערפון, וואָס דער העברעאישער מאַסקילישער שרייבער פון די סאָף פופציקער יאָרן ש. י. אַבראַמאָוויטש איז אין די זעכציקער יאָרן מע־גולגל געוואָרן אינם גרינדער פון דער נייער אידישער ליטעראַטור, אין „מענ־דעלע מויכער ספאָרים״. באַ די העברעאישע שרייבער פון יענער צייט איז די שריפטשטעלערישע קונסט מערסטנטיילס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין עק־וויליבריסטישן שפּראַך־ספּאָרט, דאָס, וואָס מע רופט אָן „מעליצע״. די באַגרע־נעצטקייט פון דער העברייאיש־לייענענדיקער אוידיטאָריע, דער שוואַכער רע־זאָנאַנס פון העברייאישן געדרוקטן וואָרט האָט פון אים קימאַט אינגאַנצן אַרויס־געצויגן דעם סאָציאַלן טאַמצים, וואָס איטלעך לעבעדיק געדרוקט וואָרט האָט, אַלס אַ ווענדונג פון איין געזעלשאַפט־מיטגליד (דעם שרייבער) צו די איבע־ריקע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט (די לייענער). דעריבער איז איר מעלי־צע־ליטעראַטור געווען מערסטנטיילס פוסט און אינהאַלטלאָז און זיך פאַרנומען מיט שפּראַך־„קונץ צוליב קונץ״. מענדעלעס ערשטער אַרטיקל אין „המגיד״ איז אין דער שרייב־מאַניר נאָך טריי די טראַדיציעס פון זיין דאָר: פּיראָגאָף שריי־טער: „פּאר אגף״, דאמאָקלעס—„דם אוכלת״ א. א. וו.

מיט זיין אַקטיוון סאָציאַלן טעמפּעראַמענט דערפילט ער אָבער אינגיכן (צוזאַ־מען מיט קאָוונערן), אַז שרייבן הייסט אויספּילן אַ סאָציאַלע פונקציע: „ריידן צום פאָלק״. „דער גרעסטער טייל אָבער פון פאָלק פאַרשטייט דאָך גאָר ניט דידאָזיקע [העברעאישע] שפּראַך און רעדט אי־דיש. היינט וואָס נוצט דעם שרייבער די גאַנצע מי זיינע... וויבאַלד ער ברייננגט דעם פאָלק קיין נוצן ניט? דידאָזיקע פראַגע—פאַר וועמען אַרבעט איך

האָט מיך ניט געלאָזט רוען״[1]). און ער פאַרקנאַסט זיך מיט דער „שיפכע״: ער ווערט מענדעלע מויכער־ספאָרים. די אידישע מאַסן האָבן פון דעם שידען געוואונען. זיי האָבן געוואונען דעם גרונטשטיין פאַר דער אידישער ליטעראַטור. נאָר ס׳איז אַ סוואָרע, אַז געוואונען האָט אויך מענדעלע. אין דער ליטעראַרישער קונסט איז די שפּראַך גופא אַ מעכטיקער שעפערישער אופּרייצער, איינער פון די וויכטיקסטע אויב ניט דער וויכטיקסטער, סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער פאַקטאָר. בייטנדיק די שפּראַך, האָט מענדעלע געביטן אַלץ: ער האָט געביטן די אוידיטאָריע, ער האָט געביטן אויך דעם קוואַל פון זיינע שעפערישע אַסאָציאַציעס, פון זיינע קינסטלערישע זעאונגען. ער האָט שוין גענומען ווייקן גאָר אין אַן אַנדער סוויווע, יענער סוויווע, פון וועלכער ער האָט אַרויסגעשעפּט זיין גראַנדיעזע גאַלעריי פון פראַכטפולע פאָלקסטיפּן, וואָס ער האָט פאַרייביקט אין זיינע ווערק, „דער גאַנצער אויסגעשטאַנענער לעבנסשטייגער פונם אַלטן אידנטום האָט געפונען זיין העכסט קינסטלערישן אויסדרוק אין מענדעלעס ווערק״[2]).

„אַבראַמאָוויטשעס דערציילונגען—דאָס איז איין גרויס קינסטלעריש מעמואַרן־בוך פונם קלוגן, געניטן, אין אַלע ווינקעלעך פון קאַבצאַנסק אויסגעוועזענעם מענדעלע מויכער ספאָרים, וואו איר געפינט אַלץ, וואָס איר ווילט: פאָלקס־פּאָעזיע און פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, קולטור־געשיכטע און עטנאָגראַפיע, מאָראַל און הומאָר,— און וואו אַלץ דינט נאָר צו איין צוועק: באַקאַנט מאַכן אונז דורך לעבעדיקע בילדער מיט דעם פאָלקס־לעבן און פאָלקס־כאַראַקטער פון די אידן אין געטאָ. מענדעלע איז דער נייער יוסיפון אונזערער... דער יוסיפון פון דער פאַרלעצטער עפּאָכע, ווען דער געטאָ און בעסמעדרעש־איד איז געווען נאָך גאַנץ, דאכט זיך, איינגעגלויבט אין זיך, נאָר זיין יונגערער זון איז שוין געשטאַנען אָן אַ זייט און געקוקט אַף אים, ווי אַף אַ מומיע, א גוף אָן אַ נעשאָמע. און ערגעץ אין דער הייך אַף אַ שאַלקע איז געזעסן שוין דער אַלטער, דער קלוגער, מיטן קילן פאַרגליווערטן שמייכל אַף די ליפּן, מיט די קנייטשן אַפן געזיכט, געשאַרפט די טרוקענע, געלבלעכע גענזענע פעדער, גענעצט דעם פינגער און געמאָסטן זיך איבערקערן א בלאַט אין פינקעס״[3])...

---

1) מענדעלעס אווטאָביאָגראַפיע אין „ס׳הזכרון״. ציטירט נאָך ז. רייזינס לעקסיקאָן פון אידישער ליטעראַטור.

2) מ. ליטוואַקאָוו.— אין אומרו I.

3) ש. ניגער.— ש. י. אַבראַמאָוויטש.

„הערט ! מירן אויסקלייבן אן אָרט אין גלופסק,
איר וועט זיך אנידערשטעלן אין א ווינקעלע און
איך וועל פאר אייך דורכפירן מיינע לייט, ווי
אין א פאנאָראמע״.

„צוריק אהיים״.

# I. פון ליטע און רייסן קיין אוקראַינע.

## 1. די אַנטדעקונג פון וואָלין.

(גענומען פון די כראָניקעס)

אין אַ יאָר אַרום נאָך דער באַוואוסטער סריי‎פּע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער ליטע, לויט ווי עס שטייט אין די כראָניקעס, דער גרויסער הונגער, נישט היינט געדאַכט.

אַדאַיעם ליגט יענע שווערע ביטערע צייט אידישע קינדער אין טאַם. אַלטע לייט, אַז זיי דערציילן היינט די שטאַרקע נויט, וועלכע מענטשן, נעבעך, זענען דענסטמאָל בעשאַס דעם הונגער אויסגעשטאַנען, שטעלט זיך פּאָשעט די האָר קאַפּויר הערנדיק. הונגעריקע, אָרעמינקע מענטשן, אויסגעדאַרטע־אויסגעדייווערטע, הויט און ביין מיט סמאַהע אף די ליפּן, איינגעפאַלענע באַקן און מעשונע־אויסגעשטעלטע גלעזערנע אויגן, האָבן ווי די פאַרסאַמטע מייז אומעטום זיך אַרומגעבלאָנקעט, קוים פלאָנטענדיק מיט די פּיס, געזוכט, גענישטערט וואָס ס'איז עפּעס עסנוואַרג, גאָרנישט איבערצוקלייבן: גראָז איז אויך סכוירע, זיך ניט געמיעסט אַפּילע דערמיט, וואָס ליגט, פוילט אין דעם מיסט. הונגער — דאָס איז איינס פון די ערגסטע אָנשיקענישן, דאָס איז אַ מין ליידן, ווי ברענען פאַמעלעכן אָן אַן אויפהער אף א שטיל פייערל. מע קען זיך שוין פאָרשטעלן, ווי גרויס דאָס עלנט איז געווען אין דעם ליטווישן שטעטל דאַלפויניוקע, וואָס איז אָנגעזעצט געדיכט מיט אידן, אָן אַיינאָרע, מיינסטנס, ווי דער שטייגער איז, קאַבצאָנים, נעבעך. נאָך אין די גוטע יאָרן אַפּילע האָבן דאַלפויניוקער אידן זיך אויך נישט קיינמאָל זאַט אָנגעגעסן. אַ הערינג מיט אַביסל ליאַק דערצו, איינצוטונקען דערינען א שטיקל ברויט — דאָס זענען צוויי שפּייזן אַזוינע, מיט וועלכע מע האָט געוויינטלעך זייער שיין יויצע געווען דעם מיטאָג. אַ קרופּניק — נעמלעך: אַ מין געקעכטס פון וואַסער מיט אַביסל גרויפּן, פאַרווייסט לעפאָנים מיט אַ קאַפּעלע מילך, אָדער עטלעכע געקאָכטע קאַרטאָפל, — אַזוינס האָט שוין געהייסן עפּעס נאָר אוילעם־האַזע, אַ סודע ווי באַ שלוימע האַמעלעך אין זיין צייט! אַצינד איז זייער גרינג זיך צו מאַכן אַ געדראַנג: ווען אין די גוטע יאָרן אַזוי, וואָס־זשע האָט שוין געקענט זיין פאַר אַ מין עסן בעשאַס הונגער־צייט? — — —

צו דעם הונגער האָט זיך נאָך צוגעוואָרפן א מאַגייפע, עפּעס אַ מין אונטערגאַנג, אַ היציקע קראַנקייט אזוינע. מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן, און קליינע קינדער זענען אַוועק פון סקאַרלאַטינע, נישט־דאָ־געדאַכט. אין דעם אוילעם איז געוואָרן אַ ליאַרעם, אַ געשריי: כאַטאָים! אַנדערש האָט זיך עס ניט געקענט לייגן טאַקע אף דעם מויעך, וואָרום פונוואַנען האָט זיך עס פלוצים גענומען אַזאַ קריינק אַף אַ קלאַל־איסראָעל?— — —

איז מען גויזער־טאָנעס, מע פאַסט קליין און גרויס, מעוּבּערעסע אַפילע אויך. פון טילים איז קיין רעדע נישט, מען זאָגט טילים פון פרי ביז פאַרנאכט, מע מאַכט אַסיפעס, מע קלייבט אויס אַ קאָמיסיע אידן עפּעס צו טון אַקעגן די כאַטאָים, און צוליב די הויצאָעס דערוף העכערט מען אַ קאָפּיקע טאַקסע אַף דעם פונט פלייש. די קאָמיסיע גייט הויז צו הויז איבערצוקוקן די מעזוזעס: טאָמער עפּעס נישט אַזוי, מאַכט מען פּאָסל; צו באַטראַכטן, ווי שטייען פון פאָרפאָלקן, פון שכיינים אין איין צימער די בעטן, נישט צו נאָענט עפשער איינע צו די אַנדערע, כאַסוועשאָלעם... האַקלאָל, די קאָמיסיע איז ניט פויל, מע קוקט, מע רוקט־איבער בעטן אַהין, בעטן אַהער,— אומזיסט אָבער די מי — מע שטאַרבט! שוויגט מען דאָך מיסטאָמע נישט און מע געברויכט נאָך מיטל: ווייבער מעסטן פעלד, רייסן קוואָרים, פאַלן אריין אין אָרנקוידעש מיט אַ געשריי, אַ געוויין, מאַגידים דאַרשענען, שטראָפן דעם אוילעם: געוואַלד, אידן, שלאָגט זיך אָשאַמנו, טוט טשואווע, אידישע קינדער! עס העלפט נישט — מע שטאַרבט!...

ווי באַלד אַזוי, מוז מען דאָך שוין טאַקע איינוועגדן אלע קויכעס, פרואוון טאָן דאָס לעצטע, וואָס מע קען. העכערט מען נאָך אַ קאָפּיקע אף דעם פונט פלייש און מע אַכטעט אָפּ אַהער אין שטעטל דעם באַרימטן כאַנדריקעווער ראָוו, צו אים זעצט מען צו דעם דאַלפּוויניוקער ראָוו מיט די דאַיאָנים און נאָך עטלעכע שיינע־קאָשערע אידן. מע לאָזט אויסרופן אין אַלע שולן בעכעדעם יהוישוע־בין־נון, אַז ווער עס ווייסט עפּעס אַ כעט, ווי הייסט מען עס... אַף ווער ס׳איז, זאָל קומען מוידיע זיין דעם בעסדן־צעדעק, וואָס זיצט אַלע טאָג מיקויעך די כאַטאָים אין דעם קאָהאָל־שטיבל. בעסדן שיקט רופן די טורקערן, פאַרהערט זי אין ווייבערשע זאַכן, אין דינים פון מיקווע און נעגלשניידן, מע ציט באַ דער צונג געניטע... אַלטע גאַבעטעס, צי ווייסן זיי נישט עפשער עפּעס אַף דער, אף יענער וואָס צו זאָגן. די שטאָט וויגט זיך, אַ קאָכעניש, אַ שושקעניש צווישן דעם אוילעם. עס טראָגט זיך עפּעס אַרום אַ קלאַנג, א מורמלען, מע טומלט אף איינעם עפּעס אַ אַלמען און אף איינער, אַ כוצפע, א איישעס־איש, עס קומט אָן ביז דער קאָמיסיע פון די ראַבאָנים, גרויסע לייט, בערן! זי לאָזט רופן צו זיך יענעם, זאָגט אים מיט דעם האַרבן וואָרט: הולטאַי, זיי זיך מוידע!... זי איז אים מאַסרע: מע וועט דיר, פאָשעאיסראָעל, טאָן דאָס און דאָס. אַז עס העלפט ניט מיט בייזן, פרואווט מען זיך מיט גוטן, מע בעט זיך, ווי פאַר א גאַזלען: געוואַלד, האָב ראַכמאָנעס אַפן פאָלק איסראָעל, אף א איידע אידן! געוואַלד, וואָס האָסטו צו די קליינע אומשולדיקע קינדער, נעבעך? נאָר רעד צו דער וואַנט — דער פאָשע־איסראָעל

איז זיך נישט מוידע. טוט מען זיך אַ נעם צו דער כצופע: — הולטאַיקע, זיי זיך מוידע! זי ווײנט, כאַלעשט, פאַרשטייט קלאָמערשט נישט, וואָס מע וויל פון איר האָבן. ס׳איז נאָר אַרויסגעוואָרפענע רייד — זי, די קליפּע, איז זיך אויך נישט מודה. און דערווייל איז שלעכט — מע שטאַרבט! דער צאָרן איז אַזוי ווייט געגאַנגען ביז צום עק, עס האָט שוין אָנגערירט העט־העט סאַמע אין דער שפּיץ. ס׳איז פאַרשלאָפּט געוואָרן און געשטאָרבן איינער פון די לאָמדים אין קלויז. אַ איד אַ זאָקן, אַ פרומער, וואָס האָט געפאַסט האַפּסאָקעס, געדינט דעם בוירע, אַוועקלייגנדיק פאַר אים מאַמעש דאָס גאַנצע געזונט... אײַ־אײַ — האָט מען געשריגן, — אַז אַזעלכער שטאַרבט, איז שוין טאַקע אויס וועלט, איז שוין קיינער ניט זיכער מיט דעם לעבן. „אם לויתן בחכה הועלה, ווען אַזאַ שטאַרקער ליוויאָסן איז אף דער ווענטקע געכאַפּט געוואָרן, מה יעשו דגי הרקק, ח׳אָס־זשע זאָלן שוין טון מיר, שלאָפּינקע פּישעלעך אין דער בלאָטע!״— אַזוי האָט אים מאַספּיד געווען דער שטאָט־מאַגיד אָפּן שול־הויף צו דער לע־וואַיע, און דער אוילעם איז צעגאָסן געוואָרן פון טרערן, דערנאָך האָט מען דעם מעס אין קיטל אַרײַנגעשטעקט אַ קוויטל — דאָס איז געווען אַ „פּראָשע־ניע״ צו גאָט, זייער וואויל אָנגעשריבן בישיבה של מטה, אין דער קאָמיסיע פון בעסדן, על דעת הקהל, אין דעם נאָמען פונם גאַנצן שטעטל. „גיי — האָט מען דעם מעס געזאָגט — גיי זיי אונזער שאָליעך, ווי באַלד דו וועסט קומען אַהין, זאָלסטו עס איבערגעבן אונזער פאָטער אין הימל, זיך מיען דאָרט פאַר דעם קיסע־האַקאָוועד, זיין אַ גוטער מייליץ, ער זאָל זיך דערבאַרמען אף אונז, אידישע קינדער, נישט זיין אַזוי אין קאַס, באַרויגעז אַף אונז אַ שרעק, און זאָל זאָגן דעם מאַלכעמאָוועס: גענוג, לייג דעם כאַלעף צוריק אין שיידל אַריין! ער זאָל אויך אָנשרייען אַף דעם סאָטן דאָרט און אַף די אלע מאַסטי־גים דאָ, אַז עס זאָל זיי פאַרשטאָפּט ווערן דאָס מויל, עס זאָל זיי... א. א. וו. א. א. וו.

פאַר אידן אַזוינע, — — — וואָס האָבן אַ נאַטור נישט צו גלויבן דעם ערלעכסטן אידן אַפילע, ביז זיי זעען נישט אַליין מיט זייערע אויגן, שוואַרץ אַף ווייס, פאַר זיי איז דאָ איין ענטפער: גייט, זייט מויכל, און לייענט אַליין מיט אייער קאָוועד אין דאַלפּוינ׳יווקער פּינקעס, וואו די גאַנצע מאַיסע געפינט זיך קאָסעוו־וועכאָסעם מיט איידעס קאָשערע, פיינע בריעס, גרויסע לייט, און וואָס פון דאָרטן איז עס דערנאָך איבערגעשריבן געוואָרן אין די כראָניקעס מיט אַ גאַנצער מעמרע פונם שרייבער דאָרט, אויסלאָזנדיק זיך לעסאָף אַזוי: „היינט פרעג איך אייך, ראַבויסאַי, מאַ נישטאַנע, מיט וואָס, אַשטייגער, זאָל אַ דעפּוטאַציע צום ריבוינע שעל־אוילעם דורך א מעס אַף יענער וועלט זיין מער מעשונע, ווי דעפּוטאַציעס צו גרויסע פּריצים דורך לעבעדיקע מייסים דאָ אַף דער וועלט?״. נאָר ווי די מאַיסע איז, יענע האָט באַש׳ינפּערלעך געהאָלפן. אין אַ צייט ארום נאָך דעם קוויטל איז די מאַגייפע טאַקע געשטילט גע־וואָרן. — — —

און גאָט באָרוך־הו האָט זיינע דאַלפּוינ׳יווקער באַלעביטאָכנס, נישקאָשע, נישט פאַרלאָזן. פון די אומגליקן האָט זיך פאַר זיי אויסגעלאָזט גאָר אַ גליק,

און דורך די נויטן, שווערע ביטערע צאָרעס, האָט זיך זיי געעפֿנט אַ וועג אין א נײַ לאַנד — אין וואָלין, הייסט עס, א געבענטשט אָרט מיט אַלדאָס־גוטס, וואָס זייער פוס איז דאָרט קיינמאָל נישט געווען.

אַנטדעקט וואָלין האָבן די מעשולאָכים, וועלכע דאַלפּויניוקע האָט נאָך דער סרייפע אַרויסגעשיקט אַף דער וועלט קלייבן געלט. לאָז מען נאָר קיין טאָעס נישט האָבן, אַז ארויסגעשיקט מיינט מען מיט געוואַלד, דאָס הייסט, מען האָט זיי געגויט פון קאָהאָל, אַלע אין איין קאָל: טוט אונז די טויווע און פּאָרט מאַכן געלט! כאָלילע, באַ אידן זאָל זיך אַזוינס טרעפן. וואָס דען? גלאַט אַזוי זיך, דריי פיינע מענטשן, נויטבאַדערפטיקע, באַפּאַלן מיט ווייב און קינדער, אָן אַ שום פּאַרנאָסע, נעבעך, ווי דער שטייגער איז, האָבן מיט דעם גוטן ווילן גענומען פּאַר מיצווע אף זיך די גרויסע טירכע צו זיין מעשולאָכים־לעטויוועס פּאַר אַ שטאָט אידן, נעבעך, און זיך געלאָזט אין דער וועלט אַריין. מע האָט זיי פּארזאָרגט מיט קסאָווים, אונטערגעשריבן פונם גאַנצן קלייקוידעש, פּאָרנעמסטע לייט, אין וועלכע מע האָט מיט הויכע מעליצעס געשילדערט דאָס אָנשיקעניש, וואָס אף דער קעהילע זייערער איז אָנגעשיקט געוואָרן, און געבעטן מיט אַלע מינע געבעט די קינדער איסראָעל ראַכמאָנעס צו האָבן אַף די ניסראָפים, נעבעך, און געבן די מעשולאָכים נעדאָוועס, איטלעכער קעפי זיין פּאַרמעגלעכקייט. עס פאַרשטייט זיך, אַז כוץ די קסאָווים האָט מען באם ארויספּאָר געמוזט געבן די מעשולאָכים געלט אויך, אַף די נייטיקע הויצאָעס פּאר זיך אליין און אף איבערצולאָזן צום לעבן זייערע ווייבער און קינדער. עס האָט געקאָסט עמעס טאַקע נישט טייער — איין קאָפּיקע נאָר האָט מען געהעכערט אף דעם פונט פלייש!

אַ לאנגע צייט איז פון די מעשולאָכים נישט געווען קיין שום יעדיע, גלייך ווי אין וואסער אריינגעפאַלן. ס'איז איטלעכן אין שטעטל געווען אַ גרויס וואונדער, גאָר ניט צו פאַרשטיין, וואָס זאָל עס אַזוינס באַטייטן! מע האָט זיך געוואונדערט, געוואונדערט — ביז מע האָט זיך אופגעהערט צו וואונדערן. מע וואָלט זיך אין די מעשולאָכים שוין געווען גאָר פאַרגעסן, מויכל געווען אַלץ מיט־אַנאַנדער, ווען נישט די ווייבער זייערע, וואָס האָבן געפּאָדערט באם שטעטל מעזוינעס, געשריגן, געפילדערט: געוואַלד! פּאַר וואָס זאָלן מיר זיין אַגונעס, פארוויסטן אונזערע יאָרן, ליידן פאר אַנדערע? דאָס שטעטל האָט געמוזט אויסשטיין זייערע טאַינעס און געשפּייזט די לעבעדיקע אַלמאָנעס. מיילע, וואָס זאָל מען טון? איז נאָך א קאָפּיקע אפן פונט פלייש!

פלוצלים, גאָר אומגעריכט, קומט אָן צום ראָוו פון די מעשולאָכים א בריוו פול מיט היסנאַצלעס, א פּאַרענטפערן זיך אף דעם לאַנגן שטיל־שווייגן, און מיט אַ קלאָגן זיך אף דעם פינצטערן מאַזל, אַז ניסראָפים איז גאָר ניט אַזאַ געהויבענע סכוירע, ווי מע האָט געמיינט. *געגוג* ניסראָפים *אַזוינע* און *אזוינע* שלעפן זיך אין דער וועלט אַרום. ס'איז געוואָרן עפּעס ווי אַ גאנג־וועגעלע, א כאָק, אַז ווי באַלד עס הייבט זיך אָן דער זומער, הייבן אָן אידישע שטעטלעך צו ברענגען. עס פאָרן אויך אַרום מעשולאָכים פון יעשיוועס, מעשולאָכים פון מייער־באַלנעס, מעשולאָכימס מעשולאָכים, יערושאַלמים,

אַגונעס, אייניקלעך און אידן מיט קסאָווים, פון אַלערליי סאָרטן, וועלכע מע וויל. בעכיין איז שאָפל... דאָס ביסל געלט, וואָס זיי האָבן געמאַכט, האָט געקלעקט קוים אױף הויצאָעס. עס קומט זיי נאָך אַרויס, נאָר זיי זענען מוחל, גאָט זאָל זיי באַצאָלן פאַר זייער מי. די ווייבער איז אויך אָנגעקומען בריוו, נאָך מיט אַביסל געלט דערצו, פון די מאַנען זייערע, וואָס בעטן זיי שטארק מעכילע פאר דעם שוויַיגן ביז אַהער, מיסטאַמע איז רעכט, מיסטאַמע אַז זיי האָבן געשוויגן, האָבן זיי געוואוסט פאר וואָס. געפינען — געפינען זיי זיך אין וואָלין, זייער אַ פעט ווינקל, וואו זיי וועלן פארבלייבן אױף טאָמיד און, אימיר־צעשעם, מיט דער צייט מאַכן עפעס א שטיקל אייסעק. לעסאַטע קנעלן זיי אונטער. וואָרום אַזוי פאַסט עס זיי צום אייסעק מיקאמע וועקאמע טאַימים... אין א קורצער צייט ארום — אזוי שרייבן זיי — וועלן מיר אייך אלע ארויסנע־מען צו זיך, וועט אייך מיט דעם אויבערשטנס הילף פארענטפערט ווערן אַלע קאַשעס. דערווייל לאָז זיין אַלצדינג בעסאָד. לעמאַנעשעם, שוויַיגט, זאָגט נישט קיינעם, וואו מיר זענען, וואָרום דאָס טויג נישט מאכמעס פיל טאַי־מים. וד״ל.

נאָר ווייבער זאָלן האַלטן א סאָד, און נאָך דריי ווייבער מיטאַמאָל, אַזוינס האָט זיך נאָך נישט געטראָפן זינט די וועלט שטייט. עס פאַרשטייט זיך, אַז פאר גרויס פרייד האָס זיך זיי געשאָטן גיין מאָס רייד פונם מויל ווי פון א לעכערדיקן זאַק. זיי האָבן דערציילט איטלעכן די גרויסע גליקן זייערע, אָפּ־געלויבט אין טאָג אריין וואָלין מיט געטאָקטע ליגן, אז דאָרט איז דאָ פון פויגל־מילך, געלט וואַלגערט זיך אין די גאַסן, און מעלאַמדים גילט מען דאָרט אָפּ, זיי גייען אין גאָלד. הערנדיק אַזוינס, מאַכן אידן נישט לאנג שיעס, נע־מען די פיס אױף די פלייצעס און לאָזן זיך אוועק קיין וואָלין. אױף דאלפויניוור־קע קוקנדיק האָבן אויך פון אנדערע ליטווישע שטעט אידן זיך אָנגעהויבן אוועקצולאָזן אהין. מע באַדאַרף וויסן, אַז אונטער דעם נאָמען וואָלין האָט געהייסן און הייסט נאָך היינט באַ אידן נישט נאָר וואָלינער גובערניע אַליין, עלע וואָס דען אויך פּאָדאָליע און בעסאַראַביע, דער גאנצער געגנט, וואָס בא אונז צו דאָרעם־זייט. אזוי ווי בא וואַרשעווער אידן, אשטייגער, הייסן אַלע, נישט קיין פוילישע, אי ליטווישע אי וואָלינער אידן — ליטוואַקעס.

דאָס אייגענע, וואָס אַמעריקע איז פאַר אונז אידן היינטיקע צייטן, איז וואָלין פאַר זיי געווען דענסטמאָל אין יענער צייט. דער אונטערשייד איז נאָר אָט וואָס: אין אַמעריקע פאָרט מען מיט דעם יאַם, אין א דאמפשיף, אַקעגן א פאָר וואָכן, און אין וואָלין האָט מען זיך געשלעפּט מיט דער יאַבאָשע צו־פוס גוטע עטלעכע וואָכן, און אמאָל אויך נאָך מער, אָפּשטעלנדיק זיך באַם וועג — גייענדיק אין שטעטלעך, צווישן אידן ראַכמאָנים־בעניי־ראַכמאָנים... אין אַמעריקע זענען אידן, באַם אָנקומען, געוויינלעך טאנדייטניקעס, אַרומגיי־ערס מיט פעקלעך סכוירע — שמאָכטעס, שניידער, אַרבעטער אין פאַבריקעס, און אין וואָלין זענען די ערשטע, וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אַהין, געווען קימאַט אלע מעלאַמדים.

דער שרייבער אין די כראָניקעס לאָזט אויס דידאָזיקע מאַיסע דאָרט אַפּן סאָף מיט די ווערטער:

„די אידישע היסטאָריע, אין וועלכער די האַשגאָכע פון גאָט אף זיין געליבט פאָלק אַנטפּלעקט זיך אַזוי באַשיינפּערלעך איטלעכן, וואָס האָט נאָר אויגן צו זען און סייכל צו פאַרשטיין — זי, די היסטאָריע, הייסט עס, אינגאַנצן איז זי אַ שטענדיקע שלעפּעניש, א אייביקע אַרומוואָגלעניש פון אַווראָהאָם אָווינו ביז אַצינד. עס רוט נישט, עס ראָסט נישט דאָס פאָלק איסראָעל!".

*

אָט אַזוי, קימאַט אין דעם נוסעך, פלעגט אָפט דערציילן אונז, קינדער, די־דאָזיקע מאַיסע מיין זיידע, אָלעוו־האַשאָלעם.

אַ דאַלפּוינִיוּוקער, שלימאַזלדיקער איד איז געווען מיין זיידע! פאַר צאָרעס האָט ער בעשאַס דעם גרויסן הונגער זיך אַוועקגעלאָזט קיין וואָלין, געגנידערט קיין קישינעוו, די הויפּטשטאָט פון בעסאַראַביע — אַ לאַנד, וואָס פליסט מילך און האָניק. האָט געקנעלט דאָרט איינעם מיט נאָך אסאך דאַלפּוינִיוּוקער זיין גלייכן און גענאָסן פיל גוטס: געגעסן מאַמאַליגע, פאַרביסן מיט קאָדע, געטרונקען ווין און געלעבט רואיק, אָרנטלעך־פיין, ווי גאָט האָט געבאָטן, גלייך מיט אַלע דאָרטיקע אידן.

## 2. אין די טעג פונם גרויסן הונגער.

ויהי בימי הרעב הגדול, און עס איז געווען אין די טעג פונם גרויסן הונגער, נישט היינט געדאַכט, אין אונזער ווינקל איז נישט געראָטן קיין טוואָרע, דער יאַקרעס איז געווען שרעקלעך גרויס און מע איז געשטאָרבן, אויסגעגאַנגען פאַר אַ שטיקל ברויט.

אין יענער ביטערער צייט גראָד איז ארויס אַ קלאַנג, אַז אין כערסאָנער גובערניע מאַכן אידן קאָלאָניעס, דאָרט איז פּאָשעט אַ גאַנײדן, און צווישן דעם אוילעם איז דענסטמאָל אומגעגאַנגען אַ לידל, וואָס יונג און אַלט האָבן עס געזונגען, דאָס לידל איז, דאַכט זיך, קימאַט אזוי:

האָט איר געהערט דאָס לאַנד כערסאָן
נישט וויט פונם פעטער אישמאָעל,
פון פויגל־מילך איז דאָרט פאַראַן,
פאר אידן — ערעץ־איסראָעל.

אַ פיים אַ ציג, אַ שאָף א דרייער,
אַ הון, אַ אינדיק האַלב אומזיסט,
אַלצדינג בעזיל־זאָל, קיין זאַך נישט טייער,
און טוואָרעס דאָרטן פול ווי מיסט.

דאָס לאַנד איז גוט און וואויל — אַ וואונדער.
אויב לעבן, ברידער, ווילט איר פֿיין,
פֿאַרנעמט די קלימקעס, ווייב און קינדער,
און לאָמיר אוילע־רעגל זיין!

דאָס לידל האָט מען טאַקע געזונגען. מענטשן צום אונטערטרייבן, אונטערוואַרעמען האָט אויך נישט געפֿעלט, און פֿונם אָרט האָט מען לעכּאַטע זיך אַלץ נישט גערירט. ערשטנס, האָט מען, ווי דער שטייגער איז בא אונז אידן, געקוקט איינער אפֿן אַנדערן, אף דערעכּערעץ — לאָזן יענע מאַכן דעם אָנהויב צום ערשטן און מיר נאָך זיי. יענע אָבער האָבן נאָר געקענט שיין דאַרשענען, זענען געווען בעריעס נאָר מיט דער צונג, און דעם קיבעד עפּעס טאַקע צו טאָן האָבן זיי מויכל געווען אַנדערע... צווייטנס, — — — ווי דער שטייגער איז בא אונז אידן, נישט אזוי וויכטיק דער פּאָסעק ווי דער דראש, דאָס אויסרעדעניש אף אים, מע לערנט די געמאָרע נישט אזוי צוליב דעם פּשאַט, וויסן דעם דין, ווי צוליב דעם פּילפּל. — — — אין דעמדאָזיקן איניען מיקויעך די קאָלאָניעס איז געווען אויך דאָס אייגענע טאַקע: אַ שפּאַרעניש, אַ כאַפּעניש, אַ קריגעניש, אַ „ווידער־אַנאַנד"־פרעגעניש, אַ אָפּוועגדעניש, אַ כויזעק־מאַכעניש, מיט געשפּעט און שטעכווערטלעך איינער צום אנדערן: „כאָכעם מיינער", „שיינער איד איינער!" ביידע צדאָדים האָבן זיך געשמאַק געזידלט און געווען צווישן זיך פּייער מיט וואַסער. די דרינגען יאָ, יענע — ניין. יאָ, ווייל יענע זאָגן ניין, און ניין, ווייל די זאָגן יאָ... פלאַטשיקע קעפּלעך האַלטן געווינטלעך מיט די, וואָס האָבן גוטע געמבעס צום שרייען, פּיסקלעך אף שרויפן און וואָס קענען מאַכן פֿונם מויל אַ כאָלעווע.—

דערווייל, אין דעם גרויסן טאַראַראַם, קומט גראָד איינער אַ מעלאַמעד פֿון יענע ווייטע מעקוימעס דאָרט ערגעץ אין וואָלין, צום ווייב אף יאָנטעוו, אין אַ נייער קאַפּאָטע. ער קוקט אַביסל מיט גאַדלעס, ווי איינער, וואָס איז אויסגעווען אַ וועלט, און וואַרפט אריין אין דעם שמועס פרעמדע, וואָלינישע ווערטער. אָנשטאָט „יו" זאָגט ער „יאָ". אָנשטאָט „קרופּניק" — „קוליש", און „קיטקע" הייסט בא אים „קוילעטש". אַרום אים פֿאַרקלייבן זיך רעדלעך מענטשן, מע קוקט אף אים עפּעס ווי אף אַ כידעש און מע שלינגט איטלעכס וואָרט זיינס פֿון זיינע מאַיסעס, קראַצנדיק זיך דערביי פאר גרויס האַנאָע. וואָלין, דערציילט ער, איז אַ געבענטשט אָרט מיט אלעם גוטן. קוילעטש עסט מען דאָרט גאָר אינמיטן דער וואָך, וויין טרינקט מען דאָרט ווי וואַסער, הײנט זייער ראָסלפלייש, קנאָבל, „פּראַקעס", „פּאַלירטשיקעס" איז אַ מאַיכל־מעלאָכים! די ווידלען בא די שעפּסן (בא די „שאָף", מיין איך, כאַפּט ער זיך באַלד און פֿאַריכט) זענען אָפּגעגאָסן מיט שמאַלץ און שלעפּן זיי פֿונהינטן זיך נאָך אף רעדלעך. קאָדע, אַזוי הייסט עס דאָרט, יו — יאָ, יאָ! מיין איך. — נאָר די מענטשן דאָרטיקע זענען גראָב, פֿאַרשטאָפּטע קעפּ. אידן פֿונם היגן ווינקל קענען זיי אין זאַק אריינאַרן און מאַכן גוטע געשעפטן. מעלאמדים פֿון אונזער קאַנט האָבן דאָרט די בעסטע קנעלונגען. זייערע — זענען כאַמוירים,

לייגן אַנירער אַ „איוורע", משטיינס־געזאָגט, נויעך מיט זיבן גריזן, קאָמעץ בייס בו, מעלופּם וואָוו אי, דערפאַר אָבער קענען זיי עסן...

דער מעלאַמעד מיט דער נייער קאַפּאָטע, געגרייזלטע פּייעס, און מיט זיינע וואונדערלעכע דערציילונגען, שטאַרק פאַרגרעסערטע, מאַכט אָן אין דעם שטעטל אַ האלעבוודע, עס פאַרקאָכט זיך דאָרט אַ געדיכטע קאַשע. אַ טייל שרייען: אַהין, אין יענע מעקוימעס ערגעץ, וואו מען קען קנעלן, מאַכן שיינע געשעפטן! אַ טייל שרייען: ניין, אַהין, „נישט ווייט פונם פעטער אישמאָעל" אף די קאָלאָניעס! געזעצטע מענטשלעך מיט פעטע בייכלעך מאַכן: עט, כ'לעבן, ס'איז אינגאַנצן אַן אויסגעבלאָזענע איי! גלייכער נישט אַהין, נישט אַהער. „אשרי יושבי ביתך" — דעם פויערש ווערטל טאַקע: „סידי דאָמאַ דאַ ני ויפּאַיסאַ". און גוטע, ווייכע מענטשלעך, לעדערנע דישלעס, בייגן זיך, ווי עס קומט אַמאָל אויס, אי אַהין אי אַהער. ס'איז אַ דולעניש, אַ קאָכעניש, ביז אין דעם שטעטל ווערט געמאַכט אַ גרויסע אַסיפע, אַף וועלכער ס'איז געווען רעב יאנקעוו [דער באַל־האַלוואָע] און אויך ביניאָמין [דער באַל־אייצע].

פריער פון אַלע, עס פאַרשטייט זיך, איז אַרויסגעשפרונגען מיט אַ וואָרט רעב יאַנקעוו. זיין דייע איז געווען — בלייבן. — קאָלאָניעס, האָט ער געזאָגט, איז נישט פאַר אידישע קינדער. דערצו איז אייסעוו. קנעלן און שטאַרבן פאַרזאַמט מען קיינמאָל נישט אומעטום. דעם ביטאָכן צו גאָט באָרוך־הו טאָר מען נישט פאַרלירן, גלויבט און רירט זיך נישט פונם אָרט... פעטע בייכלעך און לעדערנע דישלעס האָבן זיך געבויגן אף זיין זייט, געהאַלטן מיט אים — — —

— קאַבצאָנים! שלעפן ווילט זיך אייך אף יענעמס קאָפּ. הולטאַיעס, באַלצדאָקעס איבער אַ פרעמדן בייטל!... אַ האָזע אַביסל, מע זאָל נישט הערן, וואָס גווירים גרויסע לייט זאָגן! איר מיינט, ס'איז שוין העפקער אַ וועלט? וואָרט נאָר, וואַרט, וועט איר זען, ווער עלטער איז... וואָס הייסט זיך אויסשפּאַנען, נישט צאָלן? — — —

ביניאָמין איז די גאַנצע צייט געזעסן רואיק, אָנגעבויגן דעם קאָפּ און געשוויגן. ערשט אַז דער עוילעם איז מיד געוואָרן שרייענדיק, האָט ער אויפגעהויבן פאַמעלעכן דעם קאָפּ, אַרופלייגנדיק די האַנט אפן שטערן, וואָס האָט בא אים באַטייט, אַז ער וויל עפּעס זאָגן.

— שאַ, שאַ! — איז געוואָרן אַ קלאַפּעריי, אַ שושקעריי צווישן דעם עוילעם. — רעב ביניאָמין וויל עפּעס רעדן, שאַ, שטיל!

— האָט איר זיך שוין אָפּגעקילט, ראַבויסים, און וועט הערן? — מאַכט ביניאָמין מיט אַ פריינטלעכער מינע.

— יאָ, יאָ, רעב ביניאָמין! רעדט, זאָלט איר געזונט זיין, מיר הערן.

— אומזיסט קריגט איר זיך, מיינע ליבע אידן, — הויבט אָן ביניאָמין שטיל, רואיק, ווי זיין שטייגער איז, — ווי איך זע, קענט איר נישט אונזער אידישע היסטאָריע. — — — די אַלטע אידישע היסטאָריע, וואָס בלייבט טאָמיד נ״י. אינגאַנצן איז זי אַ לעך־לעכאָ, אין אָנהויב, אין דערמיט און אויך היינט, ברידערלעך. לעך־לעכאָ! קיין כערסאָן, קיין וואָלין, ערגעץ אַנדערש — אַלץ איינס, דערמיט נעמט נאָך די געשיכטע נישט קיין עק, פאַרוואָגלעניש הערט נאָך נישט אוף. די

פֿאַרוואָגלטע אין כערסאָן וועלן נאָך גיין קיין וואָלין און ווידער די פּונדאַנען — זיך לאָזן אַהין... וואָס קען מען טאָן? גייט, אידישע קינדער! נאָר אַל תרגזו בדרך, קריגט זיך נישט איבער דעם וועג... אויך אַף דעם וועג. גייט, ברידער, גאָט זאָל אייך העלפֿן!

— איר רעדט, רעב בּיניאָמין, ווי אַ כאָכעם! — רופֿן זיך אָן מענטשן פֿונם אוילעם — נאָר ווי גייט מען אָן געלט? מיר באַדאַרפֿן האָבן הילף, אַף הויצאָעס געלט!...

— האָט ראַכמאָנעס, רעב יאַנקעוו! — שרייען אידן אין איין קאָל. — זעט, זאָל עפּעס ווערן אַף הויצאָעס! ס'איז שלעכט, רעב יאַנקעוו! שלעכט, שלעכט... מיר זענען פֿאַרבּיי.

— אידן באַדאַרפֿן האָבן בּיטאָכן צו דעם, וואָס לעבּט אייבּיק אין הימל, באָרוך־הו ובאָרוך־שמוי — זאָגט רעב יאַנקעוו דעם אוילעם מוסער, — ה׳ ילחם לכם — האַקאָדויש־באָרוך־הו וועט אייך געבּן בּרויט — — — פֿאַרגעסט נישט, איר זענט באַלעבּויוועס, צום רייסטער קומט, אויך מיר און... פֿאַר גאָט טאָר מען נישט אַנטלויפֿן, זאָגט טילים, פֿאַסט, — — — וועט ער אייך מויכל זיין, נישקאָשע... זיין ראַכמאָנעס איז גרויס.

בּיניאָמין האָט זיך אופֿגעהויבּן פֿונם אָרט און אַרויסגעגאַנגען שטיל, נישט צו ענטפֿערן רעב יאַנקעוון קיין וואָרט. באַלד נאָך אים איז אויך דער איבּע־ריקער אוילעם זיך צעגאַנגען, און די אַסיפֿע האָט, ווי געוויינטלעך, זיך אויס־געלאָזט מיט גאָרנישט.

## 3. ליפּע דער קאָלאָניסט.

ווי מיט דעם ווינט האָט זיך אין יענער צייט פֿאַרטראָגן אין דעם שטעטל אַ נייס וועגן אידישע קאָלאָניעס — די רעגירונג, הייסט עס, גיט אידן ערד צו באַזעצן זיך אַף איר און זי צו באַאַרבּעטן. דידאָזיקע נייס האָט, ווי געוויינטלעך, קייקלענדיק זיך, ווי א קנויל, פֿון מויל צו מויל, אָנגענומען אַף זיך פֿיל פֿאַר־שידענע מעמרעס און לעסאָף זיך פֿאַרפּלאָנטערט, אַזוי אַז ס'איז שווער געווען זי אופֿצופּלאָנטען. וואָס קאָלאָניעס, ווען קאָלאָניעס? וואו געבּן ערד, ווי געבּן, ווען געבּן? — אָט דרינען איז עס דאָס גאַנצע פּלאָנטערניש, און די מיינונגען דעריבּער זיינען פֿאַרשידן. דאָס שטעטל איז דערמיט אוף. אומעטום, אין מאַרק, אין בעסמעדרעש, אַפֿן שול־הויף שטייען רעדלעך מענטשן און מע רעדט, מע האַמפּערט זיך, שרייענדיק, זידלענדיק זיך אַף א קאָל.

— איך בּעט אייך, רעב זעליק — טאַינעט כאַיקל דער הינקעדיקער, וואָס איז שטאַרק פֿאַרבּרענט אין די קאָלאָניעס — זאָגט מיר, פֿילאָסאָף מיינער, וואָס בּע־קעט איר מיר, וואָס עט־עט איר מיר? וואָס זאָל אַזוינס אייער בּע, עט באַדייטן? אַזאַ זאַך, וואָס פֿאַר אידן אַ גליק, איז מען מיט אַזאַ כקירעלע, מיט אַ קנייטשעלע: עט, בּע! — ניט מעוואטל!

— וואָס האָב איך מיט דיר, כאַיקל, צו טאַינען, אַז דו בּיסט... האָב קיין פֿאַריבּל ניט, — ענטפֿערט רעב זעליק מיט אַ קנייטשל, אַ שמעק־געבּנדיק טאַבּאַק —

אַז דו פֿאַרשטייסט ניט דעם טאַמצעס! דעם טאַך, הייסט עס, פֿון אַ זאַך, מע גיט קאָלאָניעס! וואָס הייסט מע גיט? נאַ, כאַיקעלע, נאַ דיר און זײַ אַ פּאָריץ!

— אָט דאָס אייגענע טאַקע זאָג איך דאָך מײַן פּיִוּועשקען אויך — מישט זיך אַרײַן אין שמועס יענקל דעם מאַגידס — אַ פּאָריץ מײַנסטו זײַן? אָ, ניין! עס שמעקט, מעכילע, מיט... מיט, מיט וואָס הייסט מען עס... וואָס מע טוט אַ פּויער. נאָך מער. מע זאָגט טאַקע, באַשער פֿאַר ניט גוט אַרבעטן, צי ווייס איך וואָס פֿאַר עפּעס וואָס־ס׳איז, קומט אָפּגעבן פֿאַר אַ רעקרוט אָדער גאָר פֿאַר־שיקן קיין קליין ערעץ־איסראָעל — סיביר, הייסט עס! פּיִוּועשקע, זאָג איך, דו קנעלסט? קנעל טאַקע ווייטער און רעד זיך ניט איין א קינד אין בויך! יאַנקעוו איז ניט אייסעוו.

— ניין! — הערט זיך אַ קאָל פֿון אַ צווייטן רעדל — אין די היגע גובער־ניעס פֿאַר קיין געלט ניט! בעסער אַהין, אין יענעם ווינקל — אין יעקאַטערי־נאָסלאַוו, אין כערסאָן.

— יאָ, טאַקע אַהין, גאַנץ גוט. אָבער געלט, געלט, געלט? — לאָזט זיך הערן נאָך אַ קאָל.

— מע גיט געלט!... ס׳איז דאָ געלט!... ס׳וועט זײַן געלט!... שאַ, וואָס זאָגט רעב כאַים? רעב כאַים וואָס זאָגט?... לאָז מען מאַכן אַ אַסיפֿע! — אַ אַסיפֿע! — שרייען עטלעכע מיניאָנים העלוזער מיטאַמאָל.

אַף דער אַסיפֿע האָט זיך דערקלערט, אַז די מאַיסע דערפֿון איז אַזוי: פֿיל פֿון די טויזנטער אידן אין „ביעלאָרוסיע", אַרויסגעטריבן פֿון די דערפֿער, און פֿון אַזוי דאָרטיקע אידן, וואָס האָבן אין יאָר 1806 דערלאַנגט „פּראָשעניעס", אַז זיי ווילן באַאַרבעטן די ערד אין „ניי־רוסלאַנד", האָט די רעגירונג באַזעצט דאָרט אַף איר ערד, אונטערשטיצנדיק זיי מיט געלטמיטל. באַלד טאַקע אין יאָר 1810 איז אַרויס אַ „אוקאַז", אַזוי ווי עס האָט זיך אויסגעלאָזט געלט דע־רוף באַ דער רעגירונג, זאָל מען מער קיין אידן ניט שיקן אַהין אין די קאָ־לאָניעס. אין ניין יאָר אַרום האָט מען ווידער צוגעלאָזט אידן צו באַזעצן זיך דאָרט, נאָר אַף זייערע אייגענע מיטל דערצו. אין אַ פּיר יאָר אַרום האָט מען ווייטער קיין נייע קאָלאָניסטן אַהין נישט צוגעלאָזט. און לויט דעם געזעץ פֿון 1835 יאָר, און די ווייטערדיקע אין יאָר 1847, האָבן אידן געמעגט ווערן ערד־אַרבעטער, אַף קאַזיאָנע ערד, אין אַלע ערטער, וואו זיי מעגן וואוינען. באַזונדערס האָט די רעגירונג זיי אָנגעוויזן יעקאַטערינאָסלאַווער און כערסאָנער גובערניעס. מיטל אַף הויצאָעס און אונטערהאַלטן זיי האָט מען באַדאַרפֿט נעמען פֿון דער טאַקסע, באַם „קעסטל", הייסט עס, — ווי באַלד אַזוי, פֿון קאָהאָלס געלט, האָט זיך קאָהאָל פֿאַרטראַכט, און ס׳איז גע־בליבן — נאָכאַמאָל מאַכן אַ אַסיפֿע.

פֿון די אַסיפֿעס איז, ווי דער שטייגער איז, גאָרנישט אַרויסגעקומען. מע האָט באַדאַרפֿט געלט, און געלט איז נישטאָ! לוי־דאַי וואָס ניטאָ, איז נאָך אַף דער שטאָט דאָ כויוועס פֿון ניט־דערצאָלטע „פּאָדאַטן". מע מאָנט שטאַרק, מע שטעלט אַרײַן עקזעקוציעס. אַפֿן אוילעם רוקט זיך אָן אַ וואָלקן מאָרעשכוירע,

קליין און גרויס זייִנען פֿאַרומערט און מע פֿרעגט, ווען וועט נעמען אַ סאָף צו די צאָרעס? אידן אין בעסמעדרעש, אונטערן אויוון, רעדן דאָרט צווישן זיך פֿון מאָשיעכס צייטן. מע דערציילט פֿון א נייעם „קעץ", וואָס אַ געוויסער ראָוו, אַ גאָדל בעאיסראָעל, האָט געפֿונען אין אַ פּאָסוק. עס ווערט בעשאָס־מאַיסע עפּעס גרינגער אַפֿן האַרצן, און פֿון די אויגן שיינט אַרויס אַ האָפֿע־נונג — נישקאָשע, „אַל יאבד ישראל" — גאָט איז אַ גאָט און זייִנע אידעלעך וועלן ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן!

די „פּניי האָיר" פֿאַרקלייבן זיך אָפּט איינער צום אַנדערן, מעיאַשעוו זיך צו זיין וועגן קלאַל־זאַכן. מע שמועסט, מע טראַכט אַהין־אַהער, און אויסלאָזן לאָזט זיך עס אויס טאָמיד, גאַנץ געוויינטלעך, מיט אַ קרעכץ: אוי, „הושיעה את־עמך!" — העלף דיין פֿאָלק איסראָעל, גאָטעניו, עס שטייט שמאָל, טע־טע־טע, מיט דיינע אידעלעך!

ס'איז אַ ווינטער־אָוונט: אינדרויסן — אַ ברענענדיקער פֿראָסט, אַ שיינענ־דיקע לעוואָנע, העל־ליכטיק, כאָטש, ווי מע זאָגט, פּערל צו קלייבן. אַף דער גאַס שעמערירן טאַקע פּערל, נאָר ניטע! דאָס זייִנען אויסגעשאָטענע דאָ אין דעם זילבער־ווייסן שניי פֿון די פֿינקלדיקע שטערן. ס'איז שיין, ס'פֿאַרנעמט די אויגן, אַ פֿאַרגעניגן צו שפּאַצירן, נאָר ניט פֿאַר ק—ער אידן, נעבעך, אַזוינס געזאָגט געוואָרן. אַף דער גאַס איז שטיל. מע זעט דאָרט ניט קיין לעבעדיקן מענטשן! וואַרעם, ליכטיק איז באַ רעב כאַימען אין שטוב. אַפֿן „לוטשניק" ברענט אַ פֿריילעך פֿייערל, אין דער זייט, באַם וואַרעמען קאַפּל־אויוון, זיצט אַרום אַ טיש רעב כאַים מיט עטלעכע אָנגעזעענע מענטשן אין שטעטל און מע האַלט אין אַ טיפֿן שמועס וועגן וויכטיקע איניאָנים פֿון שטעטל.

עס עפֿנט זיך מיטאמאָל אוף די טיר, וואָס צו דער גאַס־צו, אַ קאַלטער שטראָם רייסט זיך אַריין פֿון דרויסן און ציט זיך אַ וויילע ווי א טונקל־העלער זייל פֿאַרע איבער דער שטוב. עס לאָזן זיך הערן שווערע טריט מיט אַ סקריפּ, און פֿונם זייל פֿאַרע ווייזט זיך אַרויס א געשטאַלט פֿון אַ מענטשן.

— אַ, ליפּע! — שרייען אויס אלע מיט איין קאָל — שאָלעם־אַלייכעם, ליפּע!

ליפּע איז פֿון באַלעבאַטישן שטאַנד, אַלט אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק. איז דורכגעטריבן קלוג, אַ ווערטל־זאָגער, אַ באַהאַרצטער, טאָמיד פֿריילעך, אַפֿילע נישט אין די גוטע אומשטענדן, ווי עס גיט זיך אַמאָל אויס אַ פֿריילעכער אָרע־מאַן, און איז באַליבט באַ איטלעכן אין שטעטל. אַז ס'איז אַרויס דער קלאנג וועגן אידישע קאָלאָניעס, האָט זיך ליפּע ניט אַריינגעלאָזט, ווי אַנדערע, אין טיפֿע כקירעס. ער איז ניט פֿויל געווען אַפֿן גאַנג און זיך געלאָזט באַלד טאַקע גיין אין דער אויעזדנער שטאָט, פֿון דאָרט אין דער גובערנסקער, צו דערגיין זיך וועגן דעם אַלצדינג ריכטיק און וואָס מע האָט צו טון.

ליפּע פֿאַרטיקט זיך אָפּ גיך מיט איטלעכן פֿונם „שאָלעם־אַלייכעם", מאַכט עס בעקיצער, צענעמט דאָס טולעפּל, טרייסלט אָפּ פֿונם בערדל פֿאַרפֿרוירענע שטיקלעך אייז, שטעלט זיך דערנאָך גאָענט צום לוטשניק, וואַרעמענדיק די הענט אַקעגן דעם פֿייערל. דער אוילעם באַטראַכט אים פֿריינטלעך, און פּלוצים שיסן אַלע אויס א געלעכטער, טייטנדיק מיט די פֿינגער אים אף די פֿיס:

— וואָס איז דאָס אַזוינס, ליפּע?

— לאַפּטיעס! — ענטפערט ליפּע גאַנץ קורץ, מאַכנדיק דערבײַ א ערנ־סטע מינע.

— צו פּורים איז נאָך ווייט, און דו, לעץ איינער, מאכסט שוין די שפּיל. פאַרשטעלסט זיך באַצייטן — זאָגן אַלע נישט אופהערנדיק צו לאַכן.

און בעעמעס איז טאַקע געווען פון וואָס צו לאכן. לאַפּטיעס, שיך אַזוינע, געפלאָכטענע פון א ווייכער קאָרע, מיט לאַנגע שנירלעך, וואָס דרייען זיך, ווי רעציעס, אַרום לייוונטענע שמאַטעס אַף די פיס ביז די קניעס — דאָס טראָגן אין ליטע פויערן, פון גראָבן אוילעם. א אידן, דעם גרעסטן אָרעמאַן אפילע, קומט גאָר אַפן געדאַנק ניט אָנטון לאַפּטיעס, פונקט ווי ניט עסן כאַזער, אָדער טראָגן שאַטנעז. ער וועט גיין בעסער מיט אויסגעטרעטענע פּיאַטעס, אָדער באָרוועס ווינטער אין דעם גרעסטן פראָסט, איידער איינוויקלען מיט „פאסטעלעס" די פיס און דערויף אָנטון לאַפּטיעס. א איד אין פאסטעלעס איז גאָר ניט געמאָלט, סיידן עפּשער פּורים. עפּעס אַ שלאַק אַ פּורים־שפּילער, אָדער אַ באַדכן, אַ לעץ אַמאָל אַף כאַסענעס.

— איך פאַרשטעל מיך גאָר ניט פאר אַ פויער, ווי איר זאָגט — מאַכט ליפּע מיט א קלוג שמייכעלע — איך בין עס היינט טאַקע בעעמעס. ביכדיי צו פאַר־שפּאָרן איטלעכן באַזונדער אין שטעטל עס צו וויסן געבן, מיט איטלעכן באַ־זונדער איינצוטאַינען, נעם איך און טו אָן לאַפּטיעס. נאַט, זעט, הייסט עס, ווייסט אליין וואָס איך בין און לאָזט מיך צורו.

— אַזוי, ליפּע! — רופן זיך אָן אַלע — דו ביסט אַ קאָלאָניסט? דערצייל־זשע אונז אַלצדינג אַקוראַט, לאָמיר וויסן.

ליפּע האָט קלאָר געמאַכט דאָ דעם אוילעם מיט דעם גאַנצן איניען פון די קאָלאָניעס און די אלע זאכן, וואָס ווערן געפּאָדערט דערצו, קורץ און שאַרף, אַף זיין שטייגער. ער האָט אויך דערציילט, וואָס מיט אים האָט זיך פּאַסירט, די מי, וואָס ער האָט געהאט, ביז ער האָט זיך צוגעשלאָגן צו א קאָמפּאניע מענטשן, וואָס מיט זיי איניינעם וועט ער זיך באזעצן אַף אַ קאָלאָניע אין כער־סאָנער גובערניע. אַף איטלעכס געזינד פון זעקס פאַרשריבענע נעפאַשעס רעכנט זיך צו געבן פערציק דעסיאַטינעס ערד.

— און די ערד באַאַרבעטן ווער וועט? — רופט זיך אָן איינער פונם אוילעם — דו מיינסט, ליפּע, אַז דו ביסט אריין אין לאַפּטיעס, ביסטו שוין אַ פויער און טויגסט צו דער אַרבעט! מע באַדאַרף דערצו אַ רעגילעס.

— זאָרגט זיך ניט! ראַשע האָט שוין באַוואָרנט — מאַכט ליפּע מיט א שמײַ־כעלע — אין די אידישע קאָלאָניעס פירט איין די רעגירונג „שולצן" (סטאַראָ־סטעס) פון דייטשן, פון וועלכע מע וועט זיך לערנען די אַרבעט.

— יאָ, רעכט, אַלץ רעכט — רופט זיך אָן נאָך איינער — אָבער געלט, אַף דער ערשטער צייט געלט? פון דער טאַקסע? 170 רובל אַף אַ קאָלאָניסט, ווי מע זאָגט, פון דער טאַקסע? שווערלעך! קאָהאָל איז אָרעם, און די היצטאַר־כעס זיינען גרויס. מע באַדאַרף אף דאָס, אף יענץ, אף יענץ, אף דאָס, און...

— שא, באַרואיקט זיך! — שלאָגט ליפּע איבער יענעם די רייד — אַ ביסל געלט האָב איך פון פריער, אביסל האָב איך דאָרט געכאַפּט פון שאדכאָנעס. אין איין וועג טאַקע האָב איך אויסגעפירט אַ שידעך. היינט רעכן איך, פון מיין באַלעבאַטישקייט, וואָס איך וועל דאָ פאַרקויפן, וועט מיר עפּעס אויך אַריינפאַלן. עפשער וועט מיר פעלן אַ קליינינקייט, פאַרהאָף איך, מע וועט מיר דאָ באַהילפיק זיין. וואָס זאָגט איר, רעב כאַים?

— איך זאָג, דו ביסט אַ מענטש, ליפּע! האלעוואי ווי דו, מיט ליבשאפט צו ערד־ארבעט, מיט מוט, מיט אייגענע קרעפטן, אסאך אזעלכע בא אונז אידן!

סאָרע דערלאנגט צום טיש קיבעד — גריוון מיט אייערבייגל, צו וועלכע מע באדארף זיך נישט וואשן, און לאָזט בעטן זייער שיין דעם אוילעם בראָכע מאכן.

— אַז גאָט וועט געבן — ווענדעט זיך ליפּע צו סאָרען — וועל איך אייך, סאָרע, שיקן פון דער קאָלאָניע א מאטאָנע גוטע גענזעלעך. דאָרט איז, ווי מע זינגט היינט אומעטום אין דעם לידל:

פון אלעם גוטן, ברויט נישט טייער,
א פיי'ם א ציג, א הון א דרייער.

# II. פּייזאַזשן פון אידישע שטעט און שטעטלעך.

## 1. א שטעטל, וואָס פירט אן אינעווייניקסטן האַנדל אַליין מיט זיך.

(קאפוליע, רייסין)

דאָס שטעטל ק..., ווי איטלעכן איז באַקאַנט, ליגט העט אין א אָפּגעלעגענעם ווינקל. ווייט פונם טראַקט, מע זעט ניט קיין פּאָטשט, מע הערט נישט קיין גלעקל, סיידן אַמאָל גלינג־גלאַנג פונם אַסעסאָרס אָנפּאָרנדיקע ברישקע מיט א גלאָק. בּיכלאַל איז עס נישט קיין נאַריש שטעטל, א שטילס, א רואיקס, אַ „געזועצטס״—זיצט „על התורה ועל העבודה״! על התורה—אין קלויז, אין בעס־מעדרעש, פארבריינגענדיק דאָרט די צייט גאַנץ געמיטלעך אין לערנען, אין שמועסן, פיל בעסער עפּשער ווי אַנדערע אין די קלובן, לעהאַוודל. ועל העבודה מיינט מען שיינקלעך, קרעמלעך, קלייטלעך—געשעפט, הייסט עס. נישט פליען, קערן וועלטן, הו־האַ, טראַסקען מיט דער בייטש אין די ווייטע מעקוימעס: מאָסקווע, לייפּציג, קראָקע, לעמבערג, כאָלילע! נאָר שיינקלעך, קלייטלעך פאר אייגענע, פאר באַלעבאַטים שטעטלדיקע, אָדער פאר באַלעגופן, פויערים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס קומען געוויינטלעך זונטיק צו פאָרן אף אָקסן אין שטעטל מיט זעקלעך קאַרטאָפל, בוריקעס, היפּטלעך קרויט, אויך מיט א געפּענטעטן האָן, שוין אַ אויסגערויכערטער, אַלטער טערעך. האַרבסט־צייט, ארום כאַנוקע, אַשטייגער, ברייגען זיי אַריינצופירן געגנז, שעפּסענע פעלכעלעך, אויסגעאַרבעטע שמייסלעך אוכעדוימע. טוען א טרונק בראָנפן אין די שיינקען, מאַכן איינמאָל א קויסע, עטלעכע מאָל א קויסע, פארבייסן מיט אַלטגעבאַקענע בייגל און לאָזן זיך אופגערוימט, אביסל פאַרקויסעט, צווישן די קראָמען, איינצוקויפן דאָרט, — דער זאַלץ, יענער סמאָלע, שוועבעלעך, טיטון־מאַכאָרקע; איינער—א רויטע פאַטשיילכן מיט גרויסע קווייטן פאר זיין ווייבראָ, און דער אַנדערער—אַ פּאָמסענע סטיינגע, איינצופלעכטן אין צאָפּ, פאר זיין טאָכטערלאָ. קורץ און גוט — אַ שטעטל, הייסט עס, וואָס פירט א אינעווייניקסטן האַנדל אַליין מיט זיך, צווישן זיך, שטיל, פאַמעלעכן, גלאַט אזוי זיך, אז קיין האָן זאָל נישט קרייען!... אויסגענומען נאָר, עס פאַרשטייט זיך, די עטלעכע זומערדיקע יאַרידלעך, וואָס דער האַנדל אין זיי איז שוין אַביסל ברייטלעך ראַשעדיקער. דענסטמאָל טוען זיך א ווייז עפּעס נייע מינע פּענימער, יאָלדן קליינשטעטלדיקע, אין דער זייט קאָפּ און א הינטן פארוקטע היטלען, קאַרטוזן, קאַטערוכעס פון מעשונגע ווילדע פאַסאָנען. עס לאָזן זיך זען הענט, טאַפּנדיקע

דאָס־יענץ אין די פּורלעך, אויגעלעך קלוגעטשקע און נעזער פאַרדרייענדיקע,
דאָס־יענץ קלאָמערשט צונישט־מאַכנדיקע; אויך טשאָפּרינעס, קוטשמעס. נייע
סקריפּנדיקע לאַפּטעס, שמעקנדיקע, געדיכט־אָנגעשמירטע טשאָבאָטעס פון דאָרפס־
פויערים מיט ווייבערעס מעכוראָסן, מיט שנירלעך פּאַטשערקעס באַהאָנגענע, נאַ־
קעטע העלזער אין גראָב־לייוונטע, אויסגענייטע העמדער, זיצנדיק דאָס ראָוו,
נישט צו רירן זיך פונם אָרט, צווישן קרענצלעך ציבעלעס, קערבלעך אייער און
אַ יונג־געבוירן, אף אלע פיר געבונדן, נאָך דער ברוסט לעכצנד, שטאַרק פאַר־
שמאַכט קעלבל, אין א פול־געפּאַקטן וואָגן, צו וועלכן עס שטייט צוגעבונדן
פאַר די הערנער א פעריסטע קו, די געווינערן, נעבעך, וואָס איז ארויסגעפירט
צום פאַרקויפן: זי — אף צו מעלקן זיך ערגעץ, און דאָס קינד אירס — אף דער
שכיטע, נעבעך. פון אונטערן באַרג טוען ראַפּטאָם א לויף, א יאָג ארוף, פאַר־
רייסנדיק די ווײַדלען, בריקענדיק מיט די הינטערשטע פיס און אונטערהייבנ־
דיק דעם הינטן, א „טאַבון” פערד מיט א געשריי, אַ געפּילדער, א קנאַלן מיט
בייטשן פון שקאָצים, שמייסערס בא די זייטן, און שטעלן זיך אויס אפן פערד־
מאַרק. עס טוט זיך, עס ווימלט אַרום זיי. ליוועראַנטן, מעווינים אַזוינע, קוקן
די פערד אין די ציין, שאַצן, דינגען זיך, האַמפּערן זיך, פּאַטשנדיק דעם־יענעם
פערד איבערן רוקן, א פּאָר געבנדיק מיט דער האַנט אים איבערן הינטן. דאָרט
דרייט זיך אַרום, שטאַרק פאַרפלאַמט, פאַרטראָגן גרישקאָ דער ציגיינער מיט
זיין פערד, א הויכגעוויקסיקס מיט א פעט־קיילעכדיק בייכל, א ברוינגלאַנצנדיקע
פעל און פייער־ברענענדיקע אויגן. לייזער־בער, דער שטאָט וואָסערפירער,
דערזעענדיק די סכוירע, ווערט פאַרצאַפּלט, באַקומט שיר נישט די ניכפּע. אַי —
לאַכט ער — אַי א פערד, א פערד! אוי, קאַבצן, קאַבצן! זאָל זיך דיר, לייזער־
בער קאַבצן, נישט גלוסטן, אַזוינס איז נישט פאַר דיין קעשענע. נאָר, האַ, ווי
זאָגט עפּעס די געמאָרע דאָרט, פּרואוון מעג מען זיך, ניין — ניין, און עפּשער
טאַקע יאָ?... היי, גרישקאָ! זאָג נאָר, ברודער! מאַ יאָקאָר? א וואָרט אַהין, א
וואָרט אַהער, דער שפּיץ איז — אַ גוט מענטשל, גרישקאָ דער ציגיינער! ער
זעצט זיך אוף רייטנדיק, פאָרט זיך דורך פאַר אים פלינק הין־און־צוריק. דאָס
פערד לויפט, דריגעט מיט די פיס, שטעלט זיך דיבאָם, טאַקע נאָר אַ מעכאַבל.
מע דינגט זיך, מע בעט זיך איינער צום אַנדערן טאַכנונים, מע שווערט זיך
מיט טויטע קלאָלעס, מע פּאַטשט זיך אין די הענט, מע שטעקט איינער דעם
אַנדערן קימאַט אונטער דער נאָז מיט א עק־פּאָלע — נאַ, ארוף נאָך א קערבל!
זאָל זיין צו א גלייכן כעשבן נאָך א קערבל! אַי, א אַקשן! אַן עק — א סאָף, נו,
צוגעשלאָגן, אָפּגעמאַכט זאָל זיין מיט מאַזל! באַשפּריצט מיט בראָנפן, לייזער־
בער נעמט די מעציע און גייט אהיים מאָלע־סימכע.

די זומערדיקע זון דערווייל באַקט, רופט אַרויס אף די פאַרהיצטע פּענימער
דעם גוטן שווייס, מע נעמט זיך צום טרונק. קיין טראָפּן וואַסער אין די אויס־
געזיגטע פעסלעך! עס טומלט, טאַראַראַמט זיך אומעטום, דאָ א צוגויפלויפעניש
ווי אף א בייז־וואונדער. אף א דעכל פון א באַלאַגאַן מיט ארויסגעשטעלטע מע־
שונע־ווילדע געשטאַלטן פון א מענטשנפרעסער, שרעקלעכע באַפליגלטע כאַיעס,
מאַכשייפעס, שוואַרציאָרן שטייט א קאָמעדיאַנט אין ברייטע טאַכטוינים מיט

פליטערלעך פון אַלערליי קאָלירן. ער טרובעט, רופט צו זיך אינעווייניק, זען
די שפיל—מאַריאָנעטקעס־שפיל. ער קוליעט, קויקלט זיך, זאָגט ווערטלעך פאר
א געזעמל שקאָצים, שיקסעס, קינד־און־קייט, וואָס גאַפן, שטופן זיך און האַלטן
זיך בא די זייטן לאַכנדיק. דאָרט, באַ יענעם עק מאַרק, הערט זיך א געשריי,
א געשלעג—מע שלאָגט, מע פאַטשט א ציגיינער! הערט א מאַיסע: לייזער־בער
קוקט זיך אין א פּאָר שאָ ארום צום פערד און הויבט עס נישט אָן צו דער־
קענען. וואו פערד, וואָס פערד, עפּעס גאָר א רוך—א רוך אין דעם מאַמזער,
אין דעם ציגיינער אַריין!... וואו בייכל, ווען בייכל, ס'איז אַ אַלטס, א דאַרס,
הויט און ביין. אָט וואָס א ציגיינער קען! ער האָט דאָס פערד אונטערן פעל
אָנגעבלאָזן, ווי מע בלאָזט־אָן א פּענכער, אויך צוגעפיילט אים די ציין און איינ־
געגעבן אים אזאַ מין קרייטעכץ אַזעלכס—טשעמעריצע אין בראָנפן, האָט עס זיך
דערהיצט, באקומען א געשטאַלט, געהויבן פיס—א שפּירט, א ברען!... און גאָר
אין דער מיט מאַרק זאַמלען זיך צונויף א רעדל מענטשן אַרום א פריש־אָנגעקו־
מענעם פאַרשוין מיט א קאַטערינקע, בא זיך א גאַנצער יעש, א מוזיקער, גיט
קאָנצערט! ער דרייט־דרייט די קאַטערינקע, און עס קאַטערינעט זיך, טראָגן זיך
העט־ווייט לידער. אַ מאַלפּעלע אין א קליידל טאַנצט אַף הינטערשטע פיסלעך.
אַ קליין מיידעלע אין הייזלעך שפּרינגט, מאַכט מיט דער רייף, און א שטום
אינגל, א בלייכס, ברעכט זיך, גייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרוף. דער
אוילעם צאַפּלט, שטאַרבט פאַר גרויס וואונדער—אוי, געוואַלד, אַזעלכע קונצן!
מע האָט אזוינס נאָך נישט געזען, אַזוינס נישט געהערט!

די צייט דערווייל שטייט נישט, גייט. אַ שאָ נאָך א שאָ—ביז עס הויבן
ביסלעכווייס אָן זיך צעשפּרייטן די פאַרנאַכטיקע שאָטנס. דער מאַרק זאָגט שירע!
ערגעץ אין א וואָגן, פון א זאַק אַרויס, גרילצט א געבונדענער כאַזער. ער איז
הונגעריק, מיד צו ליגן אגאַנצן טאָג אָן עסן. אים ענטפערט אָפּ פונדערווייטנס
אַ קו, וואָס איר האָט זיך אויך צוגעגעסן שטיין אַזוי לאַנג צוגעבונדן פאַר די
הערנער. הענער געפּענטעטע וואַרפן זיך אין די וואָגנס, קרייען שטאַרק אין
קאָס—אַזאַ צייט אָפּגעוועזן צעשיידט פון זייערע ווייבער! און זיי אַלע האַלט־
אונטער אַ קאָר פון אויסגעשטרעקט־ליגנדיקע קעלבלעך מיט א מעקען אף דינע,
גראָבלעכע און גראָבע קוילעס, לויט דעם עלטער פון יעדן קעלבל באזונדער.
די זון פאַרגייט אין איר רו אַריין, און דער אוילעם הויבט זיך אָן צעפאָרן —
אויס יאַריד!... אפן מאַרק דרייען זיך ארום הינט, נישטערן, זוכן וואָס עס איז
אין מויל אריין. שטעטלריקע קי, פּרעסערנס, טאָמיד הונגעריקע, כאַפּן, שפּאַ־
צירנדיק דאָרט, שיראַים: א הויפן שטרוי, א לעק היי. און באָכורימלעך מיט
שטעקלעך, אַרויסגעשיקטע פון דער היים בעקיוון צו זוכן מעציעס, שאַרן אין
מיסט, טאָמער האָט עמעצער עפּעס פאַרלוירן, וועלן זיי עס אופהויבן. אף די
פּריפּעטשיקעס אין די הייזער ברענט א פייערל. עס קאָכט זיך וועטשערע.
מאַנסבלען אין די שולן דאַוונען מינכע. עס פאַלט־צו די נאַכט—שאַ, רואיק,
שטיל!

צו א טרוקן שטיקל אָרט ערגעץ אין די סטעפּעס ביסטו געגליכן, שטעטל
ק...! אַגאַנץ יאָר איז עס וויסט, עלנט, טויט, קומט די רעגנסצייט ווערט עס

באַלעבאַט. עס שטייט דאָרט א קאַליזשע. עס פאַרקלייבן זיך אהין און קוואַ־
קען זשאַבעס! טריקנט די קאַליזשע אויס—איז שטיל, טויט, ווי פריער!.. ————
מיילע, קיין שטענדיקע בוידן, יאַזדעס, הייסט עס, ווי ערגעץ־וואו, אין
כמעלניק, אשטייגער, איז אין ק..., ווי געזאָגט, נישט געווען בענימצע. א שטעטל
אַ אָפּגעלעגנס, די מענטשן קימאַט אלע היימזיצערס. צו דער פּאַרנאָסע האָט
מען קיין סאַך נישט באַדאַרפט. א קרופּניק, א רעטעכל, א ציבעלע גאַנץ געטוג·
איינמאָל נאָר געדיינקט דאָס שטעטל א יאַזדע מיט פיר פערד, אָדלער, לייבן,
ווי בא לייטן—דאָס איז געווען מוישע־לאָזערס יאַזדע. ער אַליין—אזוי דער־
ציילן זקיינים, אַלטגעזעסענע—איז א צייט לאַנג אַוועקגעווען א מעדרעש־זאָגער,
א שטיקל מאַגיד אין דעם שנײדערשן שולכן, איז אים, מוישע־לאָזערן, דער־
נאָך געפעלן פון א באַלדארשער בעסער א באַלעגאָלע צו ווערן. ער האָט אָבער
גאָרנישט געמאַכט. ווי פריער טאַקע א קאַבצן געבליבן, און די פערד זיינע זע־
נען געפייגערט פון הונגער.

אָט אזוי דערציילן אַלטגעזעסענע. אין א צייט שפּעטער אָבער האָט דאָס
שטעטל אין א נויטפאַל זיך באַדינט אָט מיט דעם, אַמאָל מיט יענעם, ווי ס'איז
אויסגעקומען. איינער פון די צוויי, מענדל מאלכיאָן, פלעגט זיין א שאַליעך,
גיין וואוהין מע האָט אים געשיקט מיילנווײס צופוס. היץ, קעלט, בלאָטעס,
שנייען—ער איז געגאַנגען, נישט געהערט קיין ווערט. קאַלע־מאַטאָנעס ווער
האָט אָפּגעטראָגן ווייט ערגעץ אין דער פּרעמד? ער! דעם כאָסן צוריק א
שטריימל פונם מעכוטן ווער האָט געבראַכט? מענדל! א בעהיימע, א יאַלעווקע
אף בראַיע צום פּאָריץ אין ברויז ווער האָט אָפּגעפירט? מאַלכיאָן! אינגאַנצן איז
מענדל מאַלכיאָן געווען א דאַר־אויסגעדיייוערט אידל, געהאַט א טויט־בלאַסע
הויט אָן א שום קאָליר, בלאַסע האָר און רויטע אויגן—א כידעש ניפלע, וואָס
טרעפט זיך אמאָל בא אַנדערע באַשעפענישן, און הייסן הייסט עס בא די גע־
לערנטע מיט דעם נאָמען אַלבינאָס, קאַרקעלאַק (Albinos, Karkelak). דער צווײ־
טער, א באַפּערדלטער, א איד, הייסט עס, מיט א פערד און וועגעלע, איז גע־
ווען מיכל כאַנע־דאָבעס, מיט א פליכעוואַטן קאָפּ און א לייטישע געלע ברייטע
באָרד. מיט אים פלעגן זיך באַנוצן אין געווויסע צייטן, אונטער אונזערע, אָדער
„זייערע" יאָנטויווים. אשטײגער, די קרעמער שיקן אים אין דער גרויסער
שטאָט איינקויפן דאָרט פאר איטלעכן אביסל סכוירע, מינע צעלניק, בסאָמים:
לאָקריצע, קובעבע, קאַנדלצוקער אוכרוימע, לויט דעם צעטל, וואָס מע האָט
אים מיטגעגעבן. כאַנוקע־צייט פלעג דער שטאָט־שויכעט און כאַזן מיט דעם
שאַמעס אַרומפאָרן מיט אים איבער די אַרומעדיקע אישאוווניקעס און צונויפנע־
מען בא זיי זעקלעך קאַרטאָפל, מערן און שאָר־יעראָקעס, וואָס האָט געהייסן
כאַנוקע־געלט. מיט אים פלעג זיך אָפט באַדינען אויך רעב כאַיעם אָלעוו־
האַשאָלעם אף אָפּצושיקן דורך אים אהין „וואר־געהעריק" די ראַטע פאר
דער פליישׂ־טאַקסע און אמאָל אויך נויטיקע פּאַפּירן—פּראָשעניעס, בריוו, אז מע
האָט באַדארפט. מיט דער פּאָטשט האָט מען עס נישט געקענט, ווייל פון איר
איז דאָרט אין שטעטל קיין זייכער נישט געווען. בריוולעך האָבן שטאָטלייט
געווינטלעך ערגעץ נישט געשיקט און אויך פון ערגעץ נישט דערהאַלטן.

אַמעריקע איז אין יענער צייט געווען, ווי דער גענעם און גאַניידן, אַן אַגאַדעטע, אַ מעדרעש־פּליע. מע האָט זיך אַלץ געכאַקרענט, געוואָלט דערגיין מיטן סייכל, ווי אַזוי מענטשן גייען דאָרט אַף יענער זייט ערד, פאַרקערט פון אונז, און פאַלן נישט אַראָפּ!!

## 2. אַ שטוב פון אַ שײנעם באַלעבאָס.

צווישן דעם רינג הייזער אַפן מאַרק, דער שענסטער פּלאַץ אין דעם שטעטל ק..., שטייט אַ הילצערנע שטוב מיט אַ גאַניקל, קימאַט אין פּאַסאָן, איין געשטאַלט מיט די אַלע אַנדערע הייזער דאָרט. נישט מער, וואָס זי איז אָפּגעטינקעוועט, ווייס אָפּגעשמירט פאָרנט אַף דער גאַס אַרויס. דאָס קליינשטעטלדיקע, אַלטפּעטערישע לעבן איבערהויפּט און דאָס געבײ פון די הייזער איז, קען מען זאָגן, ווי דאָס לעבן און דאָס בויען נעסטן באַ פייגל, פּראָסט, איין שטייגער, איין שניט פאַר אַלע גלייך.

באַם עפענען די טיר קומט מען גלייך פון דער גאַס אַריין, אַזוי ווי מע שטייט און גייט, אין אַ כיידער, אַ גרויס, אַ לאַנגס, דער איקער דירע, וואָס הייסט אייגנטלעך שטוב. אין דער הינטערשטער וואַנט פון שטוב, אינעווייניק אַקעגן דעם אַריינגאַנג, פירט אַ טיר אין אַ פינצטער הויז, אָן פענצטער, אָן אַ באַלקן—אַן אָרט פאַר האָלץ אוכעדוימע נויטיקע זאַכן אין דעם באַלעבאַטישקייט, און אַמאָל איז עס אויך אַ שטאַל פאַר דער בעהיימע, בעשאַס די גרויסע פרעסט ווינטער אָדער ווען זי איז קעלביק, אַשטייגער, און קען, נעבעך, נישט נעכטיקן, ווי געוויינטלעך, אין דרויסן. באַ דער זייט פון דערדאָזיקער הינטערטיר לינקס שטייט אַ גרויסער אויוון, אַף צו קאָכן און באַקן, און אונטער דעם פריפּעטשיק איז דאָ אַן אָרט (אַ קאַטוך) פאַר אויפעס, וואָס לייגן דאָרט אייער און קוואָקען, וואָס נעכטיקן דאָרט באַנאַכט, קריכן גאַנצפרי פון דאָרט אַרויס און שפּאַצירן זיך פריי אין שטוב אַרום, פּול אין איטלעכס ווינקעלע, אַף טיש און אַף בײנק. האַרט נעבן דעם אויוון שטייט אַ רובע פון גרינע קאַפּלעס, אַ הויכע, אַ לאַנגע מיט צוויי בײנק: די פליישיקע און די מילכיקע באַנק. אָט דידאָזיקע ביידע אויוונס און אַ ווענטל מיט טירלעך נאָך זיי, וואָס ציען זיך איבער דער גאַנצער לײנג שטוב, צעטיילן זי אין צוויי העלפטן, איין העלפט איז די הויפּט־דירע, וועלכע איז דאָ באַשריבן, און די אַנדערע באַשטייט פון אַלקערלעך פאַר זיך און פאַר שכיינים. אַקעגן דער רובע הייגט פונעם סופיט אַראָפּ אַ ליימען קוימענדל עפּעס ווי אַ מין גלאָק מיט צוויי דראָטענע קייטעלעך, איינס אַקעגן דאָס אַנדערע. אונטן באַם ראַנד, צו וועלכן עס ווערט צוגעקייטלט עפּעס אַ מין אײַזערנע סקאָוואָראָדע (אַ לוטשניק), אַף וועלכער עס ווערט צעלייגט אַ פייערל פון דאַרע שפּענדלעך צו באַלייכטן אַלע אָוונט די שטוב, כוץ פרייטיק־צו־נאַכט, וואָס דענסטמאָל ווערט עס באַלויכטן פון כיילעוודיקע בענטשליכט אין מעשענע לייכטער אַפן טיש און אין דעם זעקס־רערנדיקן קופּערנעם הײנג־לייכטער אויבן מיט אַן אָדלער. דערדאָזיקער „לוטשניק" גיט, ווי די זון, ליכט, וואַרעמקייט דעם גאַנצן הויזגעזינד און

טראָגט אריין פרייליכקייט, לעבן אין שטוב. ארום אים פאַרבריינגט מען די גאַנצע ווינטער־נעכט אין געזעלשאפט מיט עפּעס אַן אַרבעט, אָדער גלאַט אַזוי זיך אַ געשפּרעך. ווייבער, היימישע און אַמאָל אויך איינע אָדער אַ פּאָר נאָ־ענטע שכיינים אין דער מיט, זיצן זיך אף דער פליישיקער, אף דער מילכיקער באַנק, פליקן פעדערן און בארעדן די וועלט. שאַבעס־צו־נאַכט ווערט צוגע־רוקט אַ טיש, מע לייענט פאָר פון „ספר הישר", פון „גדולת יוסף" — און מע עסט געקאָכטע קאַרטאָפלעס. כאַנוקע שפּילן די קינדער אין דריידל, די עלטערע אין קאָרטן — און מע עסט לאַטקעס. און גלאַט אַזוי אַ נאַכט, ווען מע פרעגלט שמאַלץ, זיצט מען אופגערוימט, דערציילנדיק מאַיסעס — און מע עסט גריוון.

אויך לאָזן די קינדס קינדער וויסן, אז אַף מעבל האָבן די זיידעס זיך שטאַרק נישט אויסגעבראַכט. אַ זיידנס שטוב איז אויסגעשטעלט געוויינטלעך אַזוי: לאַנגע הילצערנע ביינק באַ די ווענט, אויבנאָן אַ לאַנגער פירפיסיקער, רויטגעפאַרבטער טיש, שוואַרצע און ווייסע קעסטלעך, איינס איבער דאָס אַנדערע געהיפּערט, אין דער מיט טיש אף צו שפּילן אין דאַמקעס. דאָרט אין אַ ווינקל, פון דער העלפט וואַנט ביז צו דער סטעליע, שטייט פעסט איינ־געפאַסט אַ ווינקל־שאַפקעלע מיט געגלייזטע טירלעך, פון וועלכע עס קוקן אַרויס אַ בעכער מיט קידעש־גלעזלעך, אַ האָדעסל פון דראָט־אַרבעט, אַ כאַנוקע־לעמפל, אַ פושקעלע פאַר דעם עסרעג סוקעס, אַ מויערקעפל אף כידושים, אַ טאַץ מיט שעלכלעך אף איינגעמאַכטס, טעמבעקאָווע און וואַרשעווער זיל־בערנע לעפל. גאַנץ הויך אף דער וואַנט הייגגט אַ שפּיגל, אין וועלכן ס'איז נישט מעגלעך זיך אָנצוקוקן ביז מע שטעלט זיך נישט אף אַביינקל, און נאָך אַלע מי זעט מען אין אים אויס גרין און געל מיט געשוואָלענע באַקן פון ציינווייטיק. ס'איז זיך גלאַט אַזוי אַ שפּיגל פון שיינקייט וועגן, נישט כאַלילע צו שפּיגלען זיך. פע!... דערפאַר אַז מען איז שוין אַרוף אפן ביינקל, זעט מען כאָטש דאָס געמעל אף די פּאָרטרעטלעך, וואָס הייגגען אים באַ די זייטן: עפּעס אַ איד אַ גאָען אין טאַלעס און טפילן, אַ מין יענעראַל אף אַ פערד, האַלב צעביסן פון פליגן, אויך אַ „מיזרעך" מיט צאַצקעלעך און מעשונע־ווילדע כאַיעס, וואָס זענען נאָך לעסאַטע אין אונזערע לענדער נישטאָ.

אויך לאָזן קינדס קינדער וויסן, אַז אַ זיידנס שטוב אין דעם שטעטל ק... איז מעסוגל צו אַלע מינים באַדערפניש אין דעם מענטשנס לעבן. אַ כוץ וואָס זי דינט פאַר אַ קיך, פאַר אַן עסצימער, אויך פאַר אַ שלאָפצימער, וואו מע שלאָפט אף צונויפגערוקטע ביינק באַ די ווענט און באַ די אויוונס, איז נאָך אין איר געוויינטלעך דאָ אַ ש ײ נ ק ל אויך. אַ גאַנצע וואָך, פאַר דעם ביסל ש ט אָ ט־ג אָ ־ י ם, דאַלפאָנים, איז דאָ נאָר בראַנפן און בייגל: בעשאַס די יאַרידים אָבער און די מאַרק־טעג איז שוין אויסגעשטעלט פון פויגל־מילך: געקאָכטע אייער, שטיקלעך לעבער, הערינג און פיש מיט דרילעס אויך. ווינטער בעשאַס די קאָליאַדעס זייערע פאַרקלייבן זיך אַהער אַלע אָוונט אויסגעפוצטע שיקסעס מיט באָכורים־שקאָצים אַ פולע שטוב, אַזוי איז שוין פון אייביק אָן געשטעלט. זיי זיצן, קנאַקן ניס, בלאָזן זיך, לאַכן, פלוידערן, זינגען, שטיפן און פאַרזיצן זיך שפּעט, ביז מע שפּריצט זיי אָפּ מיט וואַסער

און מע שטופּט זיי אַרויס — אַזוי איז אויך שוין פון אייביק אָן געשטעלט. און ווען די שטוב טויג פאַר אַ טעאַטער, אַ פּשיטע שוין טויג זי פאַר אַ קאַזאַרמע. קיין בעסער אָרט אַף צו מושטירן סאָלדאַטן ווי אין דעם זיידנס שטוב ווינטער אין די אָוונטן איז גאָר נישטאָ. ס׳איז וואַרעם, ס׳איז ליכטיק, מע זעט ווי צו געבן — אַ פּאַטש...

אָט אַזאַ מין שטוב איז אויך יענע אָפּגעטינקעוועטע צווישן דעם רינג היי־זער, וואָס האָט אָנגעהערט צו רעב כאימען — אַ שיינער געהויבענער באַלעבאָס, אַ פאַרנעם אין דעם שטעטל.

## 3. פון קאַבצאַנסק קיין גלופּסק.

די מאַמע איז געווען אָנגעטאָן אין אירע וועג־קליידער, עפּעס מינע שמאַ־טעס אַזעלכע פון כמעלניצקיס צייטן, אין וועלכע זי איז אויסגעקומען גרע־בער, דיקער ווי שטענדיק, און אַ מין טיכל אָנגערוקט אַפּן שטערן ביז איבער די אויגן. נאָר הערשעלע אַליין האָט פאַרשפּאָרט זיך איבערצוטאָן: מער ווי דאָס איינע קאַפּאָטקעלע אַפּן לייב האָט ער נישט געהאַט. די מאַמע האָט אים אַפילע געהייסן איבערקערן דאָס קאַפּאָטקעלע אַף דער לינקער זייט, הערשעלע אָבער האָט איר באַוויזן באַשיינפּערלעך, אַז דער אונטערשלאַק איז מיעס פאַר־שמירט, אויך צעהאַקט, צעפּאַלן, און טאַקע געבליבן באַ דאָס זייניקע — פאַרן גאַנץ פּראָסט ווי־ער גייט. דערפאַר האָט ער שוין געמוזט צוליב טאָן, נעמען אַפּן קאָפּ דעם טאַטנס אַ אַלט היטל, עפּעס אַ מין קאַטערוכע, וועלכע מע האָט שוין לאַנג געמעגט מיט דעם כאָמעץ פאַרברענען, און אַרומגאַרטלען זיך מיט אַ קרייקע.

אָט אַזוי אָנגעטאָן ווי געהעריק, האָבן אונזערע פאַרשוינען, נאָכדעם ווי זיי האָבן אין איילעניש עפּעס איבערגעכאַפּט, זיך געזעגנט מיט די קינדער, גע־כאַפּט די קלימקעס, יאָגנדיק אין איין אָטעם, פאַרשוויצט, פאַרסאָפּעט, פאַרדולט ווי אַף אַ בייזער מעהומע, אַזוי ווי דער שטייגער איז פון אידן באַם פאָרן.

אַף אַ לאַנגן וואָגן אין דער הייך איז געשטאַנען אַ שטייג מיט אויפעס און אַ קאָרב מיט אייער אין פּאָלאָווע, וועלכע די מאַמע האָט אַוועקגעשטעלט דאָרט באַצייטנס נאָך אינדערפרי.

דער וואָגן איז אָנגעזעצט געווען איינג מיט פאַרשוינען, קימאַט אַ פערטל קאַבצאַנסק. דאָרט האָבן זיך געפינען מיידלעך, ווייבלעך, וואָס זענען געפאָרן זיך שטעלן פאַר דינסטן און אַמען, אויך אַלערליי סאָרטן אידן: שיינע אידן, קאָשערע אידן, מיטן פולן מויל אידן, ברענענדיקע אידן, צעבראָכענע אידן, גילדענע־אָדער־אידן, גלאַט אידן, אַזוי־זיך אידן און אויך־מיר אידן. ס׳איז גע־ווען אַ פאַרמישעניש, אַ פאַרפּלאָנטערניש, אַ פאַרבייטעניש מיט די פיס און אַ צונויפשטיקעניש נאָר אומצוקומען.

הערשעלע מיט די פאַרשוינען וואָס אין דער מיט האָבן געשוויצט, טאַקע מע־שונע געשוויצט. די שיינע אידן האָבן, נעבעך, געשוויצט ווי אַ ביבער, די

פענימלעך זייערע זענען געווען אויסגעפּריעט ווי אַ צימעס, און אויב מע האָט זיך נישט פאַרקילט, איז נאָר דעריבער, ווייל דער וואָגן איז געווען באַלאַגערט פון די אופגעכאַפּטע פאַרשווינדלעך, וואָס זענען אַף מישקוילעס געשטאַנען, געזעסן מיט קונצן פון הינטן, באַ די זייטן, אויך אַף דער קעלניע, נישט צוצולאָזן אַף די, וואָס אין וואָגן, קיין פּיצל לופטעלע. נאָר אין אָנהויב איז איטלעכער געזעסן באַרויגעז, עפּעס אָנגעדרודלט, אונטערגעוואָרטשעט אַף דעם באַלעגאָלע, און באַם כאַפּן אַ קלאַפּ אין די קריזשעס, אַ קוועטש אין דער מאָזאָליע פונם פינגער האָט מען, שטאַרק פאַרקרומענדיק זיך, פאַרביסן מיט די ליפּן, מיילע, נו־נו. נאָר דערנאָך איז מען געוואָרן שוין אַביסל היימישער, דערעכערעך אין דער זייט, איינער דעם אַנדערן בעט מעכילע: רוקט זיך אַביסל! פון יענעמס א זעץ טוט מען א געשריי. אידן זענען נישט צופרידן און קריגן זיך. די מאַמע האָט אַלץ געפּילדערט אַף א צעבראָכענעם אידן, ער זאָל נישט צעברעכן איר די אייער. דער טאַטע האָט געהאַלטן פאַרמאַכט דאָס מויל, איינגעוויקלט דעם האַלז מיט אַ שטיקל פּיי, נישט צו פאַרלירן, כאָלילע, דאָס קאָל. די פערד הויבן־אָן זיך אונטערפּוילן, שלעפּן זיך פּאַמעלעך, מאַכנדיק מיט די אויסגעקראָכענע ווידלען, און די פאַרשווינגען מאַכן זיך האַרץ, הויבן צווישן זיך אָן אַ שמועס.

דער אָרל, עפּעס א אָרעמער, ערגעץ אמאָל געוועזענער עקאָנאָם, וואָס די גאַנצע צייט, זינט פונם אופזעצן זיך זיינעם אין וואָגן, איז ער געווען פאַרפּאָפן, נישט אַף דעם אוילעם—האָט זיך לעסאָף אופגעכאַפּט שוין ניכטער, געקוקט ווי א נעכטיקער אַף דער גאַנצער קאָמפּאַניע ארום אים און זיך צוגעהערט צום שמועס, וועלכער איז געווען פאַר אים טערקיש, פּרואוונדיק באַלד טאַקע אַריין אין דער מיט אויך מיט א שמועס, וואָס איז ווידער פאַר אידישע קינדער געווען טאַרגעם. נאָר א אידיש קעפּל בייסט איין טאַרגעם אויך. אַבי געכאַפּט נאָר עפּעס, איין וואָרט פון צען, האָבן זיי זיך שוין געשטויסן, געדרונגען דאָס איבעריקע מיט זייער אייגענעם סייכל און זיך געקליגט אַלע איניינעם, געבן דעם גראָבן פויערשן קאָפּ צו פאַרשטיין זייער מיין מיט אַלע מינע האַסבאָרעס: אַביסל מיט אונזער לאָשן, אַביסל מיט זייער לאָשן, אַביסל מיט די הענט, אַביסל מיט דעם וואונק, אַ דריי מיט דעם פינגער אַף אַ ניגן,— נישקאָשע, מע האָט זיך פאַרשטאַנען.

עס האָט זיך געצויגן אַ שמועס וועגן דעם, וואָס באַ זיי, וועגן דעם, וואָס באַ אונז, לעהאַוודל. זיין נאָמען איוואַן איז אונזערער, מע האָט עס גענומען פון, לעהאַוודל, יויכענען. די אַלע שעווע כאָכמעס זענען גענומענע, אונזערע. מע האָט אים אויך דערקלערט זייער א וואוילן מאָשל פונם מעדרעש, א גלייכווערטל פון דער געמאָרע, קלאָר געמאַכט אים אין אידישע מינהאָגים מיט דעם סייכל, וואָס דרינען שטעקט. איוואַן, אַפּאָנים ער האָט מוידע געווען—עטלעכע מאָל האָט ער אַלץ אויסגעשריגן: קוגל, צימעס! און זיך דערביי באַלעקט. די ווייבער האָבן געקייכט פאַר געלעכטער, געמאַכט:

— צו זיין קאָפּ, צו זיין לעבן! קוקט אים אָן, ווי ער באַלעקט זיך, ער האָט ליב אונזער קוגל!

עפּעס א יוגנט מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ, וואָס פאָרט זיך שטעלן פאר אַ אַם, ברומט שטילערהייט אונטער פאַר זיך אַ טרויעריק לידל:

„אַפן הימל ליכטן שטערנדלעך,
אין וועלדל שפּילט אַ סאָלאָוויי,
דער גאַנצער וועלט איז ליב און פריילעך,
און מיר אַליין אז אָך און וויי.

דער אָרל קערט זיך אַוועק, מאַכט זיך אַביסל נאַריש מיט די ווייבער, און מע גיט אַף אים אַ מאַך מיט דער האַנט: אַ אָרל בלייבט טאַקע א אָרל!

נאָכדעם, ווי מע איז אַ היפּש שטיקל וועג זיך אָנגעגאַנגען צופוס אונטער א בערגל, אונטערשטופּנדיק דעם וואָגן, און ווידער זיך אופגעזעצט, האָט דער אוילעם אידן זיך געשמאַק אַ נעם געטון צו א ברייטן שמועס. מע רעדט פון אַלצדינג, וואָס קאָכט זיך דאָ אַף דער וועלט און דאָרט אַף יענער וועלט. מע רעדט פונם האַנדל, שאַצט דאָס פאַרמעגן פון אַסאַך גווירים, עס קומט אויך צו רייד די אַלטע מאַיסע מיט רעב שמעלקען און עס בלייבט, אַז ער האָט פון איילעאָהו־האַנאָווי באַקומען א ווינשפינגערל. עס הייבט זיך באַלד טאַקע אָן א געקרעכצעריי, א געזיפצעריי, א געווינשעריי. איינער זאָגט, ער זאָל האָבן א ווינשפינגערל וואָלט ער געווינשן דאָס, דער אַנדערער — דאָס און דאָס, דער דריטער—יענץ...

## 4. א וואָלינער שטאָט (גלופּסק—באַרדיטשעוו).

אַז איר קומט אָן קיין גלופּסק דורך דער טעטעריוקער גאַס, זאָלט איר מויכל זיין איבערשפרינגען דאָרט איין בלאָטע, ווייטער אביסל די צווייטע, נאָך ווייטער אביסל די דריטע, סאַמע די גרעסטע, וואָס אהינצו לויפן אַריין, מעכילע, רינשטעקלעך אי באַלעבאַטישע פאַמויניצעס און ברענגען מיט זיך אָן פון קאָל־טווו. איטלעכן טאָג עפּעס אַן אַנדער מין סכוירע, אַנדערע סאָרטן כפייצים פון אַלערליי קאָלירן און פאַרשיידענע מינע רייכעס, ווי עס פּאַסט צום איניען, און דורכדעם איז זייער גרינג צו טרעפן דעם טאָג. גיסן זיך אהין, אַשטייגער, געלע לוזשקעלעך פון זאַמד, מיט וועלכן מע וואַשט די פאָלן, און טראָגן מיט זיך אָן לישקעס פון פיש, דרויב: פיסלעך, קעפּלעך פון הינער, אַביסל האָר מיט פאַרברענטע שטיקלעך קאָפּיטעס, — זאָלט איר האָבן א סימען: היינט איז פרייטיק, נעמט א בעזעם מיט א ראַשקע און לויפט, זייט מויכל, אין מערכעץ אַריין. טראָגן זיך אהינצו אָן שאָלעכץ פון אייער, פון ציבעלעס, פון רעטעך, סוכעזשילעס פון לעבער מיט עקן פון הערינג און גרויסע אויסגעהוילטע מאַרכביינער, — אַהאַ, גוט־שאַבעס אייך, אידישע קינדער! זאָל אייך וואויל באַקומען נאָכן קוגל. זעט איר אָבער די רינשטעקלעך קוים־קוים וואָס זיי רירן זיך, עס שלעפּן זיך דאָרט פאַרברענטע שטיקלעך קאַשע, פאַרדאַמטע שטיקלעך טייג, אַ צעריסענע שמאַטע מיט א צעפּאַלענעם וויכעטש, איז א סימען—דאָס איז היינט זונטיק. דער וואַסערפירער האָט נאָך נישט געבראַכט קיין וואסער, קוים

וואָס מע האָט אויסגעזיגן אַביסל פון דער פאַס אף אויסצוואַשן ווי־ס׳איז כאָטש די טשאָלנט־טעפּ מיט די מאַקעטרעס. און אַזוי אין אלע איבעריקע טעג פון דער וואָך האָט איטלעכע לוזשע איר באזונדער פּאָנים, איר באזונדער געשטאַלט מיט איר באזונדער רייעך.

און אַז איר זייט בעשאָלעם איבערגעקומען דידאָזיקע בלאָטע אויך, וועט איר, ראַבויסים, גיין פאַרביי א היפּשן בערגל מיסט, דאָס איז א איבערגעבליבן זייכער פון א אָפּגעברענט הייזל, וואָס אויבן שטייט געוויינטלעך א בעהיימע, גלייך ווי א קעלביקער מאַגיד, איז גאַנץ רואיק זיך מאַלעגיירע, מאַכט מיט דעם מויל און קוקט טאמעוואַטע אַף דעם גאַנצן אוילעם אידן, וואָס לויפן אונטן, ווי די פאַרסאַמטע, מיט אלערהאַנד שטעקנס, שטעקלעך אי פּאַראַסאָלן. טוט דערביי אמאָל א סאָפּע, אָדער א קיהישן זיפץ, טאַקע נאָר גלייך ווי זי וואָלט געזיפצט און געקרעכצט, משטיינס־געזאָגט, אף דעמדאָזיקן אוילעם, אויך אף איר שלימאַזל, וואָס זי איז, נעבעך, אריינגעפאלן אין אידישע הענט... איבערקומענדיק אי דעם בערגל, וועט איר גיין גלייך, גלייך, אלץ גלייך. עפּשער וועט איר, „לא יעלה ולא יבוא״, זיך א זעץ געבן אין די שפּיצעכדיקע שטיינער פונם ברוק, וואָס ליגן צעזייט, צעשפּרייט מעשונע־ווילד, און כאַסוועשאָלעם פאַלן, זאָלט איר מויכל זיין אופשטיין, אויב איר וועט קענען, און אַלץ טאַקע גיין, גיין, בעאים איר האָט נאָר נישט אויסגעבראָכן קיין פוס, כאָלילע, ביז איר וועט קומען אַף עפּעס א מין פּלאַץ. דאָרט אף דעם פּלאַץ וועט איר געפינען דעם ט אַ מ צ ע ס פ ו ן ג ל ו פּ ס ק.

און ווען ס׳איז נאָר א סוואָרע טעטעריוועקער גאַס אָנצורופן דעם מאָגן פון גלופּסק, קען מען נאָכדעם שוין מיט רעכט זאָגן, אז דערדאָזיקער פּלאַץ איז א י ר ה אַ ר ץ, וואָס דאָרט קלאַפּט זיך טאָמיד טאָג אי נאכט און וואָס דאָרט איז איר כיעס, דאָס גאנצע לעבן. דאָרט שטייען קלייטן, קלייטעלעך, שאַפּקעס און די באקאַנטע גנייווע־שאַפּקעלעך, וואו באַלמעלאָכעס זעצן דאָרט אָפּ דעם איטער: שטיקלעך מאַטעריע, טאסמעס, בענדלעך, סאמעט און שטיקלעך פעלץ. דאָרט רודעוועט זיך זייער שטאַרק, עס שווימלט און גריבלט, א געדיכטער אוילעם אָן אייגאָרע: אידן שטופּן זיך און כאַפּן, נעבעך, פון איטלעכער זייט דישלעס פון וואָגנס און פאַרקעס. דאָקטוירים זאָגן, באַשער אז מע פּאַלמעסט א גלופּסקער אידן, געפינט מען דאָס ראָוו בא אים אין לייב שטעקט אַ דישעל. נאָר אַף גלופּסקער דאָקטוירים קאָן מען זיך נאָך נישט סוימעך זיין, די רויפים שפּילן דאָרט אסאַך א גרעסערע ראָלע. דאָרט הערט מען טאָמיד אַ קאָל: „הייסע באַבקעס, אידעלעך! אהער, הייסע רעטשאניקעס, קנאָבל, ציבעלעס, אידישע קינדער!״ פון אָפּגעריסענע אינגלעך, וואָס גייען אַרום און שרייען מיט עפּעס א מעשונע ניגן. דאָרט כאַפּט מען אמאָל פאַרנאַכט א דאַוון, מע איז מעכאַדעש גאַנץ הויך די לעוואָנע און מע שרייט דערביי צו איטלעכן, וואָס גייט נאָר פאַרביי: שאָלעם־אלייכעם, פעטער! דאָרט שטייען טרעגערס אַרומגעגאַרטלט מיט גראָבע שטריק, אויסגעדינטע סאָלדאַטן מיט אַלטע כאַלאַוועס און אויסגעריבענע שינעלן, טאַנדעטניקעס מיט אלטע טאַכטוינים, קאַפּטנס, לייבלעך און נאָך אַלערליי שמאַטעס. אינמיטן שטייט דער פּאני סטאָראָזש און עסט

געשמאַק א שטיק אידישן קוילעטש, וואָס ער באקומט שאַבעס פאַר די ליכט
אָפּשנייצן און היט זיך, לעהאַוודל, ווי א שמורעניק, בעשאַס ער גיט א ביס,
עס זאָל, כאָלילע, קיין ברעקל נישט אַראָפּפאַלן. קעשענע־גאַנאָווים דרייען זיך
דאָרט אַרום צו מאכן די קונץ. עפּעס א פאַרשמירט מיידל מיט צעשויבערטע, צע־
פּאַטלטע האָר שפּרינגט פּלוצלים פון דער העלער הויט אַרויס, רעוועט, בעט
אַ נעדאָווע אַף אַ צעריפּעטן קאָל, כאַפּט אָן פאַר דער פאָלע און שרייט, כאָרכלט
ווייִנענדיק, גלייך ווי איר וואָלט זי געקוילעט און צוגענומען בא איר געלט.
אַ פּעקל ווייסע־כעוורע לויפט דאָרט מיט א אוראַ נאָך עפּעס אַ מעשוגענעם,
וואָס זינגט טרויעריקע לידלעך, האַלב אידיש, האַלב פּויליש, און טראָגט אַפן
קאָפּ אַ צעקנייטשט קאַפּעלישל. דאָרט שטייט אַ באָכער מיט עפּעס אַ מין קעס־
טעלע, אידן קוקן אהינצו אין לאָך, און ער רעדט דערביי מיט פּיסקעס זיין
געווייִנטלעכן פּיזמען: דאָס איז לאָנדאָן, דער פּויפּס פּאָרט דאָ רייטנדיק אין
רויטע הויזן און אַלע שטייען פאַר אים אָן א היטל! איצט זעט איר, ווי נאַ־
פּאָלעאָן מיט זיינע פראַנצויזלעך שלאָגן זיך מיט דעם פּרייס, און די פּרייסן צע־
לויפן זיך ווי די טאַראַקאַנעס! אָט אַצינד קומט פיר, ווי איינע פּאָרט איניינעם
מיט דעם טויגער אין איין קאַרעטע, דער גראָספּעציר האַלט די בייטש און
טרייבט אָן. די פּערד האָבן זיך איבערגעשראָקן, אויסגעקערט די קאַרעטע,
דער טויגער, נעבעך, איז געפאַלן, זיך א גוטן זעץ געטון, און זי זוכט אין איי־
לעניש ווי זיך אויסצודרייען! נו, א סאָף, גענוג שוין צו קוקן פאַר א האַרטן
גראָשן. דאָרט זיצן שורעסווייס אויסגעזעצט אידענעס מיט מולטערס, פול אָנ־
געלייגט מיט בינטלעך קנאָבל, מיט אוגערקעס, קאַרשן, אַגרעסן, ווייִמפּערלעך,
ערעציסראָעל־עפּעלעך, קאָלנידריי־באַרלעך און מיט נאָך אַנדערע זאַכן. אין
דער זייט שטייט אַף הינערשע פיסלעך אַ אלטע איינגעהויקערטע בודקע, אָן טיר
און פענצטער, וואָס קעפּי אַלטע גרייז־גרויע אידן דערציילן, איז אַמאָל דאָרט
געשטאַנען א בודאָטשניק, און די גאַנצע שטאָט איז דענסטמאָל געלאָפן אָנקוקן
די בודקע מיט דעם סאָלדאַט אַף כידושים. נעבן דער אַלטער בודקע, מיט וועלכער
גאַנץ גלופּסק איז זיך מעיאַכעס ווי מיט עפּעס אַ אַלטן קרעפּאָסט, דאָרט אונטער
עפּעס א דעכל באדעקט מיט עטלעכע פאַרשימלטע ברעטלעך, מיט איבערגע־
פּוילטע שטרוי און ראָגאָזשעס, אָנגעשפּאַרט אף פיר קרומע אויסגעבויגענע
סלופּעס, זיצט דוואָסי די סעדעכע, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט מולטערס.
באַ איר געפינט זיך טאָמיד איר גרויסער פּייערטאָפּ, וואָס ווינטער זיצט זי
אף אים, ווי אַ קוואָטשקע אף די אייער, דעם גאַנצן טאָג קעסיידער, נאָר וואָס
זי כאַפּט אים אמאָל פון אונטער איר אַרויס אונטערצובלאָזן די קוילן און
אַרויסצונעמען פונם אַש געבראָטענע קאַרטאָפּלעס. — — —

אין דער שטאָט אַליין געפינען זיך אַקעגן א דרייסיק־פּערציק לוזשעס, שוין
מיט לעוואדעס איניינעם, זיי פאַרייניקן זיך דורך הוילן מיט די אָפּגרונטן פון
דער פּיאַטיגנילעווקע, און אין געוויסע צייטן, ביפראַט נאָך פאַר א פאַר־
פּייסעך, צעשפּילן זיי זיך שרעקלעך שטאַרק און פאַרפלייצן די גאַסן מיט אזא
טיפער, שיטערער בלאָטע, אַז באַ די הויך געוואַקסענע מענטשן אַפילע ווערט
גייענדיק פאַרשלומפּערט דאָס היטל. גלופּסק ווערט אין די פינצטערע נעכט

באַלייכט פון איין קליינער לאַמטערנע, זי ווערט אויך באַוואַכט פון אַ פּאָר בור־
דאַטשניקעס. פונדעסטוועגן פאַלט מען דאָרטן פאָרט באַ דער נאכט און מע
ברעכט האלז אי לייב. — — —

גלופּסק איז אַן עמעסע אידישע שטאָט מיט אַלע פּישטשעווקעס. פון
אַרכיטעקטן, וואָס בויען הייזער מיט אַ פּלאַן און מיט אַ סיידער, האָט זי
קיינמאָל ניט געהערט. אירע הייזער הויבן זיך ניט אין דער הייך, קריכן ניט
מיט כוצפּע אין הימל אריין, נאָר זיי שטייען זיך נידעריק, ווי די ניונקעלעך,
טייל איינגעבויגן, די דעכער אַראָפּגערוקט ביז דער ערד, אַלע אָן פאַרב,
אָן צאַצקעס, אָן פוצן פון דרויסן. דער איד ווייסט, אַז „שקר החן והבל
היופי״, די אלע שמאָכטעס זענען ניט ווערט אַ צעבראָכענעם דרייער. די דירע
באַם אידן האָט אַ ווערט נאָר פון א י נ ע ו וי י נ יק; דאָרט איז באַ אים דער
גאַנצער אוילעם־קאָטן: דאָס בעט און דער טיש און דער צעבער און די קינ־
דערלעך, זאָלן לעבן און געזונט זיין, און אַלצדינג, וואָס אַ איד פאַרמאָגט, פון
דער שאַפע מיט די קופּערנע פענדלעך ביז די קיך־טעפּלעך און דעם בעזעם
מיט דעם אַריינגעשטעקטן פלאָקן אינמיטן. דער מינעג פון רערן אף אָפּצופירן
די רעגן־וואַסער און פון שטיינערנע בריקלעך פאַר די טירן איז דאָ ניט אָנ־
גענומען; דעם צעבער און די טעפּלעך גיסט מען אויס פונקט אַנקעגן טיר,
קומען כאַזיירים און באָדן זיך ביזן האַלז אין בלאָטע און צעגראָבן דאָס גע־
דיכטע אַרום און האָבן טאינעג. הויבט זיך, באָרעכאשעם, אַ געשמאַ־
קער רייעך און זעצט אין נאָז אריין. אַז סע קומט אַמאָל אַ סטראַזשניק,
אַ צוירער און הויבט אָן דולן אַ מויעך, ס׳זאָל זיין ריין, פאַרשטאָפּט מען אים
דעם פּיסק מיט אַ טרונק בראַנפן און אַ שטיק כאַלע. וואָרום די כאַלע, דאַרפט
איר וויסן, האָט אין זיך ניט נאָר אַזאַ טעווע, אַז זי פאַרקערעוועט דעם פּלאַם
פון די פרייטאָג־צו־נאַכטעדיקע ליכט — וואָס דאָס איז באָדוק־ומנוסע שוין פון
לאַנגע יאָרן — נאָר זי איז אַ סגולע צו אַזוינע כעווערלייט אויך, צו פאַרקע־
רעווען זיי פון דער אידישער גאַס. בעשאַס־האַדכאַק, [אַז ער טשעפּעט זיך
זייער שטאַרק, גיט מען אים אַ שטיקל געהאַקטע פיש, אָנגעפּילט מיט ציבעלעס
און מיט קנאָבל, ווערט ער גאָר ווייך, ווי אַ פּוטער, און אַלצדינג בלייבט באַם
אַלטן, — אוילאָם קעמינהאָגוי. נאָך איינמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז מ׳האָט גלופּסק
גענויט באַלקאָרכאָ צו מעשאַנע זיין אירע פאַרצייטיקע מינאָגים און צו אויס־
פוצן זיך פאַר לייטן. ס׳איז ארויס אַ קלאַנג, אַז איינער פון די גאָר הויכע
אַדוינים וועט דורכפאָרן איבער אונזער שטאָט. איז געוואָרן אַ ראַש אין גלופּסק
און מ׳האָט זיך גענומען גרייטן. אידעלעך זענען אַרויסגעקראָכן פון זייערע
לעכער, יעדערער מיט אַ בינטל שמאַטעס פאַר אַ באַרשט און מיט מעשונע־
מאָדנע פאַרבן. האָבן דעמאָלט אונזערע גלופּסקער באַוויזן, וואָס איינער קען:
מ׳האָט אויסגעמאָלט אף די הייזער אַלערליי לייבן און לעמפּערטן און פּיפּער־
נאָטערס און אַנדערע ווילדע באַשעפענישן, וואָס מע קען זיי זען אף די ווענט
פון אַ שול און אף אַ מיזרעך. ווייסט איר, וואָס פאַר אַ פּאָנים גלופּסק האָט
דעמאָלט געהאַט? ווי אַ קאַלע־מויד, וואָס האָט זיך אויסגעפּרינדעט אין
אַלערליי מאַלבושים מיט פאַצירקעס און מיט פליטערלעך, קעדיי צו געפעלן

דעם כאָסן מיט די מעכוטאָנים. די אינגלעך האָבן דערזעען אַזוינע כידושימדיקע ג עמעלן, זענען זיי געוואָרן פאַרגאַפּט און האָבן זיך געזאָגט: וואָס גרויס איז פּאָרט ניט קליין! אַפּילע עלטערע מענטשן האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט קוקן. דער סטאָראָזש מ י כ יי, וועלכער פאַרלעשט פרייטיק־צו־נאַכט די ליכט, איז געבליבן שטיין מיט אן אָפענעם מויל, און די רעכטע האַנט זיינע, וואָס האָט געטראָגן פון דער קעשענע אַ שטיק כאַלע צום מויל, איז געבליבן ווי פאַר־גליוורט אינמיטן וועג; פ ע ט ר י כ ע די גאַיע, וואָס מעלקט שאַבעס די בעהיי־מעס באַ אידישע טעכטער, האָט זיך צעלאַכט פאַר סימכע, האַלטנדיק די הענט אפן בויך. דער סטראַזשניק איז געשטאַנען און געקוקט אַף גלופּסקער וואונדער, געשאָקלט מיטן קאָפּ, געקראַצט זיך אין דער פאַטילניצע, געמאַכט מיט די ליפן און עפּעס געמריקעט אַזוינס, וואָס די גלופּסקער האָבן עס גע־האַלטן פאַר אַ שוואַך; מיסטאָמע האָט זיך דער אָרל געוואונדערט אַף אידי־שער כאָכמע און זיך געטראַכט: טאַק, אַן אַם כאָכעם־וועגאָוון דידאָזיקע אידישע אומע. די אידן האָבן דערפון שטאַרק האַנאָע געהאַט, ס'האָט זיך זיי באוויזן אַ שטיקל האָפענונג, אַז פון היינט אָן וועט דערדאָזיקער ראָשע זיי שוין לאָזן צורו און וועט זיך מער ניט טשעפּען. — — —

פרעגט אומיסנע אירע באַלעבאַטים, אירע זקיינים, וויפל מאָל האָט מען זיי געזידלט בעפערעסיע פאַר די גריבער אינמיטן גאַס, פאַר די שטיינער, וואָס ליגן צעזייט און צעשפּרייט איבערן מאַרק, שטיינער מיט שאַרפע שפּיצן, ווי די מעסערס, ראַכמאָנע ליצלאָן, וואָס מע פארטשעפּעט זיך פאַר זיי און מע פאַלט און מע ברעכט רוק און לענד, באַהיט זאָל מען ווערן; וויפל מאָל האָט מען זיך געבייזערט פאר די טויטע קעץ מיט די געפייגערטע הינט מיט אַלערליי אַנדערע שראַצים, וואָס מע וואַרפט אַרויס, וואו סע טרעפט זיך,— און גאָרניט, זי האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. — — —

## 5. אַ זומערדיקער אָוונט אין קאבצאנסק.

אין די הייזער ברענט נישט קיין ליכט. טיר און טויער זענען אָפן. מע עסט וועטשערע פאר דער לעוואָנע. נאָך דער וועטשערע שיטן זיך, ווי די מורעשקעס, אַרויס פון די הייזער: מאַנסבלען אָן קאַפּאָטעס, אין די איינע טאַלעסקאָטנס, ווייבער צעשפּילעט, נאָר אין די אונטערשטע קליידלעך, קינדער אויסגעטאָן האַלב־נאַקעט. שכיינים אַ גאַנצע גרופּע לייגן זיך אויס אינדרויסן, יונג און אַלט, קינד און קייט, אלע איניינעם. גילדענע פאַסן פון דער לעוואָנע שלאָגן זיך דורך ערגעץ צווישן דעכלעך, ציען זיך איבער קעפּ, איבער פיס אין דער קופּע מענטשן, קריכן ווייטער, ווייטער, טאַנצנדיק אַף ווענט, אף פליי‌טן און ווייזן אָן דאָ אַ קאַץ, וואָס דראפּעט זיך, נישטערט אַף אַ דאך, דאָרט קי אויסגעשטרעקט אַף דער גאַס, מאלעגיירען, אונטערשמייסנדיק זיך פאַמעלעך מיט די ווײדלען, און קייכן, זיפצן מיט אַ כריפּ, עפּעס ווי פונם בויך. די ערשטע עטלעכע מינוט איז איטלעכער באַשעפטיקט מיט זיך, מע גענעצט, שלוקערצט, מע טרייבט פליי און מע קראצט זיך. ווייבער הויבן דערוויל אָן

דעם שמועס וועגן דער היינטיקער וועטשערע, איטלעכע מיט אירס: בא דער זעגען די שטשיפּקעס באַטאמט געווען אַזוי, אַז דער מאלכעס האָט עס געמעגט עסן; בא יענער איז דער אַרבעס צעקאָכט געווען ווייך, ווי מאַרך, אַז מע האָט געלעקט די פינגער. איינע דערציילט דאָס גרויסע גליק, וואָס זי האָט געטראָפן: פאַר אַ גראָשן האָט זי געהאַנדלט אין מאַרק אַ מעציע — אַ רעטעך גרויס ווי דער קאָפּ, פון וועלכן מע האָט געגנוג געגעסן אינדערפרי, אויך אצינד אפּדערנאַכט, און ס'איז נאָך איבערגעבליבן אַ היפּשע שטיק אַף מאָרגן, מע זאָל לעבן און געזונט זיין! אלע רעדן הויך אַף אלערליי דינע, קוויטשעדיקע קוילעס, די מאַנען ברומען לעסאַטע אונטער, מישן זיך אַריין נאָר, ווי פון יויצע וועגן, גלאַט אזוי מיט אַ וואָרט. זיי לייגן זיך דערנאָך מיט דעם בויך אַרויף און, פאַרקוקנדיק זיך אַף דעם אויסגעשטערנטן בלויען הימל, נעמט מען זיך געשמאַק שמועסן, וואָס טוט זיך אַזוינס דאָרט אויבן. די לעוואָנע ווייזט זיך אַפן אָרט, וואו דער אוילעם ליגט; מע קוקט אין איר אָן די ליכטיקע צורע פון יהוישוע און איטלעכער מאַכט: אוי, אַ נאָז מיט אויגן!... איציק און בערל, וואָס האלטן זיך פאר שטיקלעך שטערנזעער, כאַקראָנים, טייטן מיט פינגער אף דעם „אַלעפבייס" פון די שטערן און האַמפּערן זיך וועגן דעם „ת" און „ח". דער איבעריקער אוילעם טוט צוליב זיי ביידע. איטלעכן פון די צוויי כאַקראָנים, וואָס טייטלט אים מיט אַ פינגער, גיט מען געדעכט, שווערנדיק זיך: יאָ, עמעס טאַקע, איך זע, זע, ווי איך בין אַ איד!

— אַי, אַי! — צעשרייט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט אַ איד, — עפּעס אַזויפיל שטערן דאָרט, דאָרט אין די געפּלעקטע, ווייסלעכע פּאַסן, אָנגעזעצט ווי מאָן! אַזויפיל רענדלעך ווינש איך מיר צו האָבן...

— גייט שוין, גייט! — מאַכט דער אנדערער, — איך לאָז פאר וועלוועלער, פאר איטלעכס שטערנדל אַ קאָפּיקע.

עס געפינען זיך באַלאָנים אף נאָך וועלוועלער, צוויי, פינף, צען פאַר אַ גראָשן, און בעשאַס אידן טאָרגעווען זיך דאָ אַזוי, רעכענען, ציילן, לאָזן אראָפּ די מעקאָכים און ווארפן דעם קורס פון די שטערן, זיצט דאָרט אין דער זייט איינער עפּעס אַ לעך, דארשעט און זאָגט גלייכע ווערטלעך. די ווייבער ארום אים שרייען קלאָמפּערשט: פּע, געגנוג! פארשטעקנדיק זיך די אויערן, הערן זיך אָבער זייער גוט צו און קייכן פאַר געלעכטער... קינדער זיצן אויך נישט ליידיק, קיצלען זיך, דערלאנגען איינער דעם אנדערן אַ קלאַפּ, אַ שנאָל אין דער נאָז הינטן אַרום. דער פון דער נאָז טוט אַ קוויטש, יענער פונם שנאָל מאכט זיך צום טאַם, נעבעך, גאָר אַ צאַדיק אין פעלק, און בייזערט זיך קלאָמפּערשט: שאַ, שאַ! מאַמעס שילטן די קינדער, באנומען זאָלן זיי האַלעוואַי ווערן, און אגעוו טאַקע זיי מעכאַבעד מיט אַ קניפּ. די טאַטעס ווארפן אוועק די טאָרגעס און פאַלן פלוצלים פונם הימל אראָפּ אף דער ערד. דעם האָט אַ זשוק זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין באָרד, יענעם אין די פּייעס, דעם דריטן קריכט עפּעס אונטערן העמד דאָרט אפן רוקן. אַ רויטע קו, אַ פּרעסערן, פון וועלכער עס האָט זיך אָפּגעטון דער שלאָף, פאַרקריכט, באם שטשיפּען גראָז, אין דער זייט גאַס ביז צו דער גאנצער איידע אידן, דרייט זיך צו זיי אויס מיט דעם הינטן,

מעכילע, און פירט זיך עפּעס אויף פּע, נישט מיט דערעכערעק. אַלע זידלען זי מיעס אָפּ, טרייבן זי און שרייען: היידאַ! אין איין קאָל. זי דרייט זיך געשווינד אויס פון אידישע הענט און לויפט אַהין אין איר רו אַריין. דערפון שפּינט זיך עפּעס אַ לאַנגער שמועס: וועמעס קו איז דאָס? וויפל מילך גיט די קו? וויפל איז די קו ווערט? „שאַ, וויפל מיינט איר, אידן, — טוט פלוצלים איינער אַ פרעג — „זאָל ווערט זיין די גאַנצע קאַבצאַנסקער טשערעדע, שוין מיט די ציגן אינאיינעם?" איינער שאַצט עס אַזויפיל, דער דריטער ווינשט זיך דאָס צו האָבן, וויפל ס'איז ווערט מער. איטלעכן באַזונדער כאַפּט אָן אַ ווינשעניש און מע ווינשט, ווינשט, ביז די צונג ווערט מיד רעדנדיק און מע הערט פונדערווייטנס, ווי איינער כראָפּעט שוין אָן איינאָרע געשמאַק. די מאַנען טרייבן די ווייבער: קומט שלאָפן! די ווייבער מיט זייער כיין קווינקלען זיך קלאָמפערשט: עס גלוסט זיך זיי גאָר ניט גיין אין בעט אריין און וואָלטן די גאַנצע נאַכט גערן דאָ, אינדרויסן, געשלאָפן; אַ יונג פּאָר פּאָלק גייט אוועק באַלד טאַקע, די איבעריקע מאַכן שיעס, דינגען זיך, ביז פון ערגעץ אַ ווינקעלע שפּרינגט ארויס פלוצלים אַ ציג, וועלכע אַ פּאָר ווייסע־כעווערניקעס האָבן איבערגעשראָקן, אונטערגאַנוועטענדיק זיך שטילערהייט צו איר אַף דער פריזבע דאָרט; זיי נאָך איר, און זי אין גרויס איילעניש, יאָגעניש, פון אַריין צווישן דער קופּע אידן. עס ווערט אַ מעהומע, אַ קאָכעניש, מען גיט זיך אַ הייב אויף גיך און, באַטלענדיק כאַלוימעס, צעלויפט מען זיך געשווינד, איינער נאָך דעם אַנדערן, נישט צו זאָגן אַפילע אַ גוטע נאַכט! —

## 6. ערעוו־שאַבעס אין גלופּסקער באָד.

מאָרגן, בעלי־ניידער, גיי איך באַצייטנס אין באָד, וועל דאָרטן צוברייגען גוטע עטלעכע שאָ און שוין אָנשמעקן דאָרט אַלצדינג... — — — מיקויען פּאָליטיקע, פּאָטשטן און אַלצדינג, וואָס קאָכט זיך, פאַרלויפט זיך אַף דער וועלט און אין דער שטאָט. דאָס איינציקע שטיקל אָרט פאַר אידן אַף צו שמעקן, אַרויסצוגעבן וואָס עס בורטשעט אינעווייניק אין זיך און כאַפּן צוריק עפּעס אַ לעק פון אַנדערע. דאָרט, אין דער באָד, ווערט מען געוואָר פון זייער פיל סוידעס, דאָרט ווערט אָפּגעמאַכט זייער פיל געשעפטן און עס רודעוועט זיך מער נאָך ווי אַף אַ יאַריד. מע באַדאַרף אַהין קומען אין אַ פרייטיק, זעט מען שיינס: אין איין ווינקל זיצן רויפים מיט דעם קליפּערגעצייג, אַרום זיי אידן אַסאַך. איין רויפע גאָלט קעפּ, דער אַנדערער רויפע מיט אַ בריטווע צעקאַרדאַשעט פּלייצעס, שטעלט באַנקעס דעם, כאַפּט אַראָפּ געשטעלטע באַנקעס בא יענעם, און אידיש בלוט גיסט זיך טייכנווייס אַף דעם פּאָל, אונטער מענטשן, פאַרמישט אינאיינעם מיט בלעטלעך פון בעזימער און אָפּגעגאָלטע האָר. דעם רויפעס ברענענדיק ליכטל שמעלצט זיך מיט אַ צעפּלאָכטענעם קנויט, שפּריצט, בריזגעט מיט אַ בייזער, מיט אַ פלאַמפּייער פון אַ מיסע־מעשונע־קאָליר... אַף די ווענט, אַף דער סטעליע נעבן אויוון הייגען, ווי אין דעם גרעסטן מאַגאַזין, אַלערליי קליידער: העמדער, זאָקן, קאָל אַ מינע לייבצודאַקן, אַלע סאָרטן

טאַכטוינים, קאַפּטענס, קאַפּאָטעס, אויך קיילעכדיקע פּעלפּענע היטלען. פון דער אויבערשטער באַנק לאָזן זיך הערן שרעקלעכע קוילעס, אַ טייל אידן ליגן דאָרט אָן קויכעס, זיפּצן און קרעכצן, אַ טייל זענען געוואָפּנט מיט בעזימלעך און שרייען. געוואַלד, אידישע קינדער! געוואַלד, האָט ראַכמאָנעס! געוואַלד! געוואַלד, פּאַרע!... אין באָד ווערט קאַלט, אַלע שרייען, און איינער שטרעקט נישט אויס אַ האַנט אופּצוגיסן אפן שטיין, ביז צום סאָף געפינט זיך עפּעס אַ ווייסע־כעוורעניק און מאַכט אָן אַזאַ היץ ווי אין גענעם, אַף דערשטיקט צו ווערן. צוויי אויסגעווייקטע אידן שלאָגן זיך דאָרט פאַר אַ ראַשקעלע, אויס־רייסנדיק איינער פונם אַנדערנס הענט מיט זידלערייַ אַ שרעק. אַ דאַרער מעלאַמעד, וואָס בלאָנקעט זיך דאָ ארום אָן געצייג, לייגט זיך אריין אין שאָלעם, מאַכט אַ פּשאָרע — און אַלע דריי טונקען זייערע פאַרשמאָלצעוועטע פּאַטשיילכענס און וואַשן זיך פון איין ראַשקעלע. אויבנאָן אין אַ קופּקעלע זיצן מעיוכאָסים, נעגידים, לייטישע מענטשן און שמועסן אייסעק, פון טאָך־זאַכן: מיקויעך די טאַקסע, מיקויעך היינטיקע אַזעספּענימער, מיקויעך דעם גאַבאָר, מיקויעך די וויבאָרעס אף גלאַסנעס, אַף אַ ראָוו, מיקויעך אַכצן און דרייצן און מיקויעך דעם נייעם פּאָליצמייסטער. צו זיי שאַרט זיך צו ווי אַ קעצעלע עפּעס אַ שיינער איד און מאַכט אַ שמועס מיקויעך דער טאַלמוד־טוירע, מיקועך די נייע גווירים, מיקויעך כאַטאָים אין שטאָט, און רוימט דערבײַ איטלעכן איין סוידעס אין אויער... פּלוצלים קומט־צו איינער אַ וואוילער יונג, וואָס שאַרפּט די ציין אף גלאַסנע, און פּאַרבעט מיט אַ כניפּע־שמייכעלע אף דער אויבערשטער באַנק דעם גרעסטן יאַכסן און באַל־דייע, וועלכן ער וויל אַביסל אויספּאַרען טשאַקנדיק מיט זיין קאָוועד אליין. דער שיינער איד, וואָס האָט אויך אַ קוק אַף עפּעס אַ היסמאנעס און וויל אָפּלעקן אַ ביין, פּאַלט דעסגלייכן אף דער אייגענער האַמצאָע, טוט זיך אַ בייג מיט אַ כניפּעלע און פּאַרבעט אויך אַ יאַכסן צום טאַנץ. אַלע קריכן אַרוף אויבן אף דער באַנק, די בעזעמלעך הייבן זיך און די געשעפטן זענען אָפּגעמאַכט... ביזכוס די מעיו־כאָסים ווערט אין באָד געשמאַק הייס. קליין און גרויס, יונג און אַלט כאַפּן זיך צו די קיילים. דער אוילעם קרעכצט, אויקעט, פּאָסמאַקעוועט זיך אף אַלערליי קוילעס.

## 7. א גלופּסקער איד אין זיינע בגאָדים.

אַ גלופּסקער איד איז ניט מאַקפּיד אַף שיינע קליידער, אַף ריינקייט און קעדוימע אַזעלכע נאַרישקייטן, וואָס מענטשן גיבן זיך מיט זיי אָפּ אין דער גרויסער וועלט. די נייע מאָדעס, וואָס קומען אוף אין פּאַריזש און אין ווין און אַנדערע גרויסע שטעט, האָבן צו גלופּסק גאָר אַ קנאַפּע שאַיכעס. טאָמער פּאַרשלעפּט מען אַהער יאָ אַזאַ מאָדע איינמאָל אין אַ יויוול, ווערט זי אויך אָן איר פריערדיקן גלאַנץ: אונזערע שניידערס, פּאַרשטייט איר מיך, גייען זיך מיט זייער אייגענעם שניט און מיט זייערע באַזונדערע מעטאָדעס — ווערט באַ אונז פון דער פּאַריזשער יעפּייפּיע אַן עמעסע גלופּסקער באַלע־

באַסטע מיטן עמעסן גלופסקער כיין. אַז ס'איז אַרויסגעקומען די גזירע, אידן זאָלן זיך אָנטון אין דייטשישע קליידער, האָבן די גלופסקער אויך ביס־לעכווייס מעקאַבל געווען אַף זיך דעם אָל. איצט זענען זיי אין פלוג, דאַכט זיך, אָנגעטאָן נאָך דער דייטשישער מאָדע, און פאַר נאַטשאַלסטווע איז אַלצ־דינג קאָשער־ווער־יאָשער, פונדעסטוועגן איז דאָ אין די קליידער עפּעס אַזאַ מין גלופסקער אידישער קנייטש, אַזאַ מין באַזונדער כיינדל, וואָס ס'איז אַפילע שווער דאָס איבערצוגעבן מיט ווערטער. דאַכט זיך, אַ קאַרטוז ווי אַלע קאַר־טוזן, מיטן גאַנצן שניט און מיט אַלע פּראַטים. פונדעסטוועגן, באַ אַ גלופסקער אַפן קאָפּ באַקומט ער אַ מעשונעדיקע אידישע צורע, אַקוראַט ווי ס'איז אין אים מעגולגל געוואָרן דאָס שטריימל, אָלעוו-האַשאָלעם. פונם סורדוט איז שוין אַוואַדע ניטאָ וואָס צו ריידן: ער האָט, דאַכט זיך, אַלע נאָטן, ווי סע געהער צו זיין, אי ער איז געהאַקט אין סטאָן, אי ס'איז אַף אים אָנגעגנייט ביינערנע קנעפּ — דאַרף מען שוין בעסער? פונדעסטוועגן, אַז דו דערזעסט אים אַף אַ גלופסקער אידן, דערקענסטו באַלד די פּאַרצייטיקע קאַפּאָטע. היינט דער שפּאַלט הינטן! באַ אַלע מענטשן איז אַ שפּאַלט ווי אַ שפּאַלט, קיינער זעט אים גאָר ניט און קיינער קער זיך מיט אים ניט אָן. באַ אַ גלופסקער עפּנט ער זיך בעשאַסן גיין אַף יעדן טריט, די פּאָלעס הייבן זיך און לאָזן זיך אַראָפּ, אַקו־ראַט ווי זיי שריייען: זעט, אָט גייט אַ איד מיט אַ שפּאַלט, אָט איז זיין עלעף מעכילעס און זיינע פּאָר פּיס!... און קעדאַי איז צו דערמאָנען, אַז דאָ רעדט זיך וועגן אַזוינע אידן, וואָס מע ווייסט ניט, וואו האַלט מען מיט זיי אין דער ספירע: צי האָבן זיי אַ שפּאַלט, צי ניט — ניט קיין גאַנצע מאַסקילים און ניט קיין עמעסע כסידים, עפּעס אַזוינע, אי אַהין, אי אַהער. דאָס זיינען געוויינטלעך די אייצע־געבערס, די באַלע־טוואָרע, וואָס מישן זיך ניט־געבעטענערהייט אין אַלע געשעפטן, סיי די געשעפטן פון אַ פּראַט, סיי פון אַ קלאַל, — פיינע אידן, וואָס מע רופט זיי אַפילע אונטער די אויגן רעב דער און דער, און ס'איז דאָ צווישן זיי אויך אַזוינע, וואָס מע רופט זיי „פעטערס" סטאַם. אַהער קען מען צורעכענען אַלע קלוגע בוירעריס, לאַנד־שאַדכאָנים, קאָהאָלשע שרייבערס, קאַב־לאָנים, שטאַדלאָנים, כאַכאָמים — פּשאָרע־מאַכערס, באַטלאָנים, וואָס ווייסן אַלצ־דינג... אַ גלופסקער, אַז מע דערזעט באַ אים אַף דער פּאָלע אַביסל קוגל־שמאַלץ, אַ שטיקל ווייסל פון אַן איי, אָדער שפּייעכץ, לייכע אוכעדוימע, איז דאָס אים, כאָלילע, ניט צו קיין ביזאָיען: פאַרקערט, דאָס איז אַ מין שיינדל, אַ באַווייז, אַז ער פוצט זיך ניט און גיט זיך ניט אָפּ מיט דוואָרים בטיילים. אַפילע די קרוין פון בלאָטע, וואָס רינגלט אַרום די קאַפּאָטע פון אונטן, אַרט אים אויך זייער וויניק: דער גלופסקער איד טראָגט זי אַזוי לאַנג, ביז זי ווערט אַליין פאַרטרוקנט און פאַלט בעמיילע אָפּ. דאָס האָט איר אייך, ראַבויסאַי, דעם גלופסקער אידן אין זיינע אויבערשטע בגאָדים. די אונטערשטע, די שקאַרפּעטקעס מיט די טאַכטוינים, וועט איר זיך שוין מאַטריעך זיין אויס־מאָלן אַליין.

דער שטייגער וואָלט געווען, אַז איך זאָל ניט פאַרשווייגן די גלופסקער ווייבערשע מאַלבושים אויך, וואָרום מיר האָבן אַ קיימעלאָן, אַז אַלצדינג וועט

דיר אַ נעקייווע מויכל זיין, נאָר ניט דאָס גרויסע פאַרברעכן, אויב מע קוקט זיך ניט אום אַף איר פּאָנים, איר צירונג, אירע כיינדלעך ... — — —

הערט זשע, ראַבויסאַי! איך האָב געפונען אן אייצע: — — —

מירן אויסקלייבן אַן אָרט אין גלופּסק, איר וועט זיך דאָרט אַנידערשטעלן אין אַ ווינקל, און איך וועל פאַר אייך דורכפירן מיינע לייט, ווי אין אַ פּאַנאָראַמע.

בעשאַס סע וועלן דורכגיין די גלופּסקער ווייבער, וועט איר זיי אַליין קענען באַטראַכטן פון קאָפּ ביז די פיס, וועט איר וויסן...

קוקט זשע, ראַבויסאַי! איך הייב אוף דעם פאָרהאַנג. די סצענע איז אָפן!

## 8. אַ שאַבעסדיקע פּאַנאָראַמע.

ס'איז שאַבעס-קוידעש, מינכע־צייט. גאָט באָרוך־הו האָט אַרויסגעצויגן די זון פון איר פוטער־פּאַס צו שיינען אַף זיין ליבהאַרציקער שטאָט גלופּסק און אויסצוטריקענען אירע בלאָטעס און אירע קאַליוזשעס, וועלכע שטייען נאָך פון פאַר פּייסעך. אין אייניקע ערטער האָבן זיך שוין באַוויזן סטעשקעס צווישן די ליימיקע גריבער און פאַרטרוקנטע רודעס — אידן, אַם־קעדוישים, זאָלן קענען דורכגיין בע־שאָלעם. די זלידניוווקער גאַס רוישט, ווי אַ בינשטאָק. אומעטום דרייען זיך מענטשן און בעהיימעס. אידן זיינען שוין אופגעשטאַנען פונם שאַבעסדיקן שלאָף נאָכן טשאָלנט, זיצן אינדרויסן און שעפּן לופט. עלטערע אידן און ווייבער זיצן אַף די פּריזבעס, ציען זיך, גענעצן, שפּייען און שנייצן זיך די נאָז מיט אַ שאַלשעלעס, אַנדערע קייען באָב און אַרבעס און גייען אויס פאַר אַ קאַלטן טרונק וואַסער. לעבן זיי שפּילן זיך די קינדערלעך; צוויי האַלטן אַ דריטן בא די ציצעס, און יענער העצקעט זיך, שפּרינגט ווי אַ לאָשאַק. אַ קאָמפּאַניע ווייסע־כעווערעניקעס גראָבט זיך אין מיסט, ווי די הענער, מאַכט אַ שטויב ביז אונטערן הימל, אַן אַנדער קאָמפּאַניע שפּרינגט און טאַנצט אין דעם דערשטיקנדיקן וואַסער פונם רינשטאָק, וואָס איז פונאויבן פאַרצויגן מיט אַ גרין הייטל. איין אינגעלע קומט מיט אַ האַרט איי, אַן אַנדערער מיט אַ שטיק כאַלע, די מיילער און די שפּיץ נעזער זיינען אויסגעשמירט אין סאָק פון געפּרעגלטע יאַגעדעס; כעווערע שטעקן אַרויס די צונגען און באַרימען זיך, ווועמעס ס'איז שוואַרצער. אַף אַ פּריזבע זיצט אַן עלטערער איד אין אַ כאַלאַטל, מיט אַ זילבערנעם מעדאַל אַף דער ברוסט; ער זיצט און שווייגט און קוקט אַרום און אַרום מיט אַ באַרויגעז פּאָנים, ווי סע פּאַסט פאַר אַ בעקאָוועדיקן אידן — און סע שטייט אַף אים, דאַכט זיך, אָנגעשריבן, אַז דאָס איז אײנער פון די עטלעכע מעלאַמדים, וואָס זיינען געוואָרן לערער אין די הייניטיקע שולן. ער שאָקלט זיך, קעדיי מע זאָל בעסער זען דעם מעדאַל, קעדיי די גאַנצע גאַס זאָל וויסן: ככה יעשה לאיש — אַזאַ געדולע איז באַשערט דעם, וואָס איז נויסעכיין אין די הויכע פּעטערבורגער פענצטער. אינעמעסן איז נעבעך אַ גאָטס ראַכמאָנעס אַ קוק צו טאָן אף דעם אידן, ווי אַף אַ פריבלודנע שעפּעלע, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן

פון דער טשערעדע און בלאָנקעט, נעבעך, ארום אין דער מידבער. נעבן דעם מעדאַליסט פוןביידע זייטן זיצן זויגעדיקע ווייבער מיט קליינע קינדערלעך, נעבן זיי גלאַט אַזוי מיידלעך מיט ווייבלעך, וואָס ניאַנטשען אָפּגעריסענע, בלויזע, נאַקעטע יאַטלעך. איינע שטופּט דעם שרייענדיקן נעפּעשל אין מויל אַריין די ברוסט, בעשאסמאַיסע וישנדיק אים דאָס פּאָנים, שנייצנדיק דאָס נעזל און שילטנדיק מיט טויטע קלאָלעס, ווינשעווענדיק איר האַרצווייטיק, אירע צאָרעס און אירע שלעק און יעסורים און קלעמעניש דעם קינד און אַלע אירע סאָנים און אַלע סאָנע־איסראָעל, אייגעזונקען זאָלן זיי ווערן, דערבארעמדיקער פאָטער! אַן אַנדערע פאָרעט זיך מיטן קינדס אומריין קעפּל, אייצעט זיך מיט אַ שביינע, אַ מאַמע פון, געזונט זאָלן זיי זיין, צען קינדערלעך, וואָס זי מוז שוין זיין אַ געניטע אין הילכעס קרעץ און טשירעקעס און פּאַרכעס און אַנדערע שלעק, און זי לערנט די כאַווערטע, ווי אַזוי מע מאַכט עפּעס אַ מין זאַלב, וואָס ס'איז גאָר כידושים ניפלאָעס און וואָס די גאַנצע שטאָט לעקט פון איר די פינגער. נאָר די אַלע, וואָס זיצן דאָ, אַף ביידע זייטן גאַס, זענען ניט מער, ווי אַ רעמל צום שיינעם בילד, וואָס מיר זעען אינמיטן גאַס. דאָרט שלעפּן זיך אָן צוימלעך, פראַנק און פריי, אַ פּאָר אידישע פערד, וואָס רוען זיך אויס די ביינער אום שאַבעס־קוידעש; די קליאַטשעס זענען אַלטע, מיעסע, מאָגערע, הויט און ביין, די רוקנס צעקאַרבט, צעשונדן, צעקאַרדאַשעט. מע זעט, אַז דער באלעבאָס האָט ניט געזשאַלעוועט קיין פּוזשעלעס און קיין בייטשן. — — — הינטער זיי גייט זיך בעהארכאָווע אזריעל דער באַלעגאָלע. דאָס שאַבעסדיקע העמד איז באַ אים צעשפּילעט, ביידע עקן פונם קאָלנער פלאַטערן אַפן ווינט, ווי דאָס זעגל־טוך פון אַ שיף; די ציצעס פונם טאַלעסקאָטן באָמבלען זיך אַזש איבער די הויזן, וועלכע זיינען אויסגעשמירט אין סמאָלע און אין פעטס און סע פעלט דאָרט אַ קנעפּל פונקט דאָרט, וואו ס'וואָלט דאַווקע געדארפט זיין פאַרשפּילעט. ער גייט זיך, אזריעל, ווי אַ מאָנאַרך, ווער איז היינט צו אים גלייך! אַ גאַנצע וואָך האָט ער געהאָרעוועט, ער און די פערד, געאַרבעט אוואוידאס־פּערעך: געשלעפּט אַ בויד אָנגעלאָדן ביז ארוף מיט אידן, גלופּסקער און אַנדערע, געטראָגן קלומקעס מיט זעק, אויסגעשטאנען אַלערליי טאַינעס און געשרייען פון די פאַרשוינען, וואָס זיי קענען ניט אויסציען די פיס, מע שטופּט זיי פון אַלע זייטן, מע קען זיך ניט רירן איבער די קערב מיט אייער און דער שטייג מיט אויפעס, וואָס ער האָט אַריינגעפּערעט אין וואָגן — אַ רעשטל צו די צאָרעס; אַ גאַנצע וואָך האָט ער זיך געמוטשעט מיט די פערד, געשמיסן מיט דער בייטש, געבראָקט ווי אין קרויט אַריין, געשיט קלאָלעס מיט כראָמעס, פאַרשאָלטן אי זיי, אי זיך דאָס געביין, אַז מע פלעגט פארקריכן אין אַ בלאָטע. היינט, שאַבעס, איז ער מיילעך, היינט איז זיין טאָג. ער רוט, ער שעפּט נאַכעס פון זיין ווייב, וועלכע גייט מיט אים נאָך די פערד, די טייערע ברויטגעבער זיינע, אינאיינעם מיט די גרעסערע און קלענערע קינדערלעך, וואָס אַ טייל טראָגט מען אף די הענט, אַ טייל האלטן זיך פאר דער מאמעס פארטוך, און אַ טייל גייען אליין.

## 9. גלופּסקער ווייבער.

שאַט, ראַבּויסאַי, שטיל! סע הערט זיך אַ געוויש. אַ גרויסער אוילעם רוקט זיך מיט אַ ליאַרעם, אַ געפּילדער, אַ גערודער. אַז דאָס וועט קומען נעענטער, זאָלט איר ניט מיינען, אַז ס'איז אַ הערטל גענז. ניין — דאָס זענען די גלופּסקער ווייבער, די גלופּסקער מיידלעך. יונג און אַלט זענען אַרויס אין גאַס אַריין שפּאַצירן. אָט גייען זיי שוין, אָט זענען זיי שוין דאָ!

זעט, וואָס פאַר אַ כילעק עס איז צווישן אַ גלופּסקערן און אַ אידענע פון אַן אַנדער שטאָט. יענע, אַז זי נעמט־אויף אַ נייע מאָדע, ווארפט זי די אלטע אינגאַנצן אַוועק, אַקוראַט ווי זי איז גאָר ניט געווען אַף דער וועלט. די נייע, ווידער, איז בּאַ אלע אף איין נוסעך, אַף איין שטייגער — ווי געמאַכט אין איין פורעם. די גלופּסקער אידענע זאָגט זיך, כאָלילע, ניט אָפּ פון אַ נייער מאָדע, נאָר וואָס דען? זי מאַכט זי איבער נאָך איר אייגענעם גוסט, זי פאַרדרייט זי אַף איר שטייגער, און דערבּיי איז זי ניט מעוואַטל דאָס אלטע אויך. דעריבער, אַז איר טוט אַ קוק אַף די גלופּסקער ווייבער, קענט איר זען אַלע מאָדעס פון כמעלניצקיס צייטן ביז היינטיקן טאָג, און אַפילע אַזוינע, וואָס ס'וועלן ערשט אַמאָל איינפאַלן אַ שניידער. אַ מאָדע־מאַכער ביז סאָף קאָל האַדוירעס. איצט, נאָך דער קורצער האַקדאָמע, קוקט־זשע, ראַבּויסאַי, לאָזט ניט אַראָפּ קיין אויג!

אָט גייען שורעס אויסגעפּוצטע מיידלעך מיט בּלויזע קעפּ, דאָס זענען קאַלעס. זיי פאַרנעמען די גאַנצע גאַס אין דער בּרייט, און זיי גייען גאָר, דאַכט זיך, ניט, נאָר זיי שוועבן, בּאַשיינענדיק די שטאָט מיט זייער צירונג און מיט די מאַטאָנעס, וואָס זיי האָבן בּאַקומען פון די כאַסאַנים קעפּי האַמדובער. אָנגעטאָן זענען זיי אין קאָל־טווו, אין זייד און אין פיי און אין סאַמעט, גאָר פּראַכט, נאָר די מאַלבּושים זענען צונויפגעשטעלט אַזוי, אַז איינס מיטן דריטן איז גאָר אַ קנאַפּער מעכוטן: אַ מאַלאָרוסקע העמדל מיט בּלאָע און רויטע אויסגענייטע קווייטן איז אָנגעטאָן צו אַ קליידל מיט אַ שלעפּ פון צוויי אַרשין די לייננג. דאָס קאַפּטל איז פון פאָרנט בּרייט און בּאַ די זייטן שמאָל, דער ראָק, פאַרקערט, איז בּאַ די זייטן בּרייט.

איין מיידל גייט נאָר אין איין קלייד, מיט אַ הוילן האַלז און קורצע אַרבּל, דאָס אַנדערע שלעפּט אף זיך מאַנטילקעס מיט שאַרפעס, וואָס פלאַטערן אַפן ווינט; קישעלעך און האַנטיכער שפּאַרן ארויס הינטן פון די קליידלעך, מאַמעש אַ ייצעראָרע צו קוקן. צוויי קרינאָלינעס, ווי אָנגעבלאָזענע לופט־בּאַלאָנען, שטויסן, גייענדיק, איינע די אנדערע, און בעשאַס סע פאַרייסט זיך בּאַ איינער דער אונטערשטער רייף, זעען זיך אַרויס פאַרדריפּעטע, קויטיקע שמאַטעס — אַז סע פאַרשעמען זיך אַזש די גאָלדענע אוירינגלעך אין די אויערן און סע ווערן שוואַרץ די גלאַנצנדיקע שטיינדלעך אין די בּראָנזעלעטן... סע געפעלט אייך ניט, האַ? איר דרייט מיט דער נאָז און קוקט שוין בּעסער אף די קלענערע מיידעלעך, וואָס גייען מיט די קאַלעס? אדראַבּע, זייער פיין! איך האָבּ אויך ליבּ קינדער, און דאווקע אזוינע, וואָס האַלטן זיך קינדעריש; אַפילע דאָס קינדערשע פלאַפּלען, דאָס שפּרינגען און טאַנצן איז בּא מיר ליבּ און טייער. איז

אָבער די צאָרע, וואָס אין גלופּסק איז ניטאָ קיין קינדער. גלופּסקער אינגלעך
זענען קליינע אידעלעך מיט אַלע פּאָסטעמקעס: מיטן ריידן, מיטן אָנטאָן, מיטן
היטן זיך, מיט דעם פּאַכעד און דעם טרויער און די דאַיגעס, וואָס זענען אָנ־
געשריבן אַף זייערע פּענימער. דער כילעק איז נאָר, וואָס זיי זיינען קליינע,
זיי האָבן ניט קיין בערד און קיין ווייבער. גלופּסקער מיידעלעך זענען אלטע
ווייבער אי מיט זייער לאָשן, אי מיט זייערע גיינג, זייערע טנועס, זייער האַכ־
נאָע, זייער שטילקייט און אַראָפּגעפּאַלנקייט, אי אַפילע מיט זייער כאָכמע. נאָר
וואָס דען? זיי זיינען קליינע און קינדלען ניט, ווייטער גאָר ניט. קינדער אָן
קינדישקייט, קינדער — אַלטע מענטשן! — — —

אַכטונג, ראַבויסאַי! מיינט ניט, אַז דאָס זענען גערטנער. דאָס גייען די
ווייבלעך, ווי אַ טשערעדע שאָף, און אַף זייערע היטעלעך וואַקסן דאָס גראָזן
און בלעטער און קוויטן און אַלערליי אַנדערע שפּראָצונגען. די גלופּסקער
ווייבער האָבן ניט מוירע פאַר קלאָים: זיי פלאַנצן אַף זייערע היטעלעך מיל־
גראָמען און זאַנגען, וויינטרויבן מיט מאַנדלען, ציבעלעס מיט קאַרשן מיט קאַ־
באַקלעך, ווערצעלעך כריין מיט שאָלעכץ קאַרטאָפּלים צווישן גאַנצע פּעק גראָז
און הוישאַינעס — אַ פּאַרגעניגן! סע פעלן ניט קיין פויגלען צווישן די בלעטער,
דאָ אַ שוואַלב, דאָרט אַ סאָראָקע, אַ זשוק, אַ זומער־פייגעלע, אַלערליי מאָדנע
באַשעפּענישן גאָר אָן אַ צאָל. די פּוסטע ערטער דאָרט אינמיטן, וואָס דאַכטן
זיך אייך אויס ווי ליידיקע פּלעצער אינמיטן אַ געדיכטן וואַלד, דאָס זענען די
טיכלעך און פּאַטשיילעס אַף די קעפּ פון די גלופּסקער צנועס — סיי די, וואָס
זענען געווען צנועס פון דער יוגנט אָן, סיי די, וואָס זענען געוואָרן גוט און
פרום ערשט אַף דער עלטער, אַז זיי האָבן שוין אופגעהערט קינדלען און
זענען געוואָרן גאַבעטעס אין אַ גוטער שאָ. די עקן פון די פּאַטשיילעס זענען
באַ אַ טייל ווייבער צוגעשפּילעט מיט אַ שפּילקע, באַ אַנדערע — פּאַרבונדן מיט אַ
שלייף, באַ נאָך אַנדערע זיינען די עקן פריי און פלאַטערן הינטן אַפן ווינט.
די היטעלעך מיט די גערטנער האַלטן זיך מיט ניסים אַף גראָבע, געדיכטע
פּאַרוקן, וואָס דער קאָפּ שטעקט אין זיי קימאַט ביז די אויגן, און די אויגן
וואַרפן זיך, לויפן אין אַלע זייטן און קיין זאַך בלייבט פון זיי ניט פּאַרבאָרגן.
קיין אויערן און קיין האַלז זעט מען ניט, נאָר רינגעלעך, קייטעלעך, פּערל און
דימאַנטן — עמעסע אָדער פאַלשע. דער קאָפּ מיט דער גאַנצער מאַכינאַציע
זיצט אַף אַ גוף מיט צוויי פיס, און דער גוף איז איינגעוויקלט אין קליידער
פון אַלערליי קאָלירן, וואָס זענען אָנגעטאָן איינס אַפן אַנדערן, ווי די שאָלעכץ
פון אַ ציבעלע: אויבן אַ זיידענער מאַנטל, אַ טייערע טאַלמע — פאַר לייטן, אונטן
קויטיקע צעריסענע שמאַטעס. און כאָטש די זון סמאַליעט, און דער אוילעם
שוויצט, נעבעך, אַז ס'איז אַ גאָטס ראַכמאָנעס, פונדעסטוועגן קענט איר דאָ
זען ווייבלעך אויסגעפּוצטע אין זייער וואַרעמע מאַלבושים, וואָרום די טאַיווע
צו פּוצן זיך איז אזוי גרויס, אַז זי איז גיוווער די היץ און דאָס שוויצן אום
זומער, די קעלט און דעם פראָסט און דעם שניי אינמיטן ווינטער.

# III. פון יענער זייט שטעטל: אַרענדאַרן, קרעטשמעס.

## 1. דער ארענדאר פון דער מיל.

א צען ווערסטלעך פונם שטעטל ק... אין דער ליטע ערגעץ געפינט זיך א מין קליין דערפל עפּעס, אַרומגערינגלט מיט גרויסע וועלדער, צווישן וועלכע עס פלייצט א היפּשער, א שיינער טייך, וואָס נעבן אים שטייט א מיל, און דעריבער הייסט דאָס דערפל מליניצע. אף איין זייט טייך קוקן אַרויס פון צווישן גרינוואַרג און בוימער א דריי קליינע הייזלעך פאר דריי פּויערשע פאַמיליעס, די איינציקע איינוואוינער דאָרט, און אף דער אַנדער זייט טייך שטייט האַרט נעבן וואַלד איין איינציקע שטוב פון קיילעכדיקע ברעוונעס מיט קליינע פענצטער און א הויכן, אַלטן דאַך. דאָרט זיצט כאָנע מליניצער מיט זיין הויזגעזינד, דער אַרענדאַר פון דער מיל, וואָס די כאַזאָקע אף דער אַרענדע גייט איבער אין זיין מישפּאָכע פון טאַטעס צו קינדער. איינגאַנצן זעט מליניצע אויס ווי א נעסט, וואָס ליגט פארבאָרגן אין א ווינקל, אָפּגעריסן פון דער וועלט, ווייט פון מענטשן און פונם טראַקט, נאָר קליינע שמאָלע וועגלעך שליינגלען זיך דורך דעם וואַלד דורך טאָלן און בערגלעך און פירן צו דערפער, וואָס ליגן צעזייט אַרום און אַרום. און ווען מענטשן זענען דאָ זעלטן, עס ראַשט נישט, עס קאָכט נישט ווי אין שטעט, דערפאַר שוויבלט און גריבלט דאָ אין די וועלדער, אין די זומפּן און פעלדער אַלערליי באַשעפענישן, כאַיעס און אויפעס; דערפאַר לאָזט זיך דאָ הערן אַלערליי קולעס: א געזאַנג פון פויגל, א קראַקען, א קוואָקען, א שמוצערן, א גרילצן זומער, א וואָיען, א היילן פון הונגעריקע וועלף ווינטער, און אמאָל א ברומען פון א פארבלאָנדזשעטן בער אויך — און אין דעמדאָזיקן קאָנצערט פארטראָגט זיך א רוישן פונם וואַסער באַם אַראָפּפאַלן אף די רעדער, א קלאַפּן, א מאָלן פון דער מיל.

ס'איז אַכרעך־שעל־פּייסעך — א שיינער, א וואַרעמער וועסנע־טאָג. די גילדענע זון האָט באַם אופגיין צעריסן, צעטריבן די גרויע וואָלקנס אין דער לופט און מיט איר ליכטיק פּאָנים אַראָפּגעקוקט פונם בלויען הימל מילד־פריינטלעך אף דער ערד. גאָטס באַשעפעניש, אַלע פון גרויס ביז קליין, האָבן, אופכאַפּנדיק זיך פונם לאַנגן ווינטער־שלאָף לעבעדיק־פריילעך, זיך גענומען איטלעכער צו זיין זאַך. פריש־געלע בלומען שטעקן אַרויס די קעפּלעך פון צווישן יונגע גרינע גראָז, קוקן אַרויס און מאַכן כיין. ווערבעס באַם טייך כאַפּן זיך אָנטאָן זייער ביי־גרינע זשופּיצע, שפּיגלענדיק זיך אין דעם וואַסער רייך־קלאָר ווי זילבער. פון

די ווייטע וואַרעמע לענדער, דאָרט אין דער פרעמד, קומען אויפעס טשאַטעס־ווייס צוריק אַהער אין זייער רו אַריין. ווילדע גענז פליסקען זיך ערגעץ צווישן וויספּעס דאָ אין טייך. ווילדע קאַטשקעס דרייען זיך ארום דעם טשערעט, אַרויס, אַריין מיט א געהילך, אַ געשווישטש. שוועלבעלעך פלאַטערן, שוועבן אַהין, אַהער אין דער לופט, שטאַרק פאַרטראָגן אין דעם בויען, פאַריכטן נייע און אַלטע נעסטער. באָרעכאַבע, דאָס אַלטע באַקאַנטע פאָר־פאָלק בושלעס איז אויך לעמאַזל דאָ אין א גוטער שאָ. זי, די בושלעכע, שטייט אף איין פוס, דאָס קעפל אין דער זייט, שטייט, באַטראַכט איר אַלטע נעסט אויבן אף אַ שפיק בוים, און ער אף די לאַנגע שטאָלצן שפאַצירט זיך האָפערדיק אף דעם זומפ דאָרט, צוקוקנדיק זיך צו א קאַליושע, וואו עס שפרינגען, קוואַקען זשאַבעס, און פלוצים—פיק־פיק, א כאַפ אין דעם רויטן ווייטן פיסק אַריין... ס'איז א לעבן, א פרייד, א פליעניש, א זשוזשעניש, א געזינגעריי, א געשווישטשעריי אומעטום.

ס'איז יאָנטעוו, ס'איז וועסנע־צייט!...

דאָס גאַנצע הויזגעזינד דעם אַרענדאַרס איז אַצינד אין דרויסן. כאָנע זיצט צעשפילעט אַף דער באַנק נעבן דער שטוב, קוקט אף גאָטס שיין וועלטל און גענעצט... ער האָט, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, באַלד נאָך מיטאָג גע־כאַפט א דרעמל. די עלטערע קינדער אַרום אים שטייען און שמועסן טאָך־זאַכן: וועגן א גרעבליע, וואָס האָט ערגעץ נישט ווייט פונדאַנען אָפגעריסן; וועגן דעם פאָרן אַהין אין שטעטל מאָרגן פרי, איינצוקויפן דאָרט פאר דעם פאָריך און אויך פאר זיך נויטיקע זאַכן; וועגן דער שקאַפע, א זקיינע פון א יאָר דרייסיק, בלינדלעך אַביסל, וואָס ליגט, מעכילע, צעלייגט אַפן גרינעם גראָז אַקעגן, קויקלט זיך און גלייכט זיך אויס די אַלטע קראַנקע ביינער, אוכדוימע נאָך אַזעלכע וויכטיקע זאַכן אין דער באַלעבאַטישקייט. די יונגערע לויפן ארום פריי און זענען שטאַרק באַשעפטיקט: אַ טייל שטייען אַפן בריקל נעבן דער מיל, קוקן ווי דאָס וואַסער לויפט דורך די אָפענע זאַסטאַווקעס, פאַלט אין איין גוס, ווי איין שטיק גלאָז, אַראָפ טיף אונטן מיט אימפעט, מיט גערויש און צעשפרינגט אין טויזנטער קליינע שפריצלעך, שפילנדיק אַקעגן דער זון אין אַלערליי קאָלירן, ווי בריליאַנטן. ווידער א טייל שטעלן־אונטער שיסעלעך נעבן בערעזענע בוימער, פון וועלכע עס רינט, דורך א געמאַכט שפעלטל אין זיי, א געשמאַקער, קלאָרער זאַפט. אַלע זענען פריילעך, זעען אויס יאָנטעוודיק. צר־ציק, דער הונט, אַ דיקבייכיקער מיט קורצע פיס און שוואַרצע פלעקן אף דער שמוציקער ווייסער פעל, אים פרייט זיך אויך דאָס האַרץ, פילט אויך, אז היינט איז יאָנטעוו. ער האָט היינט, נישקאָשע, געכאַפט שיראַיִם אונטער דעם טיש, אָפגעלעקט א ביין. ער פאַרייסט דעם וויידל, טאַנצט, שפרינגט מעשוגענערווייס אַהער, אַהין, אונטערפישטשענדיק עפעס אף א מין מעשונע הינטיש קאָל.

אף א פריי־גרינעם פלאַץ אין וואַלד הינטער דער שטוב זיצט אף א שטיק קלאָץ פון א גרויסער אומגעפאַלענער סאָסנע כאָנע מליניצערס ווייב, א שיינע באַטאָנטע אידענע, איניינעם מיט איר טאָכטער, א ווייבל פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. אַקעגן אַפן גראָז זיצן אָנגעלענט צוויי קינדער אירע—א מיידל,

אַ שיינהייט, א בלאָנדינקע מיט געקרויזטע לאָקן פון א יאָר פופצן, און א אינגל אף א פּאָר יאָר יונגער פון איר.

— נו, לייע! — האָט לעסאָף נאָך א היפּשער צייט שוויַגן די מאַמע גלייך ווי אין דער וועלט אַריין אַ זאָג געטון — זענען מיר שוין, באָרעכאָשעם, דעם יאָנטעוו אויך איבערגעקומען. נו, וואָס ווייטער, לייע?

— ווייטער איז צאָרעס. די אַלטע צאָרעס. אזוי, אזוי. — — —

## 2. די קרעטשמע.

די קרעטשמע איז געווען באַלאגערט אינדרויסן מיט פורלעך און וועגעלעך אַלערליי. אַ טייל ליידיקע, נאָר מיט אביסל שטרוי, אַ טייל פּאַרנומענע מיט מינע זאַכן און כפייצים, סיי נישט קיין פּאַרקויפטע, סיי געקויפטע דאָרט אַפן מאַרק. אף איין פורל ליגט אין אַ זאַק אַ כאַזער, ארויסגעשטעקט פון אַ לאָך זיין שיין פּיסקל, און מאַכט לעכער אין קאָפּ, שרייענדיק מעשונע אַף אַ גרילצנדיק קאָל. הינטער אַ וואָגן, אָנגעלייגט מיט נייע לאַפּטיעס, מיט נייע ליימענע טעפּ, טעפּלעך און מאַקרעטעס, שטייט צוגעבונדן אַ רויט־געפּלעקטע קו מיט איין האָרן און רייסט זיך מיט אַלע קויכעס זיך צו באַפרייען, גיכער קומען צו אירע אַלטע כאַווערטעס אין שטאַל מיט דער בסורע: נישקאָשע, מע איז אירער נאָך נישט פּאָטער געוואָרן, געלויבט דער שויר־האַבאָר, מע זעט זיך געזונט!... אַ פּאָר גרויע, ברייטבייכיקע, פיינע אָקסן שטייען געשפּאַנט אין דעם יאָך, מאַכן אַזוי ערנסט מיט דעם מויל און מאַלעגיירען געשמאַק, קיין מינוט, כאָלילע, נישט מאַפסיק צו זיין, גלייך ווי זיי זענען פאַרטיפט אין אַ וויכטיקער זאַך און טוען מיט זייערע אָקסענע קעפּ אוף עפּעס אַ גרויסן סייכל. דעם אַרענדאַרס ציג שטייט דערווייל אַפן וואָגן, שטעקט הינטערווײַלעכס אַריין דעם קאָפּ אין אַ זעקעלע דאָרט, נעמט באַלד אים אַרויס מיט א פול מויל, פּירקעט, דרייענדיק דאָס עקל, קייעט, מאַכט מיט די באַקן, טרייסלט דאָס בערדל גיך, געשווינד, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן. און אַלטער, אויסגעדאַרטער דאָרפס־הונט, לעבט אף דער עלטער פון קיצווע, אָן אַ שטעלע, מיט אַ הינקענדיק פיסל און אַ קאָלטון באָמבלענדיק זיך אים אַפן עק, שאַרט־זיך־צו נאָענט צום וואָגן, קוקט מיט דערעכערעץ, קומט דערנאָך צו נעענטער אף עטלעכע טריט, שמעקט, זוכט מיט דער נאָז, דערטאַפּט עפּעס אַ טרוקן, אָפּגעלעקט ביינדל, לויפט מיט דער מעציע אָפּ אַביסל ווייטער, שטרעקט זיך אויס אַף דער ערד און נעמט זיך קנאַקן דעם ביין, האַלטנדיק דערביי דעם קאָפּ אין דער זייט אַף די פּאָדערשטע לאַפּעס. — דאָס פערדל דאָרט אין יענעם וואָגן, נימעס ווערנדיק אים אַ לאַנגע צייט צו שטיין אף איין אָרט, גאָרנישט צו טאָן, נאָר דרעמלען, מאַכן מיט דער מאָרדע און שאָקלען די אויערן, איז זיך מעיאַשעוו אָפּצושטעקן א וויזיט א פּאָר איינגעשפּאַנטע אָקסלעך, וואָס טוען זיך וואויל איבער אַ זעקל פּאָלאָווע, און זיין זייער אוירעך אַף וועטשערע. נאָר באַם גיין פאַרהאַקט זיך די אַקס פון זיין וואָגן אין אַ רעדל פון אַ אנדער פורל, שיר אומצוואַרפן עס. יענץ פערדל דאָרט, אַרויסשפּרינגענדיק פון די

האַלאָבלעס, טרעט־אָן אַן אנדער פערד אַפּן פוס, עס טוט אַ הירזשע און שטעלט זיך דיבאָם. די ציג דערשרעקט זיך, טוט גיכער אַ שפרונג און טרעט אָן דעם דאָרפס־הונט אַפּן וויידל. ער שפרינגט דערשראָקן אַוועק אַף דריי פיס, היילנ־דיק אַף אַ קוויטש מיט אַ צענגאָרנדיקן שאַלשעלעס.

מיט גרויס מי שלאָג איך מיך דורך צווישן די אַלע פורלעך — — — און לאָז מיך אַריינגיין אין קרעטשמע.

דאָס אַלצדינג, וואָס אינעווייניק אין קרעטשמע טוט זיך, דערפיל איך ביס־לעכוויים, איינס נאָך דאָס אַנדערע קעסיידער, נישט אַף איין מאָל. דעם ערשטן קיבעד דאָרט האָט מיין נאָז. באַלד באַם אריינקומען, נאָך אף דער שוועל, טוט מיר אַ זעץ אַ שאַרף־ביטערער צאַפּנשטינקענדיקער רייעך פון בראַנפן, מאַכאָרקע און מענטשן־שוויים איניינעם. אַז די נאָז ניסט־אָפּ איר „מה־טובו״ פון אַזאַ באָרעכאבע מיט אַ הילך, צעגיסנדיק זיך אין שטייגער, גייען צום סמיך די אויערן. אַ ראַש, אַ געפילדער פון אויסגעמישטע איניינעם דינע, גראָבע, הייזעריקע, צעריפּעטע און כריפּעדיקע קוילעס קייקלען זיך אַריין אין זיי מיט אַ גרילצן, נאָר טויב צו ווערן. אַז די נאָז מיט די אויערן האָבן שוין זייערס אָפּגענומען, געהאַט זייער ערלעך אויסקומעניש, זענען שטארק אין דער אַר־בעט נעבעך די אויגן. נאָכדעם ווי זיי בלאָנקען זיך פריער אַרום אין דער טונקלעניש צווישן אַ געדיכטן אוילעם מענטשן, צונויפגעשמאָלצן איניינעם נישט צו האָבן אַ פּיצל סימען פון עפּעס אַ זאַך, דערזעען זיי פונדערווייטנס אַף אַ לאַנגן הילצערנעם טיש אַ כיילעוודיק ליכטל אין אַ ליימען לייכטערל, וואָס ברענט מיט אַ רויטן־שטעכעדיקן פלאַם, אַרומגערינגלט מיט געל־גרינך־בלוי־גרויע רעדער ווי רעגנבויגנס פון דער הייסער פּאַרע און זיילן רויך, וואָס שלעפּן זיך איבער דער שטוב אַרום. ערשט דערנאָך הייבן־אָן אַרויסצושווימען פונם טונקלען טומאַן קעסיידער: נעז, בערד, בערדלעך, טשופּרינעס, גאַנצע פּענימער און צורעס פון מאַנסבלען און נעקייוועס. עס שווימען אַרויס רעד־לעך מענטשן, אַ טייל האַלטן זיך אף די פיס, ערשט נאָכן פּערטן, פינפטן טרונק בראַנפן. אין דער זייט האַלזן זיך צוויי שיקורימלעך, זידלען זיך פאַר גרויס ליבשאַפט מיט מיעסע ווערטער. נעבן זיי שטייט אַ פלויניסטע באָרוועס אין אַ קורץ קליידל מיט אַ געשטיקט העמד אויסגעשניטן ווייט און האָט האנאָע, פּאַטשט איינעם, דעם אַנדערן אַפּן רוקן מיט גוטן, מאַכנדיק דערביי: געגוג, אַהיים, אַהיים! דאָס שיקערע פּאָר־פאָלק אָבער שמעלצן זיך נאָך מער פאַר ליבשאַפט, נעמען זיך שטייפער אַרום און פאַלן. ווידער אַ טייל זיצן אַף לאַנגע ביינק נעבן פלעשלעך מאַשקע מיט פאַרבייסן, צוויי באַלעגופן טרינקען איינער צום אַנדערן לעכאַים און זענען ביידע, ווי מע זאָגט, בעגילופן. איינער אַ שטאַרקער ליבהאָבער פונם ביטערן טראָפּן און וואָס דאָ איז שטענדיק זיין מאָקעם־מענוכע, וויטעט זיך פונדערווייטנס, רויכערנדיק זיין ליולקעלע, דאָס מיט דידאָזיקע צוויי לייט, דאָס מיט יענעם, דאָס מיט אַן אַנדערן, און וויג־שעוועט־צו: לעכאַים, לעכאַים! כאָטש מע קוקט זיך אַפילע אַף אים נישט אום. און גאָר צו לעצט שווימט ארויס אין דער געשטאַלט פון אַ אידענע, אַ רירנ־דיקע, אַ זשוואַווע, מיט אָפּגעבליאַקעוועטע פּעלענע מושקעס און עפּעס אַ מין

טיכל אַפּן קאָפּ, דעם שיינקערס ווייב מיט איר קאָוועד אַליין, נעבן פעסלעך, פלעשער, קעלישקעלעך, גלעזלעך, קרענצלעך בייגל, געקאָכטע אייער, דאַרע פישלעך און שטיקלעך פאַרהאַרטעוועטע לעבער. דאָס מויל מאַכט איר זיך קיין רעגע נישט צו, די הענט אירע רוען אויך נישט פונם טאַינען, רעדן מיט איטלעכן באַזונדער, פון געבן און נעמען גרייט געלט מעזומען, אָדער מאַשקאָ-נעס, אָדער מיט א קריידל אָנשרייבן אַף דעמס, אף יענעמס כעשבן פאַסקע-לעך און רינגעלעך.

איך דריי מיך אַרום ווי אַ גער צווישן דעמדאָזיקן גאַנצן אוילעם, פרואוו רעדן מיט דעם, מיט יענעם, און דער שפּיץ איז אַלטערס ווערטל טאַקע: מיי-לע, בעקיצער, גאָרנישט.

אין קרעטשמע ווערט שיטערער, דער אוילעם הייבט אָן זיך צעפאָרן, און איך לאָז מיך צוגיין צו דער באַלעבאָסטע, האַלטנדיק די בייטש אונטערן אָרעם אַקעגן אירע אויגן. דאָס טו איך בעקיוון מיט אן אויבער־האַסבאָרע, ווייל קרעטשמערקעס ביכלאַל האָבן ליב באַלעגאָלעס, קויפן זיי אונטער מיט בראַנפן, מיט עסן און מיט נאָך עפּעס, ביכדיי זיי זאָלן פאַרפאָרן צו זיי מיט פאַרשוי-נען. די בייטש איז מיר געווען אַ מייליץ און מיר געגעבן כיין און לייטזע-ליקייט אין דער באַלעבאָסטעס אויגן. עס הייבט זיך צווישן אונז אָן אַזאַ שמועס:

— גוט אָוונט! — גוט יאָר! — וואו איז דאָס אייער מאַן? — וואָס טויג אייך מיין מאַן? — גלאט אזוי זיך. — זאָגט, עפּשער וועל איך טויגן. — טאַ... מייכע-טייסע! — אַהער, אַהין, מיר צעשמועסן זיך ברייטלעך. איך דערצייל — — — אַלצדינג, ווער איך בין, ווי איך הייס, מיט וואָס איך האַנדל, און זי פון איר זייט באַשיט מיך מיט רייד, זאָגט מיר ארויס איטלעכס פּיצעלע, וואָס באַ איר אונטערן נאָגל, פון איר מאַן דעם שלימעזאַלניק, פון די קינדער און פּאַרנאָ-סע... עס ווערט צווישן אונז א נאָענטע באקאנטשאפט. מיר רעכענען זיך אויס, אַז מיר זענען גאָר ביידע שטיקלעך קרויווים! זי הייסט כאַיע־טראַינע, נאָך מיינס אַ קאלטער מומע פון דער באָבעס צאַד. א סימכע, א פרייד! זי פרעגט מיך אויס אף מיין ווייב, אף די קינדער, אף איטלעכן בא מיר באזונדער, און אז דער מאן איז דערוף אָנגעקומען, זאָגט זי אים אָן די בסורע גיך אין איין אָטעם: מיר האָבן אַ גאסט... א טייערן גאַסט.

---

# IV. אידן און קריסטן. עקאָנאָמישע באַציאונגען.

## 1. די ארומרינגלונג פון שטעטל.

שלוימעלע דערגייט זיך שפּעטער, אז דאָס שטעטל [קאַפּוליע] געהער גאָר צום גראַף ווינטגעשטיין, אידישע קינדער זיינען נאָר שכיינים דאָ, זיצן אַף צינש; אז די גאָים דאָ, הערט א מאַיסע, זיינען באַלעבאַטים אַזוי גוט ווי זיי, און עפּשער נאָך מער, האָבן אויך א שטיקל ווערט! — — — דער מאַרק מיט די קלייטן, מיט די סאָכרים און מעקלערס, מיט די שיינקן, אַכסאַניעס, מיט די מעשאָרסים און פאַקטוירים — די אלע זיינען, עמעס טאַקע, אין דער גוטער אידישקייט, אָבער די ערד, די פעלדער אַרום־און־אַרום זיינען דאָך גאָיִשע, זייערע, לעהאַוודל!...

א באַווייז דערויף האט ער אין די יאַגעדעס, אין די ניס, — אידישע קינדער גייען מיט טעפּלעך, קריגלעך קלייבן יאַגעדעס אין וואַלד, רייסן ניס, און עס ציטערט אַף זיי די הויט: אָט קומט אייסעוו, נעמט עס אַוועק און איז נאָך מעכאַבעד מיט א קלאַפּ אויך. ס'איז זיי פאַרשטערט, נעבעך, דאָס לעבן, דער וואַלד מיט זיינע בוימער, מיט זיינע שמעקנדיקע קרייטעכצער איז פאַר זיי נאָר א ריינע אָפּקומעניש, א שרעק. זאָל ערגעץ פאַלן א בלעטל, אַנטפּאַלט זיי דאָס געזונט, זאָל ערגעץ א פּיפּס טאָן א פויגל, טוט זיי א טיאָכקע דאָס האַרץ. איטלעכער שרייט אין די געדאַנקען „שמאַ איסראָעל‟, זיפצט נעבעך און טוט טפילע שטיל אינעווייניק אין זיך, גלייך ווי זיי וואָלטן געוואַנדערט אין דער מידבער ערגעץ... ער אליין איז דאָך געפּרואווט געוואָרן, געווען אין אזא צאָרע, נישט היינט געדאַכט, אז ער איז געגאַנגען איינמאָל מיט א פאָר כאַוויירים רייסן גרינס אַף שוואועס, קוים האָט ער אָפּגעריסן א צווייגל עפּעס פון אַ בליענד באַרנבוימל ערגעץ דאָרט נעבן א פלויט פון א גאָרטן, אַזש צוויי שקאָצימלעך טוען זיך א לאָז אים אַקעגן און וואָלטן זיכער אים געמאַכט דעם טויט. אַ נעס, וואָס גאָט האָט אים געגעבן פיס, האָט ער זיך צונויפגענומען מיט אַלע זיינע קרעפטן און באלד טאַקע געשווינד מיט אימפּעט אַוועק, אַוועק, איבערלאָזנדיק זיינע כאַוויירים אף גאָטס באַוואָר.

## 2. דער שלייער־אַרטיקל.

איינע פון די הויפּט־פּאַרנאָסעס, וואָס דערמיט האָט דאָס שטעטל ק... אויסגעצייכנט זיך פון אַלע אנדערע שטעטלעך אין ליטע, איז געווען „אַסטראַכאַנקע‟ און באַזונדערס דער „שלייער־אַרטיקל‟.

אַסטראַכאַנקע — דאָס איז געווען אזא סאָרט לייוונט, געפאַרבט טונקל־גרין, און צונויפגעלייגט אין שטיקלעך פון א געוויסער צאָל אַרשין, וואָס פלעגט

דינען מײנסטנס אױף אונטערשלאַק און אױך אױף קאַפּטנס פֿאַר אָרעמעלײַט. פֿאַר וואָס די לײַװנט האָט געטראָגן אױף זיך דעם נאָמען אַסטראַכאַנקע, דאָס איז אין דער געשיכטע פֿונם שטעטל אַדאַיעם נאָך ניט דערקלערט געוואָרן.

שלײַער האָט געהײסן זײער אַ דין, געבלײכט שטיקל לײַװנט, לאַנג און שמאָל װי א האַנטוך. אױך די שטעטלדיקע װעבערס מעלאָכע. מיט דעם מין האַנטוך פֿלעגן װײַבער אַרומװיקלען דעם קאָפּ איבער דער קאָפּקע, אױסקנײ־טשנדיק עס אַזױ, אַז הינטן אױף דער פּאָטיליצע זאָל אַראָפּהײנגען צװײ עקן, אין דער גרײס און אין דעם געשטאַלט פֿון מלינצעס, און זײ בײַ די זײַטן צװײ קלענערע, מיט דעם נאָמען „פּאָכעס". דעם פֿאַרשלײַערטן קאָפּ האָט װי אַ רײַף אַרומגענומען א צונױפֿגעלײגטע פּאַטשײלע, פֿאַרדרײט מיט א קניפּ אױפֿן שטערן, און די עקן פּאַטשײלע פֿאַרשטעקט, אָדער צוגעשפּילעט, אײן עק פֿון דער זײַט קאָפּ, יענער פֿון דער אַנדערער זײַט. בײַ אַלטע קאָשערע װײַבער איז דער קניפּ אױסגעקומען סאַמע פֿאָרנט, װי א „של ראש" אױפֿן שטערן. בײַ יונגע װײַבלעך, מאָדניצעס, איז דער קניפּ פֿאַרוקט געװען אַביסל אין דער זײַט. שאַ־בעס און יאָנטעװ האָבן װײַבער פֿון באַלעבאַטישן שטאַנד געטראָגן אױפֿן קאָפּ זײַדענע, קאַשעמירענע אָדער טערקישע פּאַטשײלעס, אינדערװאָכן װאָלענע מיט גרױסע קװײטן — עפּל־פּאַטשײלעס. דידאָזיקע בײדע מינע פּאַטשײלעס האָבן מעכוטאָנים פֿון כאָסנס צאַד באַדאַרפֿט שיקן פֿאַר דער כאַסענע א מאַטאָנע דער קאַלע, און מעכוטאָנים פֿון קאַלעס צאַד האָבן געשיקט דעם כאָסן א שטרײַמל.

אָט אזױ האָבן אונזערע באָבעס אַ פּאָנים געהאַט אין שלײַער!

דער שלײַער האָט באַדאַרפֿט זײַן װײַס װי שנײ, אָנגעקראָכמאַלעט, אָנגע־בלאָװעט און אױסגעקױקלט. דידאָזיקע מעלאָכע פֿון קױקלען־גלעטן אַ שלײַער איז געטאָן געװאָרן פֿון צװײ װײַבער, באַלעבאָסטעס, בעשוטפֿעס, אַזױ: אײנע האַלט מיט בײדע הענט בײַ די שפּיץ־עקן שלײַער פֿון אײן זײַט, די צװײטע טוט דאָס אײגענע יענער אַקעגן פֿון דער אַנדערער זײַט. אױף אזא אופֿן בלײַבט דער שלײַער צװישן די װײַבער אױסגעצױגן װי א לאַנגע שמאָלע רינװע, אין װעלכער עס געפֿינט זיך א גרױסע, קײלעכדיקע, גלאַטע קױל פֿון גלאָז אָדער פֿון אײַזן. גיט א הױב א אידענע די הענט אַביסל העכער, לױפֿט די קױל אין דעם שלײַער פֿון איר זײַט צו יענער װאָס אַקעגן. טוט באַלד אױך אַזאַ הױב מיט די הענטלעך יענע, קױקלט זיך די קױל אין שלײַער צוריק צו דער ערש־טער. אָט אַזױ לױפֿט די קױל הין־און־צוריק ביז דער שלײַער װערט גלאַט, װי אַ טאָק.

אָנצוקוקן בעשאַס־מאַיסע די בײדע װײַבער, װי אַזױ ערנסט זײ שטײען זיך װײַטלעך אײנע אַקעגן דער אַנדערער, װי אַזױ זײ הײבן די הענטלעך מיט א טרײסל די אַקסעלעך, אױספּוצנדיק די בײַכעלעך, פֿאַרלײגנדיק אין דער זײַט די קעפּעלעך; װי אַזױ זײ קרימען זיך, פֿאַרדרײענדיק די נעזעלעך, װאַרפֿנדיק מיט די אײגעלעך און שיקן איבער פֿונדערװײַטנס אײנע דער אַנדערער זיסע־גיפֿטיקע שמײכעלעך, גוטע רײדעלעך מיט שטעכנדיקע שפּילקעלעך — אָט דאָס אָנצוקוקן האָט מען, דאַכט זיך, שױן ניט באַדאַרפֿט מער קײן שענערס דערפֿון אין דער װעלט. א קאַפּאָרע טעאַטער, אונזערע הײַנטיקע טעאַטערס!

אָט דיראָזיקע שלייער פלעגן, ווי די „אַסטראַכאַנקע”, אויסאַרבעטן גויאישע וועבער אין דעם שטעטל, איטלעכער אף זיין וואַרשטאַט בא זיך אין דער היים, און אידן זיינען געווען די אָפּנעמער פון דער סכוירע, פאַר וועלכער מע האָט געצאָלט בימזומאָנים, אויך מיט טאַלקעס פאָדים. יעדער האָט שוין געהאַט זיינע געוויסע וועבער, מיט וועלכע ער האָט געהאַנדלט. געוויינטלעך האָבן דערמיט געהאַנדלט באַלעבעסלעך, נאָך קעסט־קינדער, אָדער ערשט אַראָפּ פון קעסט, בא וועלכע עס האָט זיך נאָך געפונען פונם נאַדן א מעזומען גראָשן. רעב כאַימס אויסגעגעבענע קינדער האָבן אויך דערמיט געהאַנדלט און געצויגן די פּאַרנאָסע. דיראָזיקע סכוירע פלעגט דערנאָך דורך גרעסערע סאָכרים, אופ־קויפער, צעפירט ווערן אין אלע ליטווישע שטעט, וואו עס האָט געהאַט א גרויסן אָפּגאַנג. ק־ער שלייער האָבן זיך גערימט אין דער וועלט. ס'איז געווען פּאַרנאָסע אין דעם שטעטל, אַסאַך אידן האָבן דערפון געלעבט.

אָט אַזוי האָט זיך עס געצויגן יאָרנלאַנג פון טאַטעס צו קינדער — און פּלוצלים נאַט אייך א גזיירע.

ס'איז ארויס די גזיירע פון די קליידער*) — ווייבער זאָלן ניט טאָרן גאָלן די קעפּ**), אידן זאָלן זיך אָנטאָן דייטש!

אַז אידן ווערן דייטשן, פאַרשטייט זיך, ווערן אידענעס דייטשקעס. עמעס, אין שטעטל ק. איז נאָך מיט כעסעד. פּייעס, שטריימל, פאַרשלייערטע געגאָלטע קעפּ לעסאַטע נאָך ווי פריער, אָבער ערגעץ אַנדערש אין דער וועלט איז פע!... אידן טוען אָן קאַשקעטן, אידענעס וואַרפן אַראָפּ פונם קאָפּ דעם שלייער און נעמען אַרוף אף זיך מינע שמאַטקעס — ליטווישע טשעפּטשיקעס, מעכילע, אַזוינע. אויס שלייער, אויס האַנדל, אויס פּאַרנאָסע! דאָס שטעטל ק. איז ווי דערהאַרגעט, איטלעכער דערפילט דעם קלאַפּ. עס דערפילן אויך די וועבער, די שפּינער, די קליינע און גרויסע אופקויפער. עס דערפילן אויך די שיינקערס, וואָרום אז דער וועבער האָט ניט אף ברויט, האָט ער נישט אף טרינקען. און אז די אלע ליידן מאַנגל, ליידן, עס פאַרשטייט זיך, אויך די קרעמער, די באַל־מעלאָכעס, דער גאַנצער קלענערער אוילעם. ווען איז עס אין קאָפּ צו קויפן, עפּעס זיך צו מאַכן? עס קומען־צו נייע קאַבצאָנים, פריש־צאַפּלדיקע עוויוינים. באַלעבעסלעך אָפּגעקומענע, באַפּאַלענע מיט קינדער, נעמען זיך צו מעלאַמדעס, באַטלאָנים, מצלאַמדים וואַקסן ווי קראָפּעווע. נישטאָ אָבער אזוי פיל טאַלמידים, וויפל רעבעס. שלעכט!

## 3. קאַבצאַנסקער סאָכרים און די גאָישע באַלמעלאָכעס.

גאַווריילע דער גאַרבער גייט ארויס פון באָרוך־אַבע מעשולעמ־פּייוועש־כאַיע־פייגעס שיינק און מיט אים נאָך פיר גאָים: מיקיטע און כוועדער די וועבער און וולאַס און אַלעקסע, וואָס מאַכן לאַפּציעס און קערבלעך, — אלץ היימישע גאָים, טוישווים, וואָס זיצן בא זיך אין דער היים. אַלע זענען שיקער

*) אין 1850 יאָר. י. י.

**) אין 1851 יאָר. י. י.

קאם וואָס זיי שלעפּן די פיס, זיי דרייען זיך אַהין און אַהער און זינגען שי־קערע מיעסע לידלעך, כאָטש ס׳איז היינט ניט קיין זונטיק און ניט קיין כאָגע. די אַלע גאָים זענען טאַקע פון אונזער שטאָט, אין זייער גאָישער קהילע האַלט מען זיי פאר לייטישע, ערלעכע, בעקאָוועדיקע מענטשן. פּאַרנאָסע האָבן זיי דערפון, וואָס זיי ארבעטן און פאַרקויפן דאָס אויסגעאַרבעטע אונזערע אידישע סאָכרים. יענע צאָלן בּימוומאָנים און פירן אַוועק די סכוירע אין גרויסע שטעט איבערן גאַנצן לאַנד. אַף אזא אויפן האָבן קאַבּצאַנסקער לאַפּציעס און קערבּ־לעך באקומען א שעם אַף דער וועלט און מע קויפט זיי זייער גערן. צוליב די אידישע סאָכרים האָבן די גאָישע בּאַלמעלאָכעס שטענדיק אסאַך אַרבעט און פּאַרדינען גאָר ניט שלעכט. אין א נויט, אשטייגער, פאר א כאָגע, אָדער אז סע טרעפט זיך א פייגער, אָדער, פּאַרקערט, א הוליאַנקע, א כאַסענע, א סימכע, קומט זיי דער אידישער סויכער צו הילף, גיט זיי עטלעכע קערבּלעך אף באָרג, זיי זאָלן נאָכדעם אָפּאַרבּעטן. צוליב דער פּאַרנאָסע זענען די היגע גאָים שטאַרק אופגעטראָגן מיט די אידן, פירן גוט־ברודערשאַפט נאָך פון קאַדמוינים, גייען איינס צום אַנדערן צו גאַסט און האַלטן זיך אן אייצע, ווען סע ווערט עפּעס איינג. גאָים קומען צו א אידן אין שטוב אריין, קענען די קינדער באם נאָמען, שפּילן זיך מיט זיי, טרייבן קאַטאָוועס, און די קינדער רופן זיי „פ ע ט ע ר ס״: פעטער מיקיטע! פעטער גאַוורילע! און ריידן מיט זיי אידיש. אז א איד מאַכט כאַסענע א קינד און סע שפּילן בא אים קלעזמער, קומען געוויינטלעך די „פּע־טערס״ אויך אף דער כאַסענע; אז דער אוילעם האַלט זיך בא די זייטן פון דעם באַדכנס דראָשע, לאַכן זיי אויך מיט אלע איניינעם. זיי ברייגגען דעם באַל־סימכע דראָשע־געשאַנק, ווער א האָן אָדער א הון, ווער עטלעכע צענד־ליק אייער, א פלעצל האָניק, א מעסטל קאַרטאָפּליעס אוכעדוימע. סימכעס־טוירע אף דער נאַכט, אז מע פירט די גאַבּאָים אין שול אריין מיט א געזאַנג און א געפּילדער, און מע שפּרינגט און מע טאַנצט מיט א סימכע און א כעדווע און א פלעסקעריי, אז ס׳איז מאַמעש הימל עפן זיך, אָדער צו די האַקאָפעס, אז מע קריגט זיך און מע שעלט זיך אין טאַטנס טאַטן און מע רייסט זיך באָרד און פּייעס, ווי דער שטייגער איז, און מע זינגט און מע העצקעט זיך און מע פרייט זיך אַנקענן דער טוירע, זענען גאַוורילע מיט כוועדערן מיט אַלעקסען אויך דאָ. זיי שטייען פארקוועטשט צווישן אוילעם אינגלעך מיט ווייבער און שרייען „צאן קדשים!״ גלייך מיט אַלע אידן — — —

— גאָט העלף! — זאָג איך גאַוורילען און פארנויג זיך פאר אים מיט דרעכ־ערעץ, שאָקל מיטן קאָפּ און טו א רוק דאָס היטל אף דער פּאַטילניצע: עלעהיי אַראָפּגענומען, הייסט עס.

— זשיד! — ענטפערט גאַווריל מיט אזעס, ארייגלייגנדיק אין דעם וואָרט אַזוי פיל ביזיוינעס, וויפל ס׳איז נאָר מעגלעך, און שטעכנדיק מיך מיט די אויגן.

— גערעכט, גאַווריל־לעבן! — ענטפער איך צוקער־זיס און מאַך זיך טאַמע־וואַסע מעשום דארקיי שאָלעם, אַקוראַט ווי איך פארשטיי ניט, אַז ער וויל מיר אָנטון א ביזאָיען, — אוואַדע בין איך א זשיד, דיין באַקאַנטער זשיד מענדל!

— מענדלאַ, מענדלאַ! — שפּעט פון מיר גאַווערילע און נעמט די פּאָלע פון דער סוויטע און מאַכט פון איר א „כאַזערשן אויער“, — אָט האָסטו דיר, זשיד כאַלאַמיי!

דאָס האָב איך שוין ניט געקענט איבערטראָגן: א הונט, לעהאַוודל, שווייגט דאָך אויך ניט, אַז מע טשעפּעט זיך צו אים, א קאָלשקן א מענטש. קערעווע איך זיך אויס צו דער איבעריקער כעווריע, אַקוראַט ווי איך פאַרלאָז זיך אף זייער יוישער, און זאָג מיט א טאַינע:

— אַדעראַבע... זאָגט איר, גוטע מענטשן, פאַר וואָס קומט דאָס מיר?... דאַכט זיך, גאַווערילע אזאַ לייטישער גאָי, וואָס־זשע זידלט ער מיך אומזיסט־אומנישט?...

— ביסט א זשיד! — שרייט מיקיטע אויס מיט א בייזער.

— ביסט אזאַ „מאָשעניק“, ווי באָרוך דער שיינקער, פּארכאַפּט זאָל ער ווערן, — שילט אַלעקסע און שיינקט באָרוכן א „מי־שבּרך“ אונטער די אויגן, דערמאָנענדיק זיין מאַמען.

— אויב אזוי, — פרעג איך זיי א האַרבע קאַשע, — אויב אזוי, וואָס־זשע גייט איר צו באָרוכן דעם מאָשעניק טרינקען בראָנפן, איר האָט דאָך א גאָישן שיינקער אויך?

— יענער איז נאָך א גרעסערער מאָשעניק, ווי דער זשיד — ענטפערט די כעוורע, — ער מישט דעם בראָנפן מיט וואַסער; היינט גיט דאָך באָרוך אף באָרג, און יענער וויל ניט.

— אימאַך שעמוי זאָל ווערן באָרעכקע דער מאָשעניק, — ברומט גאַווערילע און קלאַפּט זיך מיט א קולאַק אין האַרצן. — ער באָרגט, נאָכדעם מאָנט ער... איך האָב קיין געלט ניט, פאַרשאָלטענער זשיד! הערסט? אזא בלוט־זויגער... איך האָב ניט!

— ווער זשע נויט דיך טרינקען? — פּרואוו איך באַרואיקן גאַווערילעס רעציכע. — אַז דו צאָלסט דיין כויוו ניט, איז יענער, וואָס באָרגט דיר, א בלוט־זויגער?

— ער פאַרנאַרט מיך, דער טרייפענער זשיד, ער פאַרופט מיך אַלעמאָל צו זיך אין שיינק אַריין, ס'איז אַ ייצער־האָרע... — שטאַמלט גאַווערילע.

— אַי, גאַווערילע, גאַווערילע! — זאָג איך, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — לאָמיר זיך ניט נאַרן, לאָמיר ריידן דעם רעכטן עמעס. דיין ייצער־טאָוו מוסערט דיך, וואָס דו שיקערסט, ווילסטו אַרופלייגן דעם כעט אף יענעם. טוט דען אַזוי א לייטישער מענטש? אַ געמאָרע זאָגט: „ניט די מויז איז דער גאַנעוו, דער לאָך איז דער גאַנעוו“. מיילע, איז א מויז — אַ נאַריש באַשעפעניש, דו ביסט דאָך עפּעס א מענטש, גאַווערילע, האָסט סייכל און האָסט א פרייען ווילן, וואָס־זשע איז עמעצער שולדיק, אַז דו קענסט ניט ביישטיין אַנקעגן דיין ייצער־האָרע? זיי זיך מוידע, גאַווערילע־לעבן, אַז דו ביסט אומגערעכט, וועט דיר גאָט דער־פאַר מויכל זיין די אַווייורע.

גאַווערילע לייגט אַנידער ביידע לאַפּעס אף מיינע אַקסלען, שאָקלט מיטן קאָפּ און קוקט אַף מיר און שווייגט אַ שטיקל צייט. נאָכדעם זאָגט ער מיט אַ פריינטלעכן שמייכל: אַי, זאָל דיך כאַפּן דער שוואַרץ יאָר, מענדלאַ! ביסט געראָכטס... איך האָב דיך ליב, מענדלאַ, אף מיין וואָרט! קום וועלן מיר מאַכן אַ קויסע, כ'לעבן...

איך זע, אַז ס'איז אַן אייס־ראָצן,—מוסער איך אים ווייטער, אַלץ מיט אַ געמאָרע.

— זעסט, גאַוורילע, אונזערע כאַכאָמים זאָגן: „עבירה גוררת עבירה”: אַז מע טרינקט, אַרבעט מען ניט, אַז מע אַרבעט ניט, ווערט מען אַ באַלן אף יענעמס און מע...

— ניין, ניין, מענדלאַ,—שלאָגט מיך גאַוורילע איבער אינמיטן די רייד,— איך וועל באַצאָלן, וואָס איך בין שולדיק באָרוכן, האָב ניט קיין דאַיגע. איך וועל באַצאָלן, אָט ווי דו זעסט מיך לעבן. נאָר וואָס זאָל איך טון,—ער הויבט פּלוצלינג אָן צו ריידן מיט א וויינענדיק קאָל,—אַז איך האָב איצט ניט, איצט האָבן מיר קיינער ניט, ניט איך, ניט די איבעריקע גאָים. ניטאָ, מענדלאַ, קיין געלט!

— ניטאָ קיין אַרבעט, מע פאַרדינט ניט, זינט ס'איז געוועזן אָט די רעציכעס אין שטאָט *). אַסאַך פון די הענדלער זענען געוואָרן קאַבצאָנים, צאָלט מען אונז ניט פאַר אונזער סכוירע. נו, און אַז מע גייט אַרום ליידיק, ציט אין שיינק אריין.—אַזוי רופט זיך אָן וולאַס, א געזעצטער גאָי, איינער פון די כאָשעווסטע צווישן זיינע ברידער. דערביי טוט ער אַ פּאָר מיט דער האַנט איבער דער פּאטילניצע און לאָזט אַרויס אַ שווערן זיפץ. — — — —

אַז איך בין אַפן אַנדערן טאָג געקומען אין בעסמעדרעש אַריין, האָב איך געטראָפן די כעוורע זיצן און ריידן אַלץ וועגן דעם אייגענעם אייסעק. די רובע איז גוט אויסגעהייצט, דער אוילעם איז שטאַרק אַריינגעטאָן אין שמועס, מע פּילדערט, מע היצט זיך, די פּענימער פלאַמען. סע איז צוגעקומען עטלעכע נייע מענטשן אויך. אַ סימען, אַז דער איניען, וואָס מע באַטראַכט דאָ, איז זייער כאָשעוו. סע שטייט די שאַילע: וואָס טוט מען? — מיר זענען געוואָרן אניאים, עוויוינים, די הייזער — כורוועס, די קלייטן צעראַבעוועט, מע איז קוים אַרויס מיטן לעבן. קאַבצאַנסק איז געוואָרן אַ פּוסטקע, דער מיסכער — א טעל, ניטאָ קיין געשעפטן און ניטאָ קיין האָפענונג אף בעסערס! זאָגן די פּראָסטע ברידער: מע דאַרף ניט טאָן גאָרניט, עס איז אונז ניט קיין נאָווינע. מיר זענען אַלע יאָרן, באָרעכאַשעם, גרויסע קאַבצאָנים, די פּאַרנאָסע קומט אונז שטענדיק אָן מיט קלעמעניש. פונדעסטוועגן זענען מיר, מיט גאָטס הילף, ניט געשטאָרבן, מיר האָבן אי קינדער געהאַט, אי כאָסענע געמאַכט, אי מיר לעבן איצט אויך ווי עס איז. אויב ס'האָט זיך אונז איצט געטראָפן אַן אומגליק, איז מיילע בעכיין? קאַרג אומגליקן טרעפן זיך אַף דער וועלט? ס'איז דאָך ניט מער ווי אַ צופאַל, דאַרפן מיר האָבן ביטאָכן אַף דעם, וואָס לעבט אייביק, אַז ער וועט אונז געבן קויעך איבערצוטראָגן אַלע אונזערע צאָרעס און מיר וועלן נאָך, אימירצעשעם, דערלעבן צו בעסערע יאָרן, ווען די קאַבצאַנסקער לאַפּציעס וועלן זיך צעגיין אַף דער וועלט אין די מיליאָנען — וואָרום אַלע וועלן זיך אָנטאָן אין לאַפּציעס,— און קערבלעך און אויסגעאַרבעטע פעל וועט מען אויך אַרויספירן גאַנצע אויצרעס. די גאַווורילעס מיט די מיקיטעס זענען איצט אויך אין דער ערד. זיי האָבן ניט קיין פּאַרנאָסע אַזוי ווי מיר. לאָז נאָר איבערגיין עטלעכע וואָכן, וועט ווידער אַלצדינג ווערן ווי פריער.

*) די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן. י. י.

# V. גלופּסקער מיסכער.

## 1. נאָכפּרעג און אָנבאָט אין אַ אידישער שטאָט.

פּאַרנאָסעס איז, קיין איינאָרע, דאָ אין גלופּסק ווי שטערן אין הימל! וויפל כיידער־אינגלעך, אַזוי פיל איז דאָרט דאָ מעלאַמדים און באַהעלפערס; וויפל באָכורים מיט מיידלעך, אַזוי פיל שאַדכאָנים; וויפל קוינים, אַזוי פיל קרעמערס; וויפל סאָכרים און פּראָצענטניקעס, אַזוי פיל מעקלערס; וויפל באַ־לעבאַטים, אַזוי פיל באַטלאָנים; וויפל גאַסן, אַזוי פיל שולן, קלויזן, באָטע־מעדראָשים און מיניאָנים, און פּונקט אַזוי פיל איז דאָ כאַזאָנים, גאַבאָים, שאַ־מאָסים, באַל־קוירעס און באַל־טויקייעס, וויפל כסידים פון פאַרשיידענע ראַבי־אים, אַזוי פיל ראַבאָנים, דאַיאָנים און שאָכטים; וויפל מאַצעס, אַזוי פיל בע־קערס, קנעטערנס, רעדלערס און מאַשגיכים; וויפל שלעק מיט ווייטיקן, אַזוי פיל אָפּשפּרעכערס, באלעטויוועס, קאָהאָלס סטראַפּטשעס און מאָסרים. אַכוצדעם נאָך דאַרף מען צורעכענען די קאַבצאַנסקער שיינקערס, די שמאַטע־הענדלערס, די פאַרלעגער מיט די מעכאַברים מיט די רעדאַקטאָרן מיט די מויכער־ספאָרים־ניקעס, און וויפל ס'איז דאָ אַלע מינים אינגיינעם, אַזוי פיל איז דאָ אין גלופּסק קאַבצאָנים און עוויוינים. מ'האָט אַ בילבל אויסגעטראַכט אַף די גלופּסקער, אַז זיי זיינען רייך ווי קוירעך. גלויבט ניט! קוירעכס אוצרעס פאַרמאָגן נאָר עט־לעכע, געציילטע מענטשן פון זיינע אייניקלעך און זייערע באַסאָקעס, די אי־בעריקע מוטשען זיך געבעך אַפן שטיקל ברויט, קומען אָפּ, האָרעווען, דרייען אַ מויעך, און סע העלפט ניט, כאָטש צעריים זיך: ניטאָ קיין געלט! טאָמער זעט איר אַמאָל, אַ גלופּסקער איד פירט זיך מיטן טראַסק, ווי אַ גוויר, פאָרט אַרויס אין אַ פאַעטאָנדל מיט אַ פּאָר ברענענדיקע סוסים, זאָלט איר וויסן, אַז ס'איז נאָר אַן אָנשטעל, אַ פאַרבלענדעניש, קעדיי לייט זאָלן מיינען, אין עמעסן איז באַ אים די קעשענע פּונקט אַזוי לעכערדיק, ווי באַ אַלע גלופּסקער קאַבצאָנים.

## 2. גלופּסקער מוראשקעס.

אַז איך פלעג אַרויסגיין אין גאַס אַריין און דערזעען, ווי עס שיטן זיך, קיין איינאָרע, אידעלעך אָן אַ שיר, ווי מע רוקט זיך אַהין און אַהער, מע באַ־געגנט זיך, מע פאַרהאַלט זיך אַף אַ רעגע אינמיטן וועג און מע צעגייט זיך ווידער, לויפנדיק מיט אַן אימפּעט, איילנדיק יעדערער צו זיין געשעפט, ווייסט איר וואָס פאַר אַ פּאָנים זיי האָבן באַ מיר געהאַט? פּונקט ווי מוראַשקעס,— מענטשן־מוראַשקעס, וואָס דער אויבערשטער האָט מיט זיין גרויס כעסעד זיי

אַריינגעגעבן אינסטינקטן און געפילן און האָט זיי פאַרזאָרגט מיט קונציקע אייוורים, קעדיי זיי זאָלן זיך קענען זוכן זייער ברויט. אָט לויפט אַזאַ מין גלופּסקער מוראַשקע: זי האָט צוויי הערנער אַף צו טאַפּן מיט זיי, מאַמעש ווי צוויי הענט בײַ אַ מענטשן, און זי באַטאַפּט אַלצדינג, וואָס זי טרעפט אַפן וועג; זי האָט אַ שאַרפן כוש־האָרייעך און דערשמעקט פונדערווייטנס דאָס, וואָס זי דאַרף, סע מעג אַפילע זיין פאַרגראָבן גיין איילן אין דער ערד אָדער סע מעג ליגן טיף בײַ אייך אין קעשענע. זיי זענען אַ שלאָפּע אומע, דידאָזיקע מוראַשקעס. מיט קויעך קענען זיי ניט נעמען, זוכן זיי זיך אַלערליי כאָכמעס, קונצן, איבערגעשפּיצטע האַמצאָעס, אַ ניט וואָלט זיי, כאָלילע, אויסגעקומען גאָר פלאַטשיק. נאָך אַ דאַנק גאָט דערפאַר, וואָס ער פאַרלאָזט זיי ניט, ווי אין פּאָסעק שטייט: ורחמיו על כל מעשיו. באַווייזט זיך אין גלופּסק אַ נייער נעפעש, ווערט אַ טומל, אַ קאָכעניש, מע לויפט זיך צונויף, מע שטעלט זיך אים אַרום פון אַלע זייטן, מע באַשמעקט אים, מע באַטאַפּט אים, וואָס איז ער פאַר אַ בריע. מע טאַנצט און מע שפּרינגט פאַר אים אין איין אָטעם. אַף איין שטיקל ברויט וואַרפן זיך גאַנצע כאָפּטעס מוראַשקעס. פאַר איין קערנדל האַלט זיך מיט די ציין אַ גאַנצע איידע.

## 3. רעפאָעל דער קאָמיסיאָנער.

רעפאָעל האָט געשטאַמט פון אַ שטעטל ערגעץ אין פוילן. ערשט אַקעגן אַ פינף־זעקס יאָר, אַז ער האָט זיך באַזעצט אין גלופּסק און געהאַט דאָ אין קאָמיסיע סכוירע פון די גרויסע לאָדזער פאַבריקאַנטן.

גלופּסק איז פון לאַנג־אָן באַקאַנט פאַר אַ גוטן האַנדל־פונקט, אַף וועלכן אַסאַך פאַבריקאַנטן פון דער וועלט האָבן אַן אויג אָפּצוזעצן דאָ זייערע מינע סכוירעס. נישט דעריבער ווייל גלופּסק האָט אַ פּאָרט, אָדער אַ בערזע מיט באַרימטע קאַנטאָרן, ניין! אַף איר פּיאַטאָגנילעווקע זייגען נישטאָ קיין אָקרעגטן. זומער אין די גרויסע היצן איז אין איר, כוץ פאַר די שטאָט־כאַזיירים, נישטאָ קיין אָרט, וואו זיך צו באָדן, און ווי געוויינטלעך קלעקט נישט דאָס ביסל וואַסער אַף צו לעשן די סרייפעס ———

פון קיין בערזע ווייסט גלופּסק אויך נישט וואָס צו זאָגן, אידן פאַרזאַמלען זיך קופּקעסווייס אַף דער. גאַס, יאַף די גאַניקעס דאָרט, און אַנשטאָט קאַנטאָרן איז מען זייער גוט יויצע מיט באַלע־האַלוואָעס, וואָכערניקעס, וואָס מאַכן עס נישט ערגער פון אַ טייל באַנקירן אין אַנדערע שטעט און רעכענען פּראָצענט גאָר פּראָסט אָן כאָכמעס אַף די סעדרעס פון דער הייליקער טוירע... וואָס־זשע דען? גלופּסק האָט אַ גרויסן ווערט דערמיט אַליין נאָר, וואָס זי איז אָנגעזעצט מיט אַ יאַם אידן, אָן איינאָרע. אַ קאַפּאָרע אַלע יאַמען, אַלע פּאָרטן און אַלע בערזעס פאַר אַ אידיש קעפּל! דאָס אידישע קעפּל איז עפּעס אַ דראָט־אַרבעט, פליט הויך אינדערלופטן, עס דרייט, קערט וועלטן.

וואו אידן, דאָרט איז מעקור האַמאַלעך, דער מעמונע איבער דעם האַנדל... פאַרוקט אַ איד דאָס היטל, ווערט געבוירן אַ פּלאַן; גיט ער אַ קנייטש

דעם שטערן, שפּרינגט אַרויס אַ פריש־צאַפּלדיק אייסעקל, און לאָז ער אַ קראַץ טאָן זיך אין דער פּייע, וואַקסט ווי פון דער ערד אַרויס אַ טראַנספּאַרט סכוירע. און באַ די גלופּסקער, נישקאָשע, איז אַרוף ביז דעם האַלבן קאָפּ פאַרוקט דאָס היטל, זיי קנייטשן גוט דעם שטערן און קראַצן, קראַצן געשמאַק די פּייע. מע באַדאַרף נאָר קיין נאַר נישט זיין, היטן זיך די ביינער, קען מען אין גלופּסק מאַכן געשעפטן. און, איבעריקנס, אַז מע כאַפּט אַמאָל פון עמעצן „קוימעמיוס״, מיילע, וואָס איז דאָ אַזוינס? אַף דעם יאַם גייט דען אַמאָל נישט אונטער אַ שיף מיט סכוירע און ווערט דערטרונקען? דער גאַנצער כילעק איז נאָר, וואָס דאָרט איז דערטרונקען — דערטרונקען מיט אַן עק! און דאָ ווערט געוויינט־לעך נאָכן „קוימעמיוס״ נאָך געצאָלט קוואורע־געלט געוויסע „מאַכערס״ אַזעלכע, פאַר זייער מי, דעם געשעדיקטן „קאָדעש״ צו טאָן זיין רעכט.

אַז רעפאָעל האָט געקענט אַ יאָר זעקס זיך האַלטן מיט זיין קאָמיסיע אין גלופּסק און נישט געשעדיקט געוואָרן, איז דערפון זייער גוט געדרונגען, אַז קיין נאַר איז ער זיכער נישט געווען.

אין דער שטאָט איז רעפאָעל באַקאַנט געווען פאַר אַ גוטן, פיינעם, ערלעכן יונגנמאַן, האַגאַם ער האָט געכאַפּט אַ שטיקל אָנבליק פון דעם נייעם שניט מענטשן, נאָר זיין האַנדל אין דער וועלט מיט סאָכרים האָט דעם קליינעם כי־סאָרן פאַריבן, און מע האָט זיך ניט וויסנדיק געמאַכט. עט, וואָס מאַכט עס אויס! באַ אַ סויכער קוקט מען איבערהויפּט נישט אַף פיל ערגערע זאַכן אויך. אַ סויכער, נישקאָשע, מעג... און אַזוי ווי רעפאָעל איז געווען אַן אַלמען, האָבן זייער פיל, פונם פרומען אוילעם אַפילע, געשאַרפט אַף אים די ציין, צו דערטאַפּן אים פאַר אַן איידעם.

ער איז געווען איינער פון יענע יונגעלייט, מיט אַ יאָר פערציק צוריק אונטער אידן, וואָס זענען פונם טאַנאַך און דער געמאָרע געוואָרן „באַהאַלטע־נע מאַסקילים״. — יענע, אַלייעם־האַשאָלעם, זענען נישט אָפּגעזונדערט געווען פונם איבעריקן אוילעם, נישט אין דעם אידישקייט, נישט אין דער האַלבאָשע; געלערנט, געדאַוונט דריי מאָל אין טאָג, זיך געוואַשן, געבענטשט, גלייך ווי אַלע, געגאַנגען געקליידט, געטראָגן אַן אַרבע־קאַנפעס, נישט געזעסן אָן א היטל — אַלצדינג גלייך ווי אַנדערע, אויסער נאָר, וואָס זיי האָבן זיך מאַטיר געווען איבערצוהיפּערן געוויסע שטיקלעך פּיוט, אביסל אונטערקירצן די קאַפּאָטע, ביכדיי זיך נישט צו פאַרדריפּען, צו לאָזן וואַקסן אַביסל די האָר, אונטער־צושניידן א קאַפּעלע די פּייעס און האַלטן ריין, אויסגעקעמט דאָס בערדל, וואָס דערפאַר פלעגט מען אַף זיי צווישן דעם אוילעם עפּעס מורמלען.

## 4. רעב אָשער, דער געהויבענער מעקלער.

דער בעסטער כיילעק לאַנגע אידישע נעזער איז, ווי דער וועלט איז באַ־קאַנט, די גלופּסקער מעקלער אָנגעקומען. דאָס האָבן זיי אַ מאַטאָנע פון זיין ליבן נאָמען אַ מינדסט געשעפטל פון אונטער דער ערד אָנצושמעקן — דאָס איינציקע געצייג זייערס זיך דערמיט צו דערנערן. פונדאַנען זעט מען באַשיינ־

פּערלעך אַרויס, וואָס פֿאַר אַ גוטן גאָט מיר האָבן, ווי געטריי ער גיט זיך אָפּ מיט זיין וועלטל און לייטזעליקט אַלע זיינע מינע באַשעפֿעניש, מבֿיצי כּינים, פֿונם קלענסטן ווערימל ביז אַ אידישן מעקלער, מיט די נייטיקע קלייזאַיען, איטלעכן צו זיין פּאַרנאָסע. און רעבֿ אָשער, *דער געהויבנסטער מעקלער*, פֿול אין אַלע קלייטן און קאָנטאָרן, אַ דאַר אידל, אַ רירנדיקס, אַ צאַפּלדיקס, טאָמיד מיט אַ פֿאַריסן היטל ווייט אַרויף איבער דעם שטערן, מיט אַ שטעקעלע, דרייענדיק עס אַרויף און אַראָפּ, אין אַלע זייטן — ער איז געלייטזעליקט גאָר מיט אַ הויפּט־פּיינע נאָז, פּרימאַ. די נעשאָמע זיינע, דאַכט זיך, האָט זיך אַרויסגעקליבן באַ אים פֿונם מויעך, פֿאַרנעמענדיק מיט זיך אויך דעם סייכל, די כאָכמע זיינע, און איז אַריין אין שכיינעס צו אים אין דער נאָז. באַלד באַ רעפֿאָעלס קומען קיין גלופּסק האָט ער, די נאָז, הייסט עס, דערשמעקט דאָס קאָמיסיע־געשעפֿט רעפֿאָעלס פֿון די לאָדזער פֿאַבריקאַנטן, און זיך גענומען געשמאַק צו דרייען מיט אים וועלטן. אַז רעפֿאָעל אָבער האָט זיך נישט געלאָזט דרייען ביז ער וועט נישט אויסלערנען פֿריער גוט דעם פּלאַץ מיט די אַלע סאָכרים דאָרט, איז עס רעבֿ אָשערן געוועןן אַ גרויס וואונדער און האָט זיך אָנגערופֿן, שטאַרק פֿאַרדרייענדיק די נאָז:

— סטייטש, וואָס הייסט! אַ איד — און לאָזט זיך נישט מאַכן געשעפֿטן!.. נישט אַנדערש, האָט מיר קיין פֿאַריבל ניט, אַז מאַלאָסוי ע—ע—ע... האָט אין האַנדל נישט קיין געפֿיל.

— ווי קומט געפֿיל צו האַנדל?! צום האַנדל ברויכט מען סייכל. מע באַדאַרף פֿאַרשטיין.

— עט, נאַרישקייטן! — מאַכט רעבֿ אָשער, דרייענדיק די נאָז און אויפֿשטעלנדיק דאָס שטעקל — איך מיין, פֿאַרשטייט איר מיך, דעם ברען. צום האַנדל באַדאַרף מען דעם ברען. ברענען באַדאַרף מען, ברענען... סייכל איז — בע. קוקט אָן, זייט־זשע מויכל, אונזערע גרויסע גלופּסקער סאָכרים, וואָס, האַ? נאַט אייך אַ גראָשן פֿאַרן סייכל! מע האַנדלט, מענטשן האַנדלען. וואָס דען? דערויף איז מען דאָך מענטשן, סאָכרים... און פֿאַרדינען איז אַ גאָט־זאַך, אַ מאַזל. מזל מחכּים, מזל מעשיר, אי רייך אי קלוג, אַלצדינג איז מען מיט מאַזל.

— האַנדל, וואָס געבויט אויף מאַזל, אויף לויטער ריזיקע, איז אַ קאָרטנשפּיל. אַזוי, אַזוי, רעבֿ אָשער, אַ קאָרטנש...

— ווייס איך וואָס איר זאָגט מיר עפּעס אַ קאָרטנשפּיל — פֿאַלט אַריין רעבֿ אָשער רעפֿאָעלן אין די רייד, דרייענדיק דאָס שטעקל און אויפֿשטעלנדיק די נאָז — קאָרטן זענען קאָרטן, און האַנדל איז האַנדל. עפּעס שפּיל איך דאָ און לייג פֿאַר מאַלאָסוי אַ שפּילכן? אייסעק רעד איך, אייסעק, אַזאַ וויכטיקע זאַך!

— לאָזט זיך נאָר דינען, רעבֿ אָשער! — קומט רעפֿאָעל אַלץ טאַקע מיט זיינס, רואיק, געלאַסן — האַנדל ווייל ס'איז אַ גרויסע, וויכטיקע זאַך: עס בינדט אויף מענטשן די הענט צו אַרבעטן, שיינע, גוטע, נוצלעכע מעלאָכעס אַלערליי, און עס פֿאַרברייט אומעטום, פֿאַרצוקערט זייער אַרבעט, עס פֿירט צונויף נאָענט ווייטע לענדער, עס בילדעט, איידלט אויס, עס שפּייזט און באַלעבט אַ וועלט מענטשן — אָט דעריבער טאַקע, ווייל ס'איז אַזוי וויכטיק, מוז עס, ווי אַלע

אַנדערע וויכטיקע זאַכן, געפירט ווערן געזעצט מיט באַרעכענונג, מיט פאַרשטאַנד...

— נישטאָ וואָס צו רעדן. אַ גוטן! — געזעגנט זיך רעב אָשער, נישט אויסצוהערן רעפאָעלס שמועס ביז אין סאָף אריין. ער פאַרייסט דאָס היטל, אַ מאַך געבנדיק מיט די אַקסלען, אַ קראַץ אין דער פייע, אַ דריי מיט דער נאָז, און ווערט אַנטרונען.

— אַ גוטן טאָג, אַ גוט יאָר! — זאָגט רעפאָעל, אַז רעב אָשער איז שוין געווען אַף יענער זייט טיר — וואָס זאָל מען טאָן? האַ, מע וועט זיך מוזן באַגיין אָן רעב אָשערס הילף אויך.

רעפאָעל איז אין זיין זאַך געווען געלערנט, פראַקטיש, דערצו אָרנטלעך ווי ווייט מעגלעך. ער האָט קוידעמקאָל זיך גענומען גוט באַטראַכטן גלופסק און זי איז אים פאָרגעקומען זייער ציקאַווע מיט דעם סטרוי פון אירע הייזער, מיט אירע גאַסן, געסלעך און הינטערגעסלעך; ציקאַווע מיט אירע אידן, מיט אירע קרעמער און סאָכרים, ציקאַווע מיט איר שטענדיקן ראַש, יאָגעניש, לויפעניש און מיט אלע אירע גיינג. דער ייצער־האָרע פון מיסכער איז דאָרט גרויס. אידן האַנדלען איינע מיט די אַנדערע, ציען די פאַרנאָסע איינע פון די אַנדערע. צען מאָל מעג אַ סויכער פאַלן, זאָגן „קוימעמיוס", שטייט ער, נישקאָשע, אוף און האַנדלט ווייטער. הייַנט, אזוי הייסט עס, הייַנט איך דיר „קוימעמיוס", און מאָרגן — דו מיר. הייַנט האָלט דער די בייטש און טראַסקעט, און מאָרגן טראַסקעט יענער. אָט אַזוי דרייט זיך דאָרט דאָס רעדל, דער אַרוף, יענער אַראָפ, און דערנאָך יענער אַרוף און דער אַראָפ. דער ייצער-האָרע וואַרעמט אונטער, אידן פלאַמען, דרייען זיך, דרייען און האַנדלען. רעפאָעל האָט אין גלופסק געפונען אַ פלאַץ אף אָפצוזעצן זיין סכוירע. נאָר ווייל אין האַנדל מוז מען געבן אף קרעדיט, אַנדערש איז ניט מעגלעך אָפצוזעצן, און מוירע האָבן אָבער באַדאַרף מען דאָ פאַר אָנזעצן, דעריבער איז ער אין האַנדל געגאַנגען האַרט בא דער ערד, זיך נישט געכאַפט, געיאָגט; ער האָט גוט איבערגעזיפט, געגעבן אַף באָרג נאָר גרויסע ביטוכים. דעם קלאַל האָט רעפאָעל געהאַט: בעסער ווייניק פאַרדינסט, נאָר זיכער, ווי אַסאַך מיט ריזיקע; גלייכער צו גיין פאַמעלעך האַרט בא דער ערד, ווי צו פליען און דערנאָך אַראָפפאַלן, ברעכן האַלז און געניק. רעב אָשער דער מעקלער אָבער האָט נישט געהאַלטן מיט רעפאָעלן, און פלעגט ברייגגען ראַיעס פונם שטייגער פירונג אין דער וועלט, פון מערדעש און דעם אוילעמס ווערטלעך, וואָס פונקט קאַפויר, נישט אַזוי ווי ער.

— אַ טאָעס, ווי איך בין אַ איד! — האָט געטאַינעט רעב אָשער, אַז ער האָט פאַרגעלייגט געשעפטן און רעפאָעל האָט נישט געוואָלט הערן — — — ווען, כאָלילע־וועכאַט אַזאַך אַזוינע ווי מאלאָכוי זאָל געווען זיין צווישן אידן, וואָלט די וועלט באַראַבט כאָרעוו ווערן. עס וואָלט נישט געגלויבט איינער דעם אנדערן — אויס קרעדיט, אויס האַנדל, אויס פאַרנאָסע, און עס וואָלט אויסגעקומען — לייג זיך, סאָנע־ציען, צי זיך אויס און שטאַרב. און וואָס נאָך? מענטשן וואָלטן נישט געאַקערט, נישט געזייט אויס מוירע, טאָמער

וועט די ערד זיי אָנזעצן, נישט אַרויסצוגעבן טוואוע, אפילע דאָס, וואָס זיי האָבן אין איר אריינגעלייגט... — — — טאַקע, דעם אוילעמס ווערטל: ווער עס שטעלט נישט איין — נעמט נישט אויס. דער שפּיץ איז: אַ סויכער באַדאַרף נישט האָבן קיין כאָכמע, נאָר מאַזל, דעם אויבערשטנס הילף. דער, וואָס איז נישט קיין באַר־מאַזל, מעג ער זיך אַפילע זיין אַ כאָכעם ווי שלוימע האַמעלעך, וועט ער גאָרנישט מאַכן, טאַקע ווי מע זאָגט: אין עצה ואין תּבונה, עס העלפן נישט קיין שום כאָכמעס אַקעגן שלעכטע קאָרטן.

אָט מיט אַזעלכע מינע מעמרעס און נאָך אַזוינע פּיזמוינעס פלעגט רעב אָשער אַלץ איינריידן רעפאָעלן, ער זאָל מאַכן דורך אים געשעפטלעך מיט קרעמערס, נישט צופיל איבערטראַכטן, איבערקלערן, שטאַרק פאַרזיכערנדיק זיינע ווערטער מיט שוואועס און טויטע קלאָלעס: ער זאָל נישט אויסלעבן זיינע יאָרן, ער זאָל איינעמען אַ מיסע מעשונע, ער זאָל נישט האָבן קיין כייֵלעק אוילעמאַבע, ער זאָל נישט הערן שויפער שעל מאָשיעך, און נישט זוכע זיין צו פירן די טאָכטער זיינע אונטער דער כופּע, אויב ער מיינט נישט איגגאַנצן טאַקע נאָר לעטויוועס האָאייסעק. גאַנץ פּאָשעט, ער מיינט נישט אזוי דאָס מעקלעריי, ווי דאָס געשעפט אליין — דאָס געשעפט זאָל וואַקסן. און זעענדיק אָבער, אַז ס׳איז אַרויסגעוואָרפענע רייד, רעפאָעל האַלט זיך טאַקע בא זיינס—ניין, ניין! פלעגט ער שוין כּרואוון מיט בייזן. דעהאינע, אָנדרודלען די נאָז און מאַכן אף אים אַ מוירע מיט פוילע טנועס, אַזוי, אַשטייגער:

— וואָס מיינט אַזוינס זיך מאלאָסוי? מאלאָסוי מיינט, אַז ער איז איינער, נישטאָ מער כוץ אים, האַ! נו, וויסן זאָלט איר, אַז ס׳איז דאָ, געלויבט איז גאָט, אַ מאָסקווע און אַ לייפּציג אף דער וועלט! און בעעמעס טאַקע גרויסע נאַראָנים זענען זיי, די גלופּסקער סאָכרים. צו וואָס טויג זיי נעמען סכוירע בא מאלאָסוי, וואָס קומט זיי אָן מיט אַזוי פּיל מי, מיט בויכווייטיק און אַף טייערע פרייזן, אַז דאָרט, אין יענע שטעט, בא דעם פּאָניע און דעם דייטש, גייט מען זיי אַקעגן, מע דייסט בא די פּאָלעס, בעטנדיק זיי: אַהער, אידעלעך, אַהער! נאָט אייך סכוירע, אַ בכיר, און בעזיל־האַזאָל. עפּשער איז שווערלעך בימזומאָנים, קען מען הויבן אַ האַקאָפע — נעמט, אָך, אף קרעדיט. און אידן גייען טאַקע און נעמען. און אַז עס מאַכט זיך אַמאָל אַ קרעצל, אַ שטיקל איקעוו, הייסט עס, מע קען נישט ענטפערן צום טערמין, צאָלן, הייסט עס... איז, כאָלילע, נישט אַזאַ גרויסע סאַקאָנע. דער דייטש און פּאָניע זענען גוטע מענטשן, זיי שווייגן.

---

# VI. באַלמעלאָכישער גראַד.

## 1. לייזער דער שניידער.

לייזער דער שניידער איז געווען אַ קליין דאַר אידל מיט א בלייך פּענימל, זייער ספּריטנע, אַ רירנדיקס ווי קוועקזילבער, מיט אַלע שניידערשע פּאָסטעמקעס — אַ פאַלגע מיט די ביינער. מע האָט אים געקענט רופן אי אַ ווייבערשער, אי אַ מאַנסקער שניידער, אָדער, נאָך גלייכער, נישט קיין ווייבערשער, נישט קיין מאַנסקער, ווייל ער האָט זיך אונטערגענומען נייען אי ווייבערשע, אי מענישע קליידער, אַלצדינג אין דער וועלט, אַפילע א היטל אויך, און האָט קיין זאַך נישט רעכט געקענט. אונטער זיינע הענט פלעגט אַ יופּע מעגולגל ווערן אין א שלאָף־ראָק, אַ שלאָף־ראָק אין א קאַפּאָטע, א קאַפּאָטע אין אַ קליידל און אַ קליידל אין אַ קינדערשלייבל. דערצו איז ער געווען אַ בעריע. עס האָט בא אים אויסגעגעבן טאָמיד מאַטעריע אַקוראַט וויפל מע באַדאַרף, און אים איז נאָך אויך איבערגעבליבן אַ היפּשער שטיק איטער. אונטער אַן אָסיען, די רעכטע צייט, ווען בא אידן אין דער פאַמיליע הייבן אָן קליידער איבערגעניצעוועט און מעגולגל ווערן פון איין מאַלבעש אין דעם אַנדערן, דענסטמאָל איז ער געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט.

לייזער האָט פון זיך האַנאָע געהאַט און זיך געהאַלטן פאַר דעם בעסטן שניידער, ווען נישט אין דער גאַנצער וועלט, אַלקאָלפּאָנים פאַר דעם בעסטן אין בעזליודעוו, ווייל ער האָט אַליין נישט געוואוסט וואָס אים פעלט. אַז מע פלעגט אים אַמאָל וויזן עפּעס אַ גוט שטיקל אַרבעט ערגעץ פון דער כרעמד, פון בערלין, אַשטייגער, פלעגט ער געבן אַ שמייכל און נישט וועלן אַפילע דעם קאָוועד אָנטאָן, דערצו זיך רעכט צוקוקן און צו באַטראַכטן, ווי דאָס איז גענייט, ווי עס גייט דער שניט.

— עט! — פלעגט ער שמייכלען מיט אַ קנייטשעלע און יענעם אָפּשלאָגן די פליגל — עט, וואָס איז דאָ אַזוינס פאַר א כאַריפעס? וואָס האָט מען דאָ געפונען אַזוינס וואָס צו זען? אַזעלכע אַרבעטן האָב איך שוין אין מיין לעבן טויזנטער מאָל איבערגעמאַכט. מע באַדאַרף נאָר צו אַלץ האָבן מאַזל, אַבי ס'איז אין בערלין, כע, כע, איז שוין גוט.

אַ צינגל האָט לייזער געהאַט אַ געשליפנס, זייער אַ געלויפיקס. אַז עמעצער פלעגט וועלן אים אויסמאָלן, ווי ער זאָל אים נייען, האָט ער יענעם נישט געלאָזט אויסרעדן, פאַרכאַפּט און גערעדט אַלץ אַליין:

— איך וויס, איך וויס־וויס־וויס! זייט זיכער, איך וועל אייך מיט גאָטס הילף מאַכן אַ שטיקל אַרבעט נאָך בעסער ווי איר אַליין ווילט. דאָס ערשטע

מאָל איז מיר דען צו מאַכן אַזאַ אַרבעט? איך ווייס, זייט זיכער, איר וועט צופרידן זיין.

באַם אָפּבריינגען די אַרבעט, אַז יענער פּלעגט זאָגן: דאָ קוועטשט אים, דאָ קנייטשט זיך, דאָ ליגט נישט גוט, דאָ איז שמאָל, האָט לייזער נישט געוואָלט גאָר הערן, אַלץ גערעדט, גערעדט און פאַרשאָטן מיט רייד:

— כאָלילע, ווי פּאַלט איר אויס אַזוינס. צו זאָגן? עס קוועטשט נישט! עס טאָר גאָר נישט קוועטשן, עס הייבט נישט אָן אַפילע זיך צו קנייטשן. גיט נאָר אַ צי, זייט מויכל, אַהין אַביסל. עס ליגט גוט אַזוי ווי אויסגעגאָסן. נאַט אייך נייס — ס'איז שמאָל! איר האָט ערשט אָפּגעגעסן און זענט אַביסל פול, דאַכט זיך אייך אויס, אַז ס'איז שמאָל. איך זאָל פאַרקריינקען אין דעם היגן העקדעש, וואָס מיר איז דערפון אַראָפּגעפאַלן, באַ מיינע אידישע נעמאָנעס! מע איז קוים אויסגעקומען ווי מיט קרעפּל־פּלייש. ס'איז איבערגעבליבן פונם אונטערשלאַק א שמאָל פּאַסעקל פּערקעל, האָב איך עס אייך אָפּגעבראַכט. בעסער ווי איך האָב אייך געמאַכט קען מען שוין טאַקע ערגעץ נישט מאַכן. איר וועט זיך אַביסל איינגיין, וועט איר געוויינט ווערן. טראָגט געזונט!

באַם צאָלן פּלעגט זיך אָנהויבן אַ דינגעניש. ער האָט אוועקגערעדט אַ שאָ מיט כאַראָמעס, אָפּגעלויבט אין טאָג אַריין זיין אַרבעט, אויסגערעכנט איטלעכס פּיצעלע באַזונדער, וואָס האָט אים געקאָסט, געמאַכט אַ שניידערשן כעשבן און געשטעלט פאַר איידעס אונטער די אויגן דעם קרעמער, דעם שמוקלער אי די אידענע פונם שאַפּקעלע, און אָפּגעשאָטן פּאָשעט מיט ניין מאָס רייד, ביז מע האָט אים מויסיף געווען נאָך אַ צען גראָשן. טאַ,—פּלעגט ער דערנאָך מאַכן,— גיט כאָטש אַביסל בראַנפן... מיט אביסל בראַנפן האָט בא לייזערן זיך אָנגעהויבן און אויסגעלאָזן אַלע געשעפטן. ער איז נישט געווען כאָלילע קיין שיקער, זיך נישט געוואַלגערט אין די גאַסן. נאָר טרינקען האָט ער געקענט. די מעלאָכע האָט ליב דעם טרונק — איז געווען זיין ווערטל. און ער האָט טאַקע עמעס ליב געהאַט די מאַשקע. צוליב דעם פּלעגט ער זיין א גאנצער מאַכער אין דעם צעך, האָבן אַזאַ היסקאַרוועס מיט דעם צעכמייסטער, אַרויסווייזן זיך און שטאַרק אַרבעטן בעשאָס עפּעס אַ וויבאָר, ווייל געוויינטלעך גייט עס דאָ נישט אָן אַביסל בראַנפן. לייזערס נעשאָמע האָט, נישקאָשע, געפילט, וואו מע באַקומט דעם ביטערן טראָפּן. נאָר זאָגן, אַז פאַר א קויסע האָט ער פאַרקויפט זיין האַרץ, זיין פארשטאַנד, ער האָט אופגעהערט צו פילן, צו פאַרשטיין וואָס גוט און וואָס שלעכט — כאָלילע, דאָס נישט. פאַרקויסעט האָט ער עס נישט, ער האָט טאַקע בא זיך געהאַט זיין סייכל און ווי אַלע אנדערע זייער גוט געוואוסט דעם עמעס. ער האָט נאָר פאַרקויסעט, פאַרקויפט זיין גאַלקע...

## 2. דאָס שניידער־אינגל.

לייזער דער שניידער האָט מיך גלייך בא מיין אָנקומען צו אים שטאַרק גענומען אין דער אַרבעט און מיט מיר אָנגעהויבן דעם אַלעפבייס פון דער מעלאָכע. דער אַלעפבייס איז נישט באַשטאַנען דרינען, ווי מע האַלט די נאָדל,

ווי מע באַדאַרף אַ שטאָך טאָן — ניין! דאָס איז געווען נאָך צו פֿרי, דעמדאָזיקן קאָוועד האָט מען מיר נאָך אַ לאַנגע צייט נישט אָפּגעגעבן. לייזער האָט מיט מיר אָנגעהויבן פֿון דער האַסכאָלע — פֿון זיין פֿאַמוינ'צע, האָלץ טראָגן אוכעדוי־מע נאָך אַזעלכע זאַכן. קימאַט דער אייגענער אַלעפֿבייס, וואָס בא דעם צעל־ניקער און באַ אַזריעל דעם מעלאַמעד, נאָר מיט אַביסל פֿאַרענדערונגען, ווי עס פֿאַסט צו אַ שניידער, דעהאַינע: גיין אין מאַרק נאָך קאָשערע פֿאָדים; אַריינשטעלן פּרעסלעך וואַרעמען אין אויוון, באַ לייזערן גופֿע אין שטוב, אָדער אַמאָל ערגעץ באַ אַ שאָכן; זוכן אַ מאָל צען אין טאָג אונטערן טיש, אונטער די ביינק, דעם פֿינגערהויט, אָדער אַ דין נאָדעלע; אַרויסציען פֿאַרשטריגעס און אָפּטראָגן מיט דעם באַלעבאָס ערגעץ אַ שטיקל אַרבעט. און אַזוי ווי לייזער האָט געהאַט אַ ווייב, אַ באַלעבאָסטע, אַ בעריע אַ אידענע, האָט זי זיך מיט מיר שטאַרק אָפּגעגעבן, אויסגעזוכט באַ זיך טאָמיד פֿאַר מיר אַרבעט און מיר ניט געלאָזט, כאָלילע, ליידיק זיצן קיין רעגע. — — —

און מיקויעך שלאָגן — דרינען האָט מען זיך נישט געדונגען. אַמאָל האָט מיך געשלאָגן לייזער, אַמאָל לייזערס ווייב און אַמאָל ביידע איניינעם טאַקע, אָדער זיי ביידע, נאָר אַף אַן אַנדער מין אויפֿן, דעהאַינע אַזוי לייזער האָט פֿריער אָפּגעשטעקט עטלעכע פֿעטש לייזעריכען, און לייזעריכע האָט זיי מיר געטריי איבערגעגעבן מיט פּראָצענט, מיט געשמאַקע עטלעכע קניפּ דערצו. אָדער פֿאַרקערט, לייזעריכע האָט מיטאַמאָל צום ערשטן אַריינגעלייגט מיט אי־רע אייגענע הענט, וויפֿל זי האָט נאָר געקענט אין לייזערן, און לייזער האָט נישט געקענט אויסהאַלטן, ער זאָל עס באַלד נישט אַריינוואַרפֿן אין מיר . . . לייזער מיטן ווייב האָבן געלעבט ווי אַ פּאָר טויבן, גלייך אין אַלע זאַכן: ביי־דע זענען געגאַנגען אין ספּאָדיק, ביידע האָבן געהאַט אַ גלייכע דייע, ביידע האָבן מוירע געהאַט איינער פֿאַר דעם אַנדערן, זיך געהאַלזט, אַרומגענומען און זיך געטיילט מיט דעם שענסטן בעסטן — מיט פֿעטש...

קיין האָניק האָב איך באַ לייזער דעם שניידער נישט געלעקט. איך האָב געאַרבעט אין שטוב ווי אַן אייזל און געכאַפּט פֿון אַלע זייטן קלעפּ. דענסט־מאָל האָב איך געמיינט, אַז דאָס אַלצדינג מוז מען אַ לערנאינגל טאָן און אָן דעם, כאָלילע, דאָס הייסט, אָן פֿאָמוינעצעס טראָגן אוכעדוימע און אָן קלעפּ, הייסע פֿייערדיקע פֿעטש, וועט ער נישט קענען זיין אַ באַלמעלאָכע, אַקוראַט ווי אָן קלעפּ קען מען נישט לערנען און מאַכן פֿאַר אַ לאַמדן. אַ שפּיגעלע האָב איך פֿאַר מיר געהאַט לייזערס אַן אַרבעטער. אַ דאַרער, איינגעהויקער־טער, אויסגעבלייכטער באָכער, וואָס ער האָט זיינע בעסטע יונגע יאָרן פֿאַר בראַכט באַ לייזערן, געטאָן אַוואָדעס־פּערעך און געליטן, ביז ער איז געקו־מען צו דער מאַדרייגע האַלטן אַ נאָדל און שטשאָבען. דעריבער פֿלעג איך, שלימאַזל, נעבעך, מעקאַבל בעאַווע זיין אַלע פֿעטש און אַפֿילע נישט הויך וויינען.

איינמאָל אונטער אַ פֿאַר־פֿייסעך רופֿט דער באַלעבאָס צו מיר זיך אָן:

— איציק־אַוורעמל, גיב נאָר אַ שפּרונג אין קרעמל, כאַפּ, פֿאַרכאַפּט זאָל־סטו ווערן, פֿאַר אַ גראָשן קאָשערע פֿאָדים און באַוואָרף, וואַרפֿן זאָל עס מיט

דיר, אָט פון דעמדאָזיקן קלייד דעם פעדער־ביילעק, דערנאָך דעם אונטער־ביילעק. זשיוואָ, מאַמזער!

איך געדיינק, ווי שטאַרק איך האָב מיך דערפרייט דענסטמאָל אַף דעם קאָוועד — זיצן באַ דעם טיש און האַלטן א נאָדל, גלייך ווי מע וואָלט מיך אַף א כאַסענע מעכאַבעד געווען האַלטן די כופּע־שטעקנס. היידאַ! איך האָב מיך אַנידערגעזעצט באַם טיש אַקעגן דעם אויסגעבלייכטן באַכער, פריילעך, לוס־טיק און מיט ביידע הענט געהאַלטן דעם אונטער־ביילעק, ווי עפּעס א טייערע זאַך, אַן עווען־טאַוו. דער שניידער האָט אַף א ביי־קעלכען צוגעזונגען א שטיקל פון „קאָלנידרע", באַלד א „מעלעך־עליון", באַלד איז ער איבערגעגאַנגען אין אַ מאַרש, צוגעשאָקלט מיטן קעפּל און צוגעפּויקט צום טאַקט מיט די פּיסקעס, באַלד האָט ער געזאָגט א האַמצאָעלע איבער מיר, איבער דעם אויסגעבלייכטן באָכער, און דערביי אַרויסגעשטעקט א שפּיץ צינגל, באַלד האָט ער געזונגען וויינענדיק ווי מע באַזעצט א קאַלע און באַלד האָט ער געזאָגט, ווי דער מאַר־שאַלעק, גראַמען.

## 3. אייזיק דער שמיד.

שלוימעלע כאַפּט זיך עפּטערס אַריין צו אייזיק דעם שמיד אין קוזנע, באַזונדערס, ווען אינדרויסן איז נאַס, קאַלט און אים איז עפּעס אָר־מעטיקלעך אַף דעם האַרצן. ער זיצט זיך דאָרט אין אַ ווינקל און קוקט פאַר־טראַכט. אין קוזנע איז טונקל, אַקעגן אים פאַכט הייזעריקלעך אַ לעדערנער, געלאַטעטער בלאָז־זאַק. ער טוט אַ בלאָז, און אַ זייל פונקען שפּרינגען, טאַנצן ווי די רוכעס אין אויוון, עס קומט אים דערביי פיר יענע מאַיסע אין כומעש, אַמאָל, אַמאָל — ווי אַווראָהאָם־אָווינו זיצט מאָרעשבוירעדיק און דרעמלט. די זון גייט אונטער. עס איז אַ נעפּל — און אָט אין אַן אויוון רויך און אַ פלאַמ־פייער... די פונקען שפּרינגען, און שלוימעלעס געדאַנקען פאַרפליען ווייטער־ווייטער — — —

פּלוצלים, אין דער הייסער מינוט טאַקע כאַפּט אייזיק פונם העליש־פייער אַרויס מיט צוואַנגען אַ גליענד שטיק אייזן, און האַלטנדיק עס אַזוי אַף דער „קאָוואַדלע" מיט איין האַנט, שלאָגט ער עס מיט דעם האַמער אין דער אַנ־דערער האַנט, בעשאַס אַ געזונטער, ברייט-ביינעדיקער, צעכראַסטעטער באָכער, באַוואַפנט מיט אַ גרויסן, שווערן האַמער קלאַפּט דערויף אַקעגן. אייזיק איין קלאַפּ, דער באָכער צוויי; אייזיק אַ דריי דעם אייזן אַהער, דער באָכער — קלאַפּ; אייזיק א דריי אַהין, און דער באָכער קלאַפּ־קלאַפּ, אַזש פונקען פליען — — —

ס'איז דאָ געגנוג, אי אייגענע, אי פרעמדע, וואָס קומען געבן אַרבעט: דער קומט מיט אַ שטימפּער האַק, יענער קומט מיט אַ צעבראָכן מילעכדיק קלינגל, אַ איבערגעדרייטן שלאָס, איינער קומט פידקאָווען אַ פערד, און דער אַנדע־רער — אַרופציען אַן אייזערנע רייף אַף אַ ראָד. — אייזיק אַליין איז בעטעווע געווען זייער באַרעדעוודיק, אַ צוגעלאָזטער מענטש, מיט אַבי־וועמען זיך אריינ־

געלאָזט אין אַ ברייטן שמועס. באַזונדערס האָט ער ליב געהאַט אַריינלאָזן זיך אין כקירעס, געבן יענעם צו פֿאַרשטיין דעם שפּיץ פֿון אַ זאַך און דערקלערן, פֿאַרוואָס איז יענץ אַזוי און איז נישט אַזוי? — — — און לסאָף אויסדרינגען אַלפּי כקירע, אַז אַזוי ווי עס איז, אַזוי מיסטאָמע באַדאַרף זיין, אַזוי מיסטאמע איז גאַנץ גוט, גאָט, נישקאָשע, איז גערעכט, די קאָץ האָט דעריבער שאַרפע נעגל, קעדיי זי זאָל זיך קענען דראַפּען אַף די גלייכע ווענט, דאָס פֿערד האָט דעריבער אַ וויידל, קעדיי אַראָפּשמייסן פֿון זיך די פֿליגן, און די פֿליגן ווידער האָבן דעריבער פֿליגל, קעדיי געשווינד טאַקע אַוועקצופֿליען... לערנען האָט אייזיק דער שמיד דאַווקע גאָר ניט געקענט, פֿונדעסטוועגן האָט עס אים קלאַל נישט געשאַדט צו די כקירעס זיינע, צו הייסן באַם אוילעם: אייזיק דער כאַקרען. לערנען מיט כקירע זענען אַפּאָנים גאָר צוויי באַזונדערע זאַכן.

גענוג שיין האָט דאָך אייזיק דער שמיד די גאַנצע וואָך זיך אויסגענומען, שטייענדיק אין אַ צעלעכערטן לעדערנעם פֿאַרטוך, אָן אַ קאַפּאָטע באַ זיך אין קוזניע און זאָגנדיק דאָרט כקירעס, נאָר נאָך שענער אויסגעזעען האָט ער שאַבעס און יאָנטעוו פֿאַרנאַכט אַפֿן שולהויף. ער שטייט זיך דאָרט אָנגעטאָן אין אַ לאַסטיקענע זופּיצע, אַפֿן קאָפּ אַ שטריימל, גלייך מיט אַנדערע בעקאָוועדיקע באַלעבאַטים, און דאַרשעט פֿאַר אַ רעדל מענטשן אַרום אים, אַריינשטעקנדיק איין האַנט אין דעם גאַרטל ביז דעם גראָבן פֿינגער. אַלץ וואָס ווייטער, פֿאַרגרעסערט זיך דאָס רעדל, עס ציט איטלעכן עפּעס ווי אַ מאַגנעט צוגיין נעענטער, צולייגן אַן אויער און האָרכן, וואָס זאָגט אייזיק דאָרט עפּעס אַזוינס. עס גייט דאָרט אַ שמועס איבער צימעס, דערנאָך אַ כקירע: וואָס צימעס? וואָס טייטש צימעס? מע קומט פֿון דעם איניען אַרויף אַף פֿאַסטערנאַק, און אייזיק נעמט זיך דערקלערן אַלפּי כקירע, פֿאַר וואָס פֿאַרלירט פֿאַסטערנאַק דעם טאַם באַלד נאָך דעם ערשטן דונער. ער פֿאַרפּוטעט זיך אין דער כקירע און פֿאַרקריכט אַף קראָפּעווע: פֿאַרוואָס קראָפּעווע זייט מען נישט און עס וואַקסט? — הערסט! —טוט ער זיך אַ דריי צוריק, — הערסטו, אָט דעריבער טאַקע, וואָס מע זייט עס נישט, וואַקסט עס אַליין. אויך די אייגענע מאַיסע, פֿאַרשטייט איר מיך, וואָס מיט נאַראָנים... גאָט, נישקאָשע, פֿאַרשטייט, פֿאַרשטייט איר מיך, אַז אַזעלכס באַדאַרף אַף דער וועלט אויך זיין, פֿארשטייט איר מיך. אין דעם רעדל ווערט פֿריילעך, מע האָט מעשונגע האַנאָע און מע לאַכט. די כעדווע אָבער איז נאָך גרעסער, ווען עס קומט אַמאָל אויס אַ שפּאַרעניש דאָרט צווישן אייזיק דעם שמיד און לייזקען, דעם צווייטן כאַקרען אין דעם שטעטל. לייזקע איז אַ געוועזענער אַרענדאַר, אַ אישאַוונִיק, וואָס אַף דער עלטער האָט ער זיך באַזעצט אין דעם שטעטל, קעדיי צו געפֿינען זיך צווישן אידן, הערן אַ „באָרכו", אַ „קעדושע" און לעבן, ווי גאָט האָט געבאָטן. לייזקען איז די נאָז פֿאַרלייגט, עפּעס אָנגעדראָלן, דעריבער אַז ער רעדט, קומט אויס געפּאָנפּעט און אַמאָל אויך עפּעס ווי געפּייפּט. לייזקע קען באַלעבאַטיש לערנען, קוקט אַריין אין אַלטע אידישע כקירע־ספֿאָרים, און צווישן אים מיט אייזיקן איז טאַמיד אַ שפּאַרעניש. לייזקע פֿאַרופֿט זיך אַלץ אַף אַנדערע כאַקראָנים, אַף אַ ר י ס ט ו,

אַף דעם „ספר־הברית“ אוכעדוימע נאָך אַזעלכע, און ער אַליין איז נישט אַזאַ באַל־מויעך; אייזיק דער שמיד אַקעגן שטעלט נאָר אַף זיין סייכל, ווייסט נישט פון קיין אַריסטו און גייט אין כקירע אַף זיין אייגענעם דערעך. באַזונדערס באַרימט איז זייער שפּאַרעניש איבער באַנקעס — פאַרוואָס שטייט אַ באַנקע צו פעסט צום לייב און פאַלט נישט אַראָפּ? לייזקע זאָגט:

— אַזוי איז די מאַיסע, ראַבויסאַי! דורך דעם שטעק מיט דער ברענענ־דיקער ליכט, וואָס מע טוט אין דער באַנקע, ווערט זי, אָט אַפּאָנים, אויס־געליידיקט פון דער לופט. הייגט געדיינקט־זשע, אידן! אַזוי ווי מיר האָבן אַ קאַימעלאָן, אַז די נאַטור האָט פיינט ליידיקייט, בעכיין, ראַבויסאַי, ציט זיך דאָס לייב, אָט אַפּאָנים, פאַרגעמען דאָס ליידיק אָרט אין דער באַנקע.

— וואָס מיר שטעק, וואָס מיר ליידיקייט־שמיידיקייט! — זאָגט אייזיק מיט אַ שמייכעלע גאַנץ רואיק, נעמענדיק זיך פאַרן בערדל — און פריער וואָס איז דען, זאָלט איר מיר געזונט זיין, די באַנקע געווען, נישט ליידיק? לופט האָט דען אַ מאַמאָשעס? אַדעראַבע, פּראָוווט זיך אויסציען אויבן אין דער הייך אַף דער לופט, אויב ס׳איז אַזוי. און גאָר אַכוץ דעם, וואָס איז עס גלאַט פאַר אַ לאָשן — אויסגעליידיקט דורך אַ שטעק מיט דער ליכט!

— דאָס איז נישט מיין לאָשן — פאָנפעט בייזלעך לייזקע — אַזוי זאָגט אַריסטו. איר הערט? אַריסטו!

— אָוואַ, אַריסטו! אַ קאַטאָוועס אַביסל אַריסטו! אַ ראָוו איז ער דען, וואָס פּאַסקעט שאַילעס, האַ!

— אָבער אַז אַזוי שטייט דאָרט אין אונזערע אידישע כקירע־ספאָרים! — זאָגט לייזקע שוין שטאַרק אופגעבראַכט.

— וואָס טויג מיר, וואָס בא אייך, זאָלט איר מיר געזונט זיין, שטייט אַלץ דאָרט, דאָרט! איך אַליין שטיי, באַרעכאַשעט, אַזויפיל יאָר שטיי איך אין קוזניע באַם אויוון. דאָרט ברענט א פייער, אַביסל אַ גרעסערס פון אייער ליכט, און פונדעסטוועגן גאָרנישט, נישט דאָס וואָס די באַנקע... פאַרוואָס?

— ע־ע, וואָס האָט מען צו רעדן מיט א אינגל! — טוט לייזקע אַ זאָג, אַ מאַך געבנדיק פאַר גרויס פאַרדראָס מיט דער האַנט, און גייט אַוועק, נישט אויס־הערנדיק, ווי אייזיק דערקלערט דעם אוילעם אַף זיין דערעך דעם שפּיץ, וואָס אין דער באַנקע שטעקט.

## 4. הערצל קיילעס דער סטאָליער.

הערצל קיילעס איז געווען, ווי אייזיק, שוין אין די יאָרן, א טאַטע פון קינדער, אויך א דאַרער, א בלייכער, ווי ער, מיט דעם אונטערשייד נאָר: אייזיק איז אַ הויכער, און הערצל א קליינטשקער, נידעריק געוואַקסן. אייזיק איז געווען טאָמיד רואיק, געלאַסן, גערעדט אַף איין שטימע גלייך, נישט גע־דרייט, געשריגן, זיך נישט געיאָגט, געהיצט און נישט אַרויס פון די קיילים, אַזוי ווי עס פּאַסט טאַקע פאַר א כאַקרען. אַקעגן־זשע הערצל איז א שפּירט,

באַם רעדן בייט זיך אים די שטימע און ער גיט פון זיך אַרויס מעשונעדיקע קוילעס, אַמאָל אויך מיט אַ קוויטש. דער שמועס זיינער איז געהאַקט, געבראָכן, לאָזט זיך אויס, פאַר גרויס איילעניש, מיט אַ ווינק, אַ מאַך מיט דער האַנט. נאָר עפּעס נישט אַזוי ווי ער וויל, קאָכט ער, זידט און צאַפּלט מיט אַלע גלי־דער, איינגאַנצן טאַקע אַ פּ אָ ע ט מיט די ביינער, אַזוי מעשוגע, אַזוי קאַפּריזנע, אַזוי אופגעבראַכט ווי אַ פּאָעט. און בעעמעס האָט אין אים טאַקע עפּעס אַזוינס געבורטשעט—עס האָט אין אים געשטעקט אַ גייסט פון אַ ק י נ ס ט ל ע ר. דער־דאָזיקער גייסט זיינער האָט אינעווייניק אין אים ווי דער סאַמבאַטיען נישט גערוט, זיך געריסן מיט אַלע קרעפטן אַרויס, זיך צו אַרויסווייזן אין אַלערליי האַנט־אַרבעט. די סטאָלעריי איז באַ אים געווען נישט אַזוי וועגן דער פּאַר־נאָסע, ווי צוליב דעם פאַרגעניגן, וואָס ער האָט דרינען געהאַט—צו מאַכן אַ קיילע. ער האָט געקענט אַוועקזיצן איבער אַ שטיקל אַרבעט מער וויפל מע באַדאַרף, פאַרצירן עס מיט צאַצקעס, שניצעריי, כאָטש יענער האָט גאָר אַזוי פיל נישט פאַרלאַנגט, נאָר צוליב דעם אַליין, עס זאָל זיין שיין... ער האָט געזעען ליפּע־רוואונס מאָלט „א ו ש פּ י ז י ן", אופצוהייגגען עס אין סוקע, אַריינדרייענדיק אַהין, ווי אין נויעכס טייווע, אַלערליי כאַיעס און אויפעס, נעמט ער און מאַכט „אַ ראַבּי יויסי"—אַ געמעל אַזעלכס, וואָס שטעלט פיר א מאַיסע פון דער געמאָרע: ווי ראַבּי יויסי (אויסגעמאָלט מיט אַ גרוי שפּיציק בערדעלע אין טאַלעס און טפילן) דאַוונט אין איינער פון די יערושאָלאַימדיקע כורוועס און הערט דאָרט אַ באַסקאָל, וואָס ברומט ווי א טויב (שטייט אויסגעמאָלט עפּעס אַביסל מע־שונע), זאָגנדיק: „אוי וויי איז די קינדער, וואָס פאַר זייערע זינד האָב איך כאָרעוו געמאַכט מיין הויז, פאַרברענט מיין הייליקן פּאַלאַץ און זיי האָב איך פאַרטריבן אין גאָלעס צווישן די אומעס!" מעווינים אין דעם שטעטל האָבן זאַט אָנקוקן זיך נישט געקענט אַזאַ געמעל און געזאָגט, אַז עס איז איינס טאַקע אין דער וועלט. ראַבּי יויסי איז נאָך יאָק ראַבּי יויסי, אָבער די טויב, די ברו־מענדיקע טויב, ריבוינע־שעל־אוילעם, ס'איז עפּעס גאָר אַ גוואַלד!... הערצל האָט אויך געשפּילט פידל, נישט אף כאַסענעס כאָלילע, דערויף איז דאָך געווען דער אידישער קלעזמער, פייטל, אַף די וואָכנדיקע טעג, און קאָנדראַט דער גאָיִשער אַף שאַבעס, באַ דער קאַלע אַף דעם „פאָרשפּיל"—נאָר גלאַט אַזוי זיך האָט ער זיך געשפּילט. זומער פאַרנאַכט, אַז די שטאָט־בעהיימעס זענען שוין געקומען פונם פעלד, ליגן זיך, שוין אויסגעמאָלקענע, אַף דער גאַס; אויס די די קוימענס ציט זיך פּאַמעלעך עפּעס ווי פאַרשלאָפן העל־גרויע זיילן רויך, ווייבער שטייען באַ די פּריפּעטשיקעס, קאָכן וועטשערע; ערגעץ פונדערווייטנס, פון א טייכל פאַרטראָגט זיך אַ קוואָקען פון זשאַבעס, און זשוקלעך טראָגן זיך זשוזשענדיק אַרום אין דער לופט—דענסטמאָל צעגיסט זיך געוויינטלעך הערצל אַף אַ פידעלע, שטייענדיק אינדרויסן, באַ זיך אַפן גאַניקל, באָרוועס, אין איינע טאַכטויגים, מעכילע. קינדער מיט שטיקער ברויט און האַלבע אייער פאַרזאַמלען זיך אַרום אים; שטאַפן אָן פולע מיילער, שטעלן אויף די אויערלעך, גאַפן און הערן. הערצל פידלט און זינגט אונטער, פידלט און מאַכט זיך נאַריש מיט די קינדער, טוט א פידל און שטעלט זיך אָפּ, עס אַרט אים עפּעס, ווייטער א פידל

און—הע־הע! ער איז שוין אין קאַס. אין דער ערד אַריין די פידל, אויס שפּילן. הערצל האָט זיך צעשפּילט—און באַלד לאָזט זיך איבער דער גאַנצער גאַס הערן, ווי אַ טקיע־גדוילע אַ לאַנגער, אַ מעשונע־ווילדער קוויטש!... הערצל האָט אויך ליב געהאַט אָפּגעבן זיך מיט זייען און פלאַנצן בא זיך אין גאָרטן.— — —

הערצלס שטייגער לעבן איז איבערהויפּט נישט געווען לייטן־גלייך, ווי באַ אַנדערע אידן—קיין שיינקל אין שטוב באַ אים נישטאָ, כוץ קי איז נאָך אין שטאַל דאָ אַ פּאָר אָקסן, א פערד אויך, אַ פויער, טראָכים, אָף סכירעס, אויך אָף צו אַקערן, באַאַרבעטן די פעלדער, וואָס זענען אים איבערגעגאַנגען ביע־רושע פון זיינע עלטערן, אַ הונט, עס פאַרשטייט זיך, איז אויך געווען, דער איינציקער אידישער הונט אין דעם שטעטל. אין שול אַריין איז הערצל גע־גאַנגען זייער זעלטן, נישט דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַן אַפּיקוירעס, האָט נישט מוירע געהאַט פאַר גאָט, כאָלילע! אַדעראַבע, ער האָט געגלויבט אַפילע אין רוכעס, מוירע געהאַט, געציטערט ווי געוויינטלעך אַ איד, נאָר וואָס דען? גלאַט אַזוי זיך, גאָר אָן אַ שום טאַם. דאָס אייגענע טאַקע מיט עמעצן אַנדערש, ער זאָל פאַרפעלן נאָר א מינכע, וואָלט מיט אים געהאַט צו טאָן א וועלט מענטשן—ס'טייטש, הולטאַי, אָנזעצן אַ מינכע! הערצל אָבער האָט זיך געמעגט אָנזעצן הונדערטער מינכעס—און גאָרנישט, קיינער האָט זיך דערויס גאָר נישט געמאַכט, ווייל ער איז פאַרעכנט געווען בא איטלעכן פאַר א אינגל, א צע־טראָגענע מין בריע, משטיינס־געזאָגט. היינט טאקע האָט מען נאָך מוירע גע־האַט, צו וואָס זאָל מען זיך דאָ נאַרן, פאר זיין קוויטש אויך. איז ער געקומען אַמאָל אין שול, איז זיין בעסט אָרט געווען צווישן אינגלעך ווייסע־כעוורע, הינטער דער בימע, עס ווערט דאָרט אַ לעבן, א גערעדעריי, א געשטופּעריי, און דאַוונען נישט קיין וואָרט, דער שאַמעס מעג זיך, פון יויצע וועגן, שרייען: שאַ! און שיינע באַלעבאַטים מעגן פּאַטשן אָף די שטענדערס, מיעס־קרימענדיק זיך, און מאַכן: אַי, אַי!

## 5. באלמעלאָכעס.

ווי אידן בא די אומעס־אוילעם, אַזוי זענען באלמעלאָכעס געלעגן אין דער ערד בא אידן. — — — האָבן אַ באלמעלאָכע אין דער מישפּאָכע, אַ שניי־דער, אַ שוכטער, אַשטייגער, איז געווען אַ פלעק, אַ שאַנדע. עס האָט זייער אָפּט געשאַדט צו אַ שידעך, אין באלעבאטישן גראד פלעגט מען אין שידוכים זוכן איכעס, פלעגט אויסגראָבן פון דער ערד ראבאָנים, לאָמדים, שאָכטים, כאַזאָנים, באַטלאָנים, און באגראָבן דעם באלמעלאָכע, טאָמער האָט ער זיך געפונען אין דער מישפּאָכע. דאָס הייסט, פאַרלייקנט זיין געביין: עט, ווייס איך וואָס, גאָרנישט, פערדס פוס־פּיטקעווע! אַ שיינקאַר, אַן אַרענדאַר, אַ באל־אַכסאַניע, אַ קרעמער, אַ מאלווע, זיי דאַגעגן זענען געווען נישקאָשע. אַדע־ראבע, זייער פיינע מעכוטאָנים, אין שטאָט געהויבענע באלעבאטים מיט אַ

ברייטער דייע אומעטום: אין באָד, אין שול, לעהאווזל, און אין קאָהאָל־שטיבל. דערקלערן לאָזט זיך עס דערמיט, וואָס קיין אנדערע נישקאָשעדיקע פאַרנאָסעס פאר לייטישע אידן זענען אַ כוק די ניט געווען. דערפון האָט מען געקענט לעבן פאר זיך און אַמאָל פאַר אנדערע אויך — מיט אַ נעדאָווע, מיט אַ טויווע און אַ גוט וואָרט. האָבנדיק צוליב זייערע געשעפטן באַקאַנטשאַפט מיט פריי־צים, גרויסע לייט אין די׳הויכע פענצטער, איז מעגלעך זיי געווען צו העלפן איינעם אָדער דעם קלאל אין אַ נויטפאַל. ניט איינמאָל נאָר איז די יעשוע געקומען דורך אַ פריצישן באַל־אַכסאַניע, דורך אַן אַרענדאַר און דורך אַ מאלווע, אַ באַנקיר הייסט עס היינט. סטאַם אַרענדארעס אין דערפער — איז זייער הויז אָפן געווען פאר אָרעמע אָרכים, וואָס זענען אופגענומען געוואָרן מיט עסן און טרינקען און מיט אַ נעדאָווע אויך. מיינסטנס פלעגן אַרענדאַרעס אויסווייזלן פאר זייערע טעכטער כאַטאנים די בעסטע באָכורים פון די יע־שיוועס.

קאָהאָל האָט געהאלטן באלמעלאָכעס אין דער מוירע, אָפּ־געזונדערט פון באלעבאטים אין פיל זאכן פונם שטייגער לעבן. אַ באלמעלאָכע האָט נישט געטאָרט שאבעס אָנטאָן אַ זיידענע קאַפּאָטע, טראָגן אַפן קאָפּ אַ שטריימל. אין בעסמעדרעש, אין קלויז איז זיין אָרט געווען אַף דער לעצ־טער באַנק, הינטער דער בימע. צו דער טוירע פלעגט מען אים אופרופן „החבר״, נישט קיין „מורנו״, אי דאָס זייער זעלטן, צולעצט צווישן די גע־שטוקעוועטע אליעס. דערפאַר האָט מען אים אָפּגעגעבן אינגאַנצן דיביידע „תוכחות״, ווי גרויס זיי זענען, בא אים בלייבט עס. אף אסיפעס מיט די פיינע בריעס וועגן שטאָט־זאכן איז זיין פוס נישט געווען. זיין דייע האָט מען ניט געפרעגט. פאַר אזעס אוכעדוי׳מע עפּעס אַ כּאַרבערעכן האָט מען אים אויס־געשייגעצט, אויך אויסגעפּאַטשט און אמאָל טאַקע מעקאַיעם־פּסאַק געווען אין קאָהאָל־שטיבל. זיינע קינדער פלעגט מען „כאַפּן״, „אָפּגעבן״ אין דער דינסט, אַ קאַפּאָרע פאַר בעסמעדרעשניקעס, טאטנס קינדער. זייער גוט טאַקע שיקט זיך דאָ צו זאָגן „טאטנס קינדער״, ווייל צו קינדער פון באלעבאטישן שטאַנד פלעגן אַמאָל שטיין צוגעשריבן, קלאָמערשט ווי ברידער, קעדיי צו זיין פאר זיי די קאַפּאָרע־הינדלעך, אָרעמינקע, ווילד־פרעמדע, ניט זייערע קרויווים, ניט זייערע טאַטנס קינדער.

אַליין פאר זיך זענען די אידישע באלמעלאָכעס אין יענער צייט געווען, ניט היינט געדאַכט, געפאַלן. דאָס אויסלערנען זיך עפּעס אַ מעלאָכע איז פון אָנהויב־אָן זייער שלעכט געווען אַוועקגעשטעלט. און דערפון איז ארויסגעקו־מען זייער פיל נישט קיין גוטע זאַכן. אַ לערנאינגל בא אַ ליאַדע באלמעלאָכע האָט באדארפט יאָרנלאַנג אַוועקטראָגן פּאַמויניצעס, העלפן אין באלעבאטישקייט דער באַלעבאָסטע און כאַפּן פּעטש און קלעפּ ווי האָלץ. אַז געלערנט די מע־לאָכע האָט ער מאַקעס, האָט ער זי מאַקעס טאַקע געקענט. ער איז געווען דערנאָך אַ פאַרטאַטש, א פאַרביטערטער, אומגליקלעכער מענטש. פאַר צאָרעס ליב געהאט דעם טרונק. די האַנט זיינע איז געווען פריי אַף אַ קלאַפּ, מעכאַבעד געווען אַמאָל אַפילע דאָס אייגענע ווייב אויך. אַז אָך־און־ווי די

לערנאינגלעך, נעבעך, וואָס זענען צו אים, אין זיין צייט, אין די הענט אַריין! און ווער, משטיינס־געזאָגט, זענען עס געווען די אינגלעך, וואָס זיינען אריין צו אַזעלכן לערנען די מעלאָכע? יעסוימים, אָרעמינקע, פּארוואָרלאָזטע, ניט געלערנט אין קיין כיידער, ניט געקענט קיין איווריע — אמעראַצים.

## 6. די פּויאַלים בעשאַס דער אַרבעט.

ווי אָרעם, פּאַראומערט דעם באַלמעלאָכעס דירע האָט אויסגעזען פּונדרויסן, אַזוי לעבעדיק־פרייִלעך איז דאָרט צייטנווייס געווען פון די פּויאַלים בעשאַס דער אַרבעט. עס שטייט זיך, אַשטייגער, איציק דאָס שניידערל מיט אַ פּרעסל אין דער האַנט איבער אַ שטיקל אַרבעט, הויבט־אָן אַף אַ קוויטש אַ מאַרש, צוקלאַפּנדיק צום טאַקט מיטן פּרעסל, און כעוורע פּויאַלים, באָכורים, אַרום טיש, אַרבעטנדיק געשווינד מיט דער נאָדל, העלפן אונטער, דער אפן געליינקל, יענער אפן בייקעלכל, איטלעכער מיט וואָס ער קען, און עס שפּילט זיך אָפּ אַ „מעלעך־עליוין" טשאַקנדיק, לעבעדיק, אַזש מאַלאָכים מעגן זיך פּרייען. און טאַקע באַלד דערנאָך פּאַרקרימט זיך איינער, נאָכמאַכנדיק אַף אַ אומעטיק קאָל דעם באַדכן, ווי ער זאָגט גראַמען צו אַ באַדעקנס. אַ טייל באָכורים שפּילן־צו ווי די קלעזמער אַ שטיל־טרויערדיק ניגנדל, די איבעריקע פּאַרגייען זיך ווי ווייבער אין אַ געוויין. ס'איז אַ יאָמער, אַ קלאָג — און פון דער קאַצן־מוזיק לאָזט זיך אויס אַ „קאָשער־טאַנץ"! כעוורע גייט, זיצנדיק בא דער אַרבעט, מיט דער קאַלע אַ קאָשער־טאַנץ. אָנשטאָט „שאַבעס" טוט איינער דעם אנדערן אַ קניפּ, אַ רוק־אַראָפּ פּונונטן דאָס היטל און מע שרייט־אויס זינגענדיק: וויוואַט! די באַלעבאָסטע, די שניידערקע, שטעלט אַנידער אפן טיש אַ גרויסע פּולע שיסל אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפּל, הייסע־זודיקע מיט דער שאָלעכטס, און מע מעג גיין אָנקוקן אַף בילעטן, מיט וואָס פּאַר אַ גיכקייט די קאַרטאָפּל ווערן אָפּגעשיילט, אין מויל אַריינגעכאַפּט און אַראָפּגעשלונגען. מייסטערהאַפט! אַזעלכע בעריעס אַף קאַרטאָפּלעס־עסן, ווי שניידער־יונגען אוכעדימע זענען, איז שווער אַף דער וועלט צו געפינען. זיי האָבן דרינען זיך אויסגעאַרבעט, באַקומען אַ יעדיע, ווייל דאָס, קאַרטאָפּל, הייסט עס, איז זייער שפּייז, משטיינס־געזאָגט, טאָג־טעגלעך.

## 7. באַם קוואַל פון פּאָלקסליד.

דאָרט בא די פּויאַלים ווערן אָפּט געזונגען לידלעך, אייגענע אַרבעט טאַקע, וואָס גייען דערנאָך אַרויס אף דער וועלט, צווישן אוילעם, פּאַלן אריין אין מויל צו מיידלעך, דינסטמיידלעך און באַקומען דעם נאָמען „פּאָלקס־לידלעך". פּויאַלים, וואָס פּלעגן וואַנדערוועון, אַרבעטן בא גאָיִם אין די דערפער, האָבן אין זייערע לידלעך אַריינגעמישט גאָיִשע ווערטער, אַזוי אַז ס'איז אויסגעקומען האַלב־אידיש, האַלב־רייסיש. דער „טאָך" פון די לידלעך איז געווען זייער פּאַרשידן. ס'איז געווען אַזוינע איבער ליבעס. אַ דינסטמיידל, אַשטייגער,

פאַרבײַנקט זיך אין דער פרעמדער נאָך איר געליבטן. דערמאָנט זיך ווײַנענדיק אָן די גוטע, זיסע מינוטן, ווי זיי פלעגן פאַרברענגען צוזאַמען ווי אַ פּאָר טויבן אָפּן שפּאַציר, אַמאָל אין געריכטע וועלדער, און אַמאָל צווישן ווייץ און קאָרן; אָדער סטאַם אַ מיידל גיסט אויס איר האַרץ, ציט זיך מיט דער נעשאָמע צו עפּעס אַ כאָסן, ווי אַ קליין קינד מיט די הענטלעך צו דער שײַנענדיקער לעוואָנע. אויך לידעלעך פון אַ שנור איבער אַ בייזע שוויגער, פון אַ יעסוימע איבער אַ שטיפמוטער. לידלעך פון אידישע רעקרוטן, ווי זיי געזעגענען זיך מיט אלע זייערע ליבע פאַרן אַוועקגאַנג אין דינסט אף לאַנגע, לאַנגע יאָרן. באַווייבטע געזעגענען זיך מיט ווייבער און קינדער, אינגלעך, קליינינטשקע, נעבעך, באַם „דיאַדקע" אַף די הענט, אין ברייטע, לאנגע פעלצלעך, צוויי מאָל אַזוי פיל ווי זיי, געזעגענען זיך מיט טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער. אַזעלכע הייסן אין די לידלעך בידנע יעסוימימלעך, וואָס ווערן, ווי פון אַ בוים אָפּגעריסענע בלעטלעך, פאַרוואָרפן העט־העט ווייט אין די קאלטע ערטער, ערגעץ אין אַ העק, צווישן פרעמדע, גראָבע פויערים, צו פּאַסען דאָרט בא זיי כאַזיירים, און גאָט ווייסט וואו זייער געביין וועט אַהינקומען. טאַטע־מאמע וועלן אפילע ניט זיצן „שיווע". צווישן די לידלעך איז דאָ פילע איבער נעגידים, קאָהאָלס־לייט און קליי־קוידעש, וועלכע זיי רעכענען זיך אָפּ מיט די אלע פיינע בריעס פאר די צאָרעס און לייד, וואָס זיי שטייען פון די לייט אויס, און לאָזן אויס צו זייער קאָפּ אַלדאָס בייז מיט שארפע ווערטלעך און שפּיציקע שטעכווערטלעך. יענע הייסן באַ זיי: יאָלדן, שמעלקעס, דאָס אויבערשטע פון שטויסל, צימעס, לאָקש, קאַפּהאָן־דאָס, שיינע־דיינע־מוירייגעס. מע קען מיט רעכט זאָגן, אַז באַ די באַלמעלאָכעס האָט געטליעט אַ פּאָעטישער פונק, זיך געלאָזט פילן אַ יונגע פרישע נעשאָמע.

---

# VII. געהויבענע באַלעבאַטים. שיינע אידן, איידעלע אידן.

## 1. א יוסטער באלעבאָס אין דער ליטע.

צו זיין א שיינער יוסטער באַלעבאָס אין ק... איז גענוג געווען צו האָבּן א שטוב, אַ קו און עפּעס א שטיקל פּאַרנאָסע דערצו, אָבער צו זיין א פּאָרנעם, געאַכט, געליבּט איז קאַרג אַ רייכקייט, אַפילע אַסאַך אַ גרעסערע דערפון. — — — אַ גראָבער יונג א רייכער בלייבּט נאָך אַלע זאַכן פּאָרט טאַקע אַ גראָבער יונג, ווי דעם אוילעמס ווערטל טאַקע: פון אַ כאַזערשן עקל קען מען קיין שטריימל נישט מאַכן. שפּרינגען אויבנאָן, זאָגן דייעס — דאָס ליגט שוין אַזעלכן און זיין גלייכן בּעטעווע, זינט די וועלט איז בּאַשאַפן געוואָרן, מע מוז נאָך עפּשער אַמאָל צוזען אַזוינס, הערן און שווייגן, נאָר נעמען אנידערזעצן אַזעלכע אויבנאָן און קוקן זיי אין מויל אַריין מיטן גוטן ווילן, ליב האָבּן זיי בּעעמעס פונם האַרצן — אָ, ניין, זויכע זיין דערצו בּאַדאַרף מען זיין אַ לאַמדן, גוט און פרום, האָבּן זכוס־אָוועס. איכעס איז נישט דאָס בּייטל, נאָר דער קאָפּ, דאָס האַרץ. אָט אַזוי איז אין דער ליטע איבּערהויפּט, בּיפראַט נאָך אין דעם שטעטל ק... אַן אָרט פון טוירע פון אייביקע יאָרן, וואו די איינוואוינער זענען קימאַט אַלע לאָמדים, וואו דער בּעסמעדרעש, דער קלויז איז פול מיט בּאַלעבּאַטים און בּאַלעבּעסלעך, וואָס זיצן און לערנען, אויך מיט יעשיווע־באָכורים, פּרושים פון דער פרעמד, וואָס פאַרלאָזן ווייבּ און קינד, קנייטשן די געמאָרע און עסן טעג; וואו אלע פּאַרנאַכט, בּיין מינכע לעמאַירעוו, פּאַרקלייבּן זיך אַרום בּאַזונדערע טישן בּאַלמעלאָכעס און נאָך אַנדערע פונם אוילעם, צו הערן א גוט וואָרט פון די פּאָרזאָגער דאָרט — בּאַ איין טיש „מעדרעש“, בּאַם צווייטן „איינאַקוווו“, באם דריטן „פּאָסוק“, בּאַם פערטן כוּוועס־האַלוואָעס אוכעדוימע אַזעלכע כקירע־און מוסער־ספאָרים; וואו שאַבּעס און יאָנטעוו ווערט פונם בּאַל־מעמער, נעבּן דעם אָרן־קוידעש, געזאָגט פלאַמענדיקע דראָשעס, וואָס צינדן אָן דאָס האַרץ פון די קנעסעס־איסראָעל מיט היליקער ליבּע צו דער שכינע, וואָס זענען געצירצט מיט טרייסט־ווערטער פון די נעוויאים, מיט מעשאָלים, קלוגע, שאַרפּע גלייכווערטלעך פון די כאַכאָמים, מיט אַ קאָל, מיט אַ ניגן, וואָס דערקוויקט, צעגייט זיך אין אלע איווורים. אין אזא שטעטל אַז מען איז זויכע צו זיין אַ פּאָרנעס, מיסטאַמע איז עס ניט אומויסט, מיסטאַמע איז מען גוט, פרום און געלערנט, מיט אַלע מאַילעס.

און רעב כאַים האָט די אַלע מאַילעס אין זיך געהאַט. — — —

רעב כאַים איז געווען, ווי מע זאָגט, אי צו גאָט, אי צו לייט. זיין צייט איז געווען אָפּגעגעבן צו דער פּאַרנאָסע, צו טוירע און אויך צו שטעטישע זאַכן. יאָרנלאַנג אַוועקגעווען א קאַזיאָנער ראָוו דאָרט, נישט באַלוינט צו ווערן דערפאַר. פלעגט אויך זאָגן אומזיסט אַ שיר געמאָרע מיט פּאָסקים פאַר יונגע־לייט. זיין הויז איז געווען טאָמיד פול, דער אַריין, יענער אַרויס. קיין זאַך האָט זיך נישט געטאָן אָן אים, וואו ערגעץ אַ שפּאַרעניש, אַ לאָדעניש איז ער געווען דער פאַרמיטלער. בעשאָס עפּעס אַ נויט אין קלאַל־זאַכן פלעגט מען אָנקומען צו זיינס אן אייצע און וועגן אַלצדינג מיט אים זיך מעיאַשעוו זיין. — — —

אַף רעב כאַימען האָט דער געפאַלענער האַנדל אויך זיך שלעכט אָפּגע־רופן. די אויסגעגעבענע קינדער זיינע זענען געבליבן ווי דערוואָרגן. אָן פּאַר־נאָסע. אַ שוואָגער זיינער, וואָס האָט געהאַנדלט מיט טאַלקעס, האָט אָנגעזעצט און געמאַכט פּלייטע, איבערלאָזנדיק ווי אַפן וואַסער א ווייב מיט א קליין קינד, און זיי זענען געפאַלן אַף רעב כאַימס קאָפּ. און אים אַליין די געשעפטן איז אויך געגאַנגען שלים. אין דער טאַקסע פון פלייש, וואָס ער האָט די לעצ־טע צייט געהאַלטן, האָט ער דערלייגט דעם קאָפּ. דער אוילעם האָט געגעסן ווייניק פלייש. — — — און וואָס נאָך? אַ טייל האָבן אַריינגעפירט „באָסאָר־כויץ", דאָס הייסט פלייש, אַריינגעפּעקלט ביגנייווע אין שטאָט פונם אישעוו, פאַרשפּאָרט צו צאָלן טאַקסע און קאָסט וועלוועלער. דער כיירעם, וואָס ליגט, געוויינטלעך, אַף באָסאָר־כויץ, האָט נישט געהאָלפן. נויט, זאָגט מען, ברעכט אייזן, אַ פּשיטע שוין אַ כיירעם. אָרעמקייט, הונגער איז קיין קאַטאָוועס ניט, און „טאַקסע" איז ניט מיסינאַי. נישקאָשע! די שאָמרים אַף נישטערן, זוכן אַזאַ פלייש און אַוועקצונעמען עס מיט געוואַלד האָבן אויך ווייניק וואָס געהאָלפן. ס'איז טאָמיד נאָר געווען געשרייען, טאַינעס, אומצופרידנקייט, קלאָלעס, טרערן, און צוגעצויגן האָט עס רעב כאַימען סינע, צאָרן און האַרצווייטיק. נאָר ס'האָט זיך נאָך ווי־ס'איז געהאַלטן — טאַרבוס פאַר רעב כאַימען! שפּעטער אַביסל אָבער ווייזט זיך אַרויס, אַז רעב כאַים צאָלט שוין ניט קיין ראַטע, האָט פאַרלאָרן דעם „זאַלאָג", דערצו נאָך פאַרנומען פרעמד געלט אויך — און סאָ־נים, אַזעספּעני־מער האָבן שוין געעפנט אַ מויל, געשריגן טאַקע הויך אַף אַ קאָל.

רעב כאַים מיט זיין שאַרפן קאָפּ וואָלט זיך נאָך ניט מעיאַעש געווען, געזוכט וועגן, אַהין־אַהער, ווי זיך אַרויסצודרייען, איבערהאַלטן זיך די שלעכ־טע צייט, און זייער מעגלעך, עס וואָלט אים געראָטן. אַ כאָכעם איז ער בע־עמעס טאַקע געווען, באַרימט ווייט אַרום און אַרום. ס'האָבן אים געקענט אַפּי־לע די אַרומיקע פריצים; נאָר ווי קלוג, אַזוי שטאָלץ איז ער געווען און ער האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן לייטישע רייד. סטייטש, מענטשלעך אַזוינע, וואָס פלעגן ציטערן פאַר זיין בליק, ניט די זכיע האָבן מיט אים צו רעדן אַ וואָרט, זאָלן האָזע האָבן עפענען אַף אים א מויל! ניין, ס'איז אומעגלעך אַזוינס אויס־צוהאַלטן. ער האָט זיך שטאַרק פאַרעסן, איז אַראָפּ פון פּאָנים, פאַרלוירן דעם געזונט און איניינעם דערמיט דעם קוראַזש. — — —

בּאַ רעבֿ כאַימען אין שטובֿ איז היינט טרויעריק, וויסט, נישטאָ קיין סי־מען אַפילע פון ערעוו יאָנטעוו. רעבֿ כאַים ליגט אין אָנטאָן בא זיך אין צי־מער אַפן בעטל, אונטערגעלייגט בּיידע הענט צוקאָפּנס, קוקט שטאַרק צע־טראָגן, אָטעמט שווער און איז בלייך ווי די וואַנט. סאָרע זיצט אין שטובֿ פאַרלייגט די הענט, שטאַרק דערשלאָגן, מיט אויגן, ווי די באַנקעס, פון טרערן. און זאָל עמעצער פון די קינדער טאָן אַ פּיפּס, מאַכט זי ווינקענדיק צו אים: שאַ! דער טאַטע איז ניט געזונט, זאָל זיין שטיל! די קינדער גייען אַף די שפּיץ־פינגער, פאַרשלאָגן זיך איטלעכער אין אַ ווינקעלע און קוקן שווייגנדיק, שטאַרק, נעבעך, באַטריבּט. — — —

די טיר אין שטובֿ גלייך פון דער גאַס עפנט זיך ראַשיק אוף און עס קומט אַריין מיט בּרייטקייט אַ פּאָריץ, אַ הויכער, אַ געזונטער, פון אַ שיין אויסזען, מיט אַ פּאָר וואָנסעס, דין צוגעשפּיצט באַ די עקן. צוויי לאָקייען טראָגן אים נאָך פון הינטן — איינער עפּעס אַ קליין פּעקעלע, דער אַנדערער אַ ליולקע־ציבעק, אַ לאנגע אַנטיפּקע מיט אַ מונדשטוק פון בּרושטין. — — —

— אַ, וועלימאָזשנע פּאַן! — טוט זיך סאָרע א כאַפּ פונם אָרט און גייט דעם פּאָריץ אַקעגן.

— פּאַני ראַבּינאָוואַ! — שרייט־אויס דער פּאָריץ. — — —

— היי, אַנטאָסיאַ, ליולקי!

ווי פייל אויסן בויגן טוען זיך געשווינד אַ לאָז צו אים בּיידע לאַקייען, איינער מיט דער לאַנגער אַנטיפּקע און פול אָנגעשטאָפּטער ליולקע, דער אַנ־דערער מיט זיין פייער־געצייג: אַ שטיקל שטאָל, אַ קרעמען מיט גובקע אַ שטיקל, שלאָגט אויס פייער און צינדט אונטער דעם טאַבּאַק אין דער ליולקע. דער פּאָריץ רויכערט און הייסט די לאַקייען אַרויסגיין.

יאַן, דער וואַ — ציצער פּאָריץ, האָט געשטאַמט פון אַ פּוילישער איידעלער פּאַמיליע, צו וועלכער עס האָבן געהערט דערפער אַרום דעם שטעטל ק., וואָס זענען פאַרטיילט געוואָרן צווישן עטלעכע בּרידער. בּעשאַס זייערס א כאָגע, אָדער אַמאָל אויך א זונטיק, פלעגט יאַן מיט דער פּאָמפּע אין אַ קאַרעטע „נאַשפּיץ״ אריינפאָרן אין שטעטל, ווי אַנדערע פּריצים פון דער סוויווע, גלייך צום קלויסטער, וואָס אַקעגן דער שורע הייזער באַם עק מאַרק, נישט ווייט פונם „אַראָפּבאַרג״ דאָרט. נאָכן אָפּפּאַרטיקן זיך אין קלויסטער איז דער שטיי־גער זיינער געווען צוצוגיין צופוס צו רעבֿ כאַימס הויז, אַקעגן, וואו ער פלעגט פאַרבלייבן א פּאָר שאָ, אַף אָפּצוטאָן זיינע געשעפטן מיט באַלמעלאָ־כעס, קרעמערס אוכעדוימע, וואָס פלעגן קומען אַהין צו אים. רעבֿ כאַים איז באַ אים געווען שטאַרק כאָשעווו. ער האָט אים זייער געשעצט פאַר זיין קלוגקייט, זיין אָרנטלעכקייט, און ליבֿ געהאַט ווי אַ געטרייען פריינט. איז אים אויסגע־קומען אַמאָל שווערלעך אין עפּעס אַ זאַך, האָט ער זיך געראַטן מיט רעבֿ כאַ־אימען. האָט ער געהאט מיט עמעצן עפּעס אַ סיכסעך, איז בא אים געווען איין וואָרט: „דאָ ראַבּינאַ!״. אַזוי האָט רעבֿ כאַים באַ אים געהייסן. רעבֿ כאַים איז געווען דער פאַרמיטלער. אַף אים האָט ער זיך אינגאַנצן פאַרלאָזן, ווייסנדיק זייער גוט, אז רעבֿ כאַים וועט פונם יושער ניט אַוועק אַף א האָר. און גאָר

כוץ די אַלע זאַכן, האָט ער גלאַט אזוי ליב געהאַט צו פאַרברײנגען אין אַ שמועס מיט רעב כאַימען. פוילישׁ האָט רעב כאַים גערעדט, אויך געשריבן ניש־קאָשעדיק. ער פלעגט אמאָל דערצײלן דעם פּאָריץ גלײכווערטלעך, מעשאָלים, שײנע אַגאַדעטעס פונם טאַלמוד, פון װעלכע יאַן פלעגט האַנאָע האָבן, זײ לויבן אין טאָג אַרײן. איז רעב כאַים אמאָל באַשעפטיקט געװען בא זיך מיט מענטשן, האָט יאַן אים ניט געשטערט, געװיכערט די ליולקע, זיצנדיק גאַנץ הײמיש אין שטוב, און איבערגעװאַרט ביז רעב כאַים װעט זיך אָפּפּאַרטיקן. װאָס מע װיל מעגן זיך אַנדערע איבער פוילישע פרײנטשאַפט מיט אידן זאָגן, נאָר דער פאַקט, אז יאַן איז בעעמעס געװען רעב כאַימס א פרײנט בלײבט אַ פאַקט. דאָס האָט זיך בא פיל געלעגנהײטן דערװיזן טאָמיד, אויך הײנטיקס מאָל אין זײן מאָרע־שכוירעדיק פּאָנים, אין זײנע פײכטע אויגן, בעשאַס סאָרע האָט אים איבערגעגעבן די שלעכטע לאַגע זײערע און אז דער מאַן איז פאַר קרײנקונג נישט געזונט.

— קען איך אים זען אַצינד אף א װײלע? — פרעגט יאַן.

— אָט װעל איך גײן אַ קוק טאָן — ענטפערט סאָרע — און אויב ער שלאָפט ניט, װעל איך אים זאָגן.

עס האָט נישט געדויערט קײן רעגע, האָט סאָרע געבעטן דעם פּאָריץ צום מאַן אין צימער אַרײן.

— צאָ טאַקעגאָ, פּאַן ראַבי?! — מאַכט יאַן, אָפּשטעלנדיק זיך אַ װײלע באַם אַרײנקומען נישט װײט פון דער טיר. און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, װי פאַרװאונדערט, מיט אַ שמײכעלע קלוימערשט — עפּעס איז פּאַן ראַבין גאָר צעטראָגן, האָט פאַרלוירן דעם קוראַזש! װאו איז זײן פעסטער כאַראַקטער? װאו איז זײן כאָכמע?

— עס זענען דאָ צײטן, װאָס העלפט נישט דעם מענטשנס כאָכמע — ענט־פערט רעב כאַים מיט אַ שמײכעלע, װאָס ער האָט עס געמאַכט מיט געװאַלד.

— ס'איז דאָך אָבער דאָ אַ גאָט, װאָס קען העלפן טאָמיד, אין אַלע צײטן! באדארף איך דעם פּאַן ראַבין זאָגן אַזוינס, װאָס ער װײסט בעסער פון מיר? — מאַכט יאַן, זעצנדיק זיך רעב כאַימען אַקעגן. — איך װײס — שלעכטע אומשטענדן. אָבער אַזאַ מענטש מיט קאָפּ, קען נישט װערן פאַרלוירן. עפּעס אַסאַך האָבן אידן אַזעלכע װי פּאַן ראַבין?

אַקעגן אַ פערטל שאָ האָט יאַן פאַרבראַכט באַ רעב כאַימען. דערנאָך האָט ער זיך געזעגנט און מיט א פאַרקלעמט האַרץ זיך געלאָזט צו זײן קאַרעטע, נעבן קלויסטער.

אַף מאָרגן פאַרנאַכט איז צוגעפאָרן צו רעב כאַימס הויז א װאָגן, און צװײ לאַקײען האָבן אַרײנגעטראָגן אין שטוב זעקלעך װײץ, קאַרטאָפּל, אויך הינער און אַ פּאָר אינדיקעס.

## 2. רעב יוינעס, דעם סלוצקער גווירס, הויף.

אַ הויז אַ הילצערנס, איינגאָרנדיקס, מיט אַ גאַניקל אף עטלעכע טרעפּלעך די הויך באַ דעם אַריינגאַנג, און אַ שורע מיטל־הויכע פענצטער, גלעזערנע אויגן, אים פון ביידע זייטן קוקט אַרויס אין אַ גרויסן, אַרומגעצוימטן הויף. און אַזוי טאַקע מיט דעם נאָמען „ר ע ב י ו י נ ע ס ה ו י ף", הייסט אין דער שטאָט די וואוינונג זיינע. אין איין זייט הויף שטייט הויך אויסגעבויט זייער אַ שיינע שול, אַ בעסמעדרעש, הייסט עס. דאָרט דאַוונט אַ גרויסער אוילעם — די פון דער מישפּאָכע און אויך זייטיקע אידן. דאָרט זיצט אויך יונג און אַלט און לערנט טאָג ווי נאַכט. אַזוי איז עס געווען בעכאַיעווו, און אין זיין זונס צייט שפּעטער — א מיניען אידן לאָמדים, זקיינים און יונגעלייט, זענען אַף סכירעס געזעסן שטענדיק און געלערנט. סכירעס האָט אויך באַקומען אַ ראָש־יעשיווע פאַר דעם זאָגן דאָרט אַלע פרימאָרגן נאָכן דאַוונען א שיער געמאָרע מיט מעפאָרשים פאַרן אוילעם לאָמדים.

פרייטיק־צו־נאַכט באַקומט דער הויף עפּעס גאָר א ניי אויסזען, אַ יאָנטעווו־דיק פּאָנים, א גרויסער, אַ לאַנגער אַמוד־אייש פון פיל ברענענדיקע ליכט אין שול, אין הויז, שטראַלט אַרויס דורך די פענצטער און באַלויכט, צעשפּרייטנדיק זיך איבערן הויף, אין איטלעכס ווינקעלע. עס פילט זיך עפּעס ווי די גוטע מאַלאָכים, דעם אויבערשטנס דינער, געשיקטע פון האַקאָדויש־באָרוך־הו אין הימל, שוועבן אַרום דאָרט, אָפּוואַרטנדיק דעם גוויר מיט זיינע קינדער באַם אַרויסגיין פון שול, צו באַגלייטן זיי אַהיים. דאָרט אין שטוב, אין אַ ליכטיקער גרויסע סאַליע שטייען פאַר דעם הויזגעזינד און נאָך פאַר צענדליקער אָרכים אָרעמע לייט, שיינע אידן, שאַבעסדיק געדעקטע טישן מיט אַלדעם־גוטן — מיט בענטש־ליכט אין דריי, אין זיבן־דרערדיקע זילבערנע לייכטער, מיט טייערע קרעדענצן פון פאַרפיר. וויין פינקלט, פּערלט־זיך אין געשליפענע, בייכיקע, לאַנג־האַלזיקע פלעשלעך, אָפּשיינענדיק זיך מיט אַלערליי רעגנבויגנדיקע קאָ־לירן אין קריסטאָלענע קידעש־גלעזלעך. פאַר יעדן פון די שפּייזנדע באַזונדער ליגט אף אַ שניי־ווייסן טישטוך אַ פּאָר פריש־שמעקנדיקע, ווי יונגע הינדלעך, ערשט פונם איי, פולינקע, געלינקע קוילעטשלעך — „לחם־מישנה". אָנקוקנדיק דאָס אַלצדינג קומט־צו, דאַכט זיך, א נייע נעשאָמע — די נעשאָמע יעסיירע, מע פילט, אָט איז שאַבעס, אָט קומט די ליבע קאַלע, אָט גייט מען איר אַקעגן מעקאַבל פּאָנים זיין אין שול מיט א „בואי בשלום", זינגענדיק דעם „לכה־דודי" הויך אַף אַ קאָל מיט אַ ברען!

אַף אזא אופן איז דער גוויר יויצע געווען פאַר גאָט און פאַר זיין טוירע. ער איז אָבער, ווי אַן איינוואוינער און ווי אַ איד, א זון פון זיין פאָלק, אויך יויצע געווען אַקעגן דער שטאָט און דעם קלאַל איסראָעל. ער איז דרינען באַ־טייליקט געווען, גאַנץ געוויס, מיט זיינעם אַ גרויסן כיילעק. די צדאָקע זיינע פאַרן קלאַל האָט, פונדעסטוועגן, ניט מויצע געווען דעם פּראַט, ווי מען איז מויצע באַ אונז יעגעם, אשטייגער, פון בראָכע־מאַכן אף וויין אוכעדוימע. דאָס הייסט, מיט די נעדאָווועס פאַרן רעבן האָט ער ניט אָפּגעפּאַטערט יענע נויט־

באַדערפטיקע יעכידים, זיי האָבן געגומען באַ אים די מאַטבייע איטלעכער באַזונדער, קאַבצאָנים פון אַלערליי מינים, דאַלפאָנים אַזוינע און אַזוינע, מיט טאָרבעס, אָן טאָרבעס, ניסראָפּים, אגונעס, שלעפּערס מיט געשריפטסן פון ראַבאָנים, אָן געשריפטסן — אלץ איינס, יעדער האָט באַקומען זייער פיין זיין גראָשן. ווער רעדט פאר אייגענע, פאַר שטעטישע אובעלוי יוידים, שטילע, „מאַטן בעסייסער", הייסט עס, מיט עסן און טרינקען, גאַסטפריינטלעך אַף אוראָהאָם־אָווינוס שטייגער. — — —

דאָרט אינם הויף, גלייך אַקעגן דעם גווירס הויז — איר זעט — איז א היפּש געביי, אַ לאַנגס, אָן פענצטער, מיט א פּאָר גרויסע אָפענע, אָפּגעלייגטע טויערן, וואו איינער אונטערגעגאַרטלט, די פּאָלעס פאַרשטעקט, די אַרבל פאַרוואָרפן, מיט אויסגעשטרעקטע הענט, נעמט עפּעס אין זעקעלעך פון אינעווייניק און דערלאַנגט א צונויפשטופנדיקן אוילעם אינדרויסן, מאַנסבלען, ווייבער, באַלאָדענע מיט פּעקלעך, ליכטלעך און פלעשלעך. דאָס איז — איר הערט ליבע אידן — דאָס איז א שפּייכלער, וואו עס געפינט זיך עסנוואַרג, אויך נאָך אנדערע נייטיקע זאַכן, און פון וואַנען דעם גווירס א „מענטש", אַן אופזועער דערוף, גיט אַרויס אַלע דאָנערשטיק געוויסע אָרעמעלייט אַף שאַבעס. און געפאַלענע, אָפּגעקומענע, נעבעך, אַזוינע, וואָס שעמען זיך אָנשטעלן די האַנט, שיקט מען זיי אָפּ שטילערהייט אהיים בעקאָוועד. — — —

אין דער זייט הויף פאַרנעמט דאָרט פלאַץ א גרויסער פליגל, פון די קוימענס ציען זיך זיילן רויך, מעשאָרסים, ווייבער, מיידלעך אין ווייסע פאַרטוכער, מיט טיכלעך ריינע־ווייסע באַדעקטע קעפּ, דרייען זיך שטאַרק באַשעפטיקט, מיט קיילים, טישצייג אַהין־אַהער, א מאנספארשוין אַ הויכער, אַ געזונטער — קוק אים אָן — א יונג מיט ביינער, שטייט אין דער טיר. ער קאָמאַנדעוועט און לאָזט אַריין מענטשן, וואָס קומען און גייען איינער נאָכן אַנדערן — הערט א מאַיסע, וואָס אַ פאַרצייטיקער גוויר קען — איינפירן באַ זיך אַ קיך אַף קאָכן, באַקן און געבן דאָרט אַלע טאָג עסן הונגעריקע, ניט פאַרמעגלעכע, בעסמעדרעשניקעס עלנטע.

## 3. ביניאָמין דער מענטש.

דער כאָכעם און באַל־אייצע אין אונזער שטעטל איז געווען ביניאָמין דער מענטש. פאַרשריבן איז ער געשטאַנען אין דעם רייסטער פון די נעפאַשעס מיט דער פאַמיליע קורנאָסע. — — — די פאַמיליע זיינע איז אָבער געשטאַנען טאַקע נאָר אין רייסטער, און געהייסן האָט ער געווינטלעך ביניאָמין דער מענטש. ביניאָמין האָט אַמאָל באַם באַרימטן גוויר רעב יוינע יעהופיצער געהאַט אַ שיינע שטעלע און איז היפשע עטלעכע יאָר אַוועקגעווען באַ אים אַ מענטש. אַז דעם גווירס געשעפטן האָבן זיך אויסגעלאָזט און ביניאָמין ווערט אויס מענטש, איז דער נאָמען מענטש פונדעסטוועגן אים טאַקע געבליבן. אין שטעטל האָט זיך ביניאָמין גערעכנט איינער פון די שיינע, יוסטע באַלעבאַטים. זיין שטוב מיט אַ גרין גאַניקל און אַ הויכן

דאַך פון שינדלען איז געשטאַנען אינמיטן מאַרק, פונקט אַקעגן דעם רינג קלייטן. סאָרע זיין ווייב, אַ הויכע, אַ דאַרע אידענע מיט אַ לאַנגער דינער נאָז, מיט עטלעכע שנירלעך פערל און אַ גילדענעם אויבל אפן האַלז, טאָמיד אינדערוואָכן אפילע, פלעגט זיך אָפּגעבן מיט דער באַלעבאַטישקייט, ציען די פּאַרנאָסע פון אַ געהייבן שיינקל בא זיך אין שטוב, וואָס כּוץ בראַנפן און פאַרבייסן האָט זיך בא איר געפונען ביר, מעד, ווישניק און אַ געבראָטענע גענזל אויך. דעם סאָד פון זויערע אוגערקעס שטעלן האָט זי אַליין נאָך געוואוסט: איר אוגערקע איז געווען האַרט, שטייף, נישט געבייטלט. בא איר אין שיינקל האָבן געטרונקען די „פּיאַני האָאיר": דער צעכמייסטער, דער גאָלאָוואַ מיט דעם שרייבער און נאָך אַזעלכע געהייבענע פאַרשוינען פון זייער קאָהאָל. „סאָרקע" איז בא זיי עפּעס גאָר קיין קאַטאָוועס נישט, נאָר עפּעס — איז צו „סאָרקען". פון „סאָרקעס" אַ שטיקל געפילטע פיש לעקן זיי די פינגער. פאַר סאָרקען איז, בעשאַס האָבנדיק אַ קויסע אין קאָפּ, אָפּן זייער האַרץ; וואָס אַף דער לונג, דאָס אַף דער צונג. מע האָט מיט איר אָפּט דענסטמאָל אַ וויקועך איבער דער „נעמאָנע". עס לאָזט זיך געוויינטלעך אויס מיט נאָך אַ פלעשל מאַשקע און מע פאַסקעט מיט אַ גוט, זיס שמייכעלע: אַלע „נעמאָנעס" זענען גוט, אונזערע, אייערע — אַלץ איינס... אויך כעוורע־קאַדישע־לייט, לעהאַוודל, אָדער עפּעס אונזערע קאָהאָלס־לייט, אַז זיי האָט אַמאָל געכאַלעשט דאָס האַרץ און האָבן זיך געוואָלט אַביסל קוויקן, נעבעך, פלעגן זיי שיקן געמען מאַשקע מיט אַ גענזל בא סאָרע ביניאָמינס. סאָרע איז געווען די איישעס־כאַיל, און ביניאָמין האָט אין די עלטערע יאָרן זיך געפירט אַ רואיק לעבן, אָן קאָפּדאַרעניש. קינדער זענען אים נישט באַפאַלן, זיינע דריי טעכטער האָט ער שוין לאַנג אויסגעגעבן, און זיי האָבן געלעבט מיט די מאַנען צופרידן, ווי גאָט האָט געבאָטן. נאָר בא זיך האָט ער געהאַט נאָר איין אייניקל, אַ יונג מיידל, זייער אַ שיינס, אַ געראָטן קינד, וואָס איז קינדוויים געבליבן אַ יעסוימע נאָך זיין איינציקן זון. זי איז אים געווען אַ טרייסט, איינגעבאַקן טיף אין האַרצן.

ביניאָמין האָט געהערט צום סאָרט איידעלע אידן, וואָס דאָס איידלקייט ליגט זיי אפן פּאָנים, מע דערקענט באַלד אין זייער אויסזען, אַז זיי שטאַמען פון אַ פיינע מישפּאָכע, די טוירע שיינט זיי ארויס אין די אויגן, און אַף דעם הויכן שטערן שטייט זיי אָנגעשריבן: דאָס זענען גאַנץ אַלטע, אָפּגעקומענע מעיוכאָסים פון דער גילדענער פּאָן — קינדער פון די הייליקע, אין דער גאַנצער וועלט באַרימטע, טייערע אָוועס: אַווראָהאָם, יצכאָק און יאַקויוו!...

ביניאָמין איז אויך געווען אַ „פּאָליטשנער" מענטש, אַ קלוגער, אַ געניטער, ער האָט באַטראַכט אַ זאַך גאַנץ רואיק, בעפּאשטעס, אַזוי ווי זי איז, זיך קיינמאָל נישט געהיצט, נישט פאַרגרעסערט ווי אַנדערע און געגאנגען טאָמיד מיט זיין אייגענעם דערעך. זיין שטייגער רעדן איז געווען שטיל, עפּעס אַף אַ בינימעס־הייזעריקלעכער שטימע: האָט דערביי אָנגעבויגן דעם קאָפּ מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן. גערעדט האָט ער קורץ און שאַרף, אריינוואַרפנדיק אַ מאָשל, אַ ווערטל, ווי אַ בליץ, וואָס האָט געטראָפן און געפּאַסט צום

אייסעק. ער איז געווען אַ שוואַכער מענטש און האָט געלעבט דעריבער זייער באַרעכנט, אָפּגעהיט דאָס געזונט. אין בעסמעדרעש פלעגט ער קומען דאַווענען נאָר שאַבעס, זייער זעלטן אינמיטן דער וואָך, איז דאָס אויך גאָר פאַרנאַכט אַמאָל צו מינכע. דאָרט האָט ער זיך נישט געשטופּט אויבנאָן, אין דער מיזרעך־וואַנט, זיין אָרט איז געווייינטלעך געווען אונטערן אויוון. מיט ביניאָמינס קומען פלעגט דער אונטער־אויוון עפּעס ווי באַלעבט ווערן, אַ רעדל מענטשן פלעגן טאָמיד שטיין אַרום זיין שטענדער און עס האָט זיך געשמועסט עפּעס אַזוי גוט, עפּעס אזוי געשמאַק... און צוליב ביניאָמינען האָבן גערשן־אייזיק און דאָוויד־אַבע, צוויי שטיקלעך כאקראָנים, פארלאָזן זייערע שטעט אין דער שפּיגל־וואַנט און זיך באַזעצט נעבן אים דאָרט אין שכיינעס. דיביידע כאַקראָנים — אַזוי איז געווייינטלעך דער שטייגער געווען — הויבן אָן דעם שמועס, אונזער ביניאָמין זיצט שווייגנדיק מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן און הערט. דער שמועס ווערט אלץ ברייטער, גרעסער, עס מישן זיך אין אים אריין מענטשן פון אוילעם, איטלעכער גיט אים אַ צי, אַ שלעפּ אַביסל אין דער זייט, און אָט קומט שוין אויס בוידעם, גאָר נישט דאָס, פון וואָס מע האָט אָנגעהויבן. פלוצלים עפנט ביניאָמין דאָס מויל, עס ווערט שטיל, שאַ! שאַ! און ער זאָגט אָפּ זיינס, געציילטע ווערטער, וואָס טרעפן אין קאַרב אריין, אלע זענען מאַסקים און מאַכן מיט אויסגעצויגענע פּענימער: אָ־אָ!...

דעם גאַנצן טאָג פלעגט ביניאָמין צוברייגען בא זיך אין אַ באַזונדער אַלקיר, אריינקוקן אין אַ סייפער, זיצנדיק אָנגעלענט אף אַ געבעט־ביינקל, אין אַ כאַלאַטל און פּאַנטעפעלעך, נאָר אליין איז ער קימאַט קיינמאָל נישט געזעסן, שטענדיק האָט מען בא אים געטראָפן אלערליי מענטשן: אידן, אידענעס, יונג און אַלט. אַזעלכע, וואָס פלעגן קומען זיך מיט אים אַן אייצע האַלטן, אויך אַזעלכע פון זיינע מעקוראָווים, וואָס האָבן מיט אים פאַרבראַכט אַביסל די צייט, גלאַט אַזוי, אין אַ שמועס. דער צעכמייסטער מיט דעם גאָלאָוואַ, ווען זיי זענען געווען אַביסל בעגילופן, פלעגן זיך אַמאָל אויך אריינכאַפּן צו אים מיט אַ קויסע אין דער האַנט און אין איין קאָל: פּאַני ביניאָמקא! נישט אַנדערש, זיי ווילן טרינקען לעכאַים צו פּאַני ביניאָמקע. דער צעכמייסטער, קלאַפּנדיק מיט אַ פינגער זיך אפן שטערן, מאַכט האַלב אידיש, האַלב רוסיש: „ביניאָמקא, גרויסע קאָפּ! וועליקי פּאַני־בעריע, אוי וויי מיר!"... דעם גאָלאָוואַ פרייט זיך דאָס האַרץ, ער שניידט עפּעס איבער דער „נעמאָנע", וויל ארויסווייזן זיין לאָמדעס און מישט אויס בוידעם־פּאָלעצע, איבערקייענדיק צען מאָל איין וואָרט אלץ: „ראַבי מוישע, אדאם, האָמאָן! שטשאָ או וואַס, טאָ או נאַס. וואַש דאַוויד, נאַש דאַוויד... טילקאָ כאַזער ני, ני! טרייף"... ס'איז אַ לעבן, אַ כעדווע, אַ ליבשאַפט, זיי זענען זיס ווי לאַקריצע, האַלזן ביניאָמינען, קוים־קוים וואָס זיי רייסן זיך פון אים אָפּ און גייען אַוועק, פלאָנטענדיק מיט די פיס. — האַקלאַל, ביניאָמין זיצט נישט אַליין, אלע צו אים. שלאָגט זיך, אַשטייגער, איינער אין דער דייע וועגן עפּעס אַ שידעך, גייט ער צו ביניאָמינען. דרייט זיך ערגעץ אַ פּאָר פּאָלק, קומט איטלעכער באַזונדער פון ביידע צדאָדים אויסרעדן דאָס האַרץ פאר ביניאָמינען; גייט אַ

באַלעבעסל אַראָפּ פון קעסט און ווייסט נישט, צו וואָס זיך צו נעמען, דולט ער אַ קאָפּ ביניאָמינען. רייסן זיך צוויי אידן צווישן זיך, גלייכט זיי אויס ביניאָמין. שטאַרבט אַ איד און לאָזט איבער יערושע, הערן די יאָרשים נישט אויף זיך צו קריגן ביז צווישן זיי מישט זיך נישט אריין ביניאָמין; שטאַרבט אַ איד און כוץ אַ ווייב און קינדער לאָזט ער נישט איבער קיין יערושע, איבער וועמעס קאָפּ ווײנט די אַלמאָנע? איבער ביניאָמינס. בעקיצער, וואָס נאָר, קומט מען צו ביניאָמינען, אַ שטעטישע זאַך — אויך צו ביניאָמינען. ביניאָמין הערט אַלצדינג רואיק אויס, געפינט פאר איטלעכן אַ מאָשל, אַ ווערטל, אַן אייצע, און מע נעמט זיינע ווערטער אָן פאר ליב, האַגאַם זיי מעגן טרעפן אַמאָל יענעם אין קנעפּל, שטעכן אין דער זיבעטער ריפּ.

אָט דאָס האָט איר אייך אַ בילד פון ביניאָמינען, פונם באַל־אייצע אַמאָל אין אונזער אידיש שטעטל, וואָס אַזעלכע ווי ער זענען היינט בא אונז זייער זעלטן.

## 4. ר׳ יאַנקעוו דער פּריצישער באַלהאַוואָע.

פּריער, אין ערשטן גילגל, איז ער געווען אַ וואָרעם און האָט געהייסן יענקל, אָדער נאָר פּאָשעט יאַנקוטש. יענקל איז אין דער יוגנט געווען אַ קליין מעשאָרעסל, געקראָכן אפן בויך, געאַרבעט, נעבעך, נאָר פאר דעם עסן, מער ווי עסן איז אים אפן זין אפילע נישט געקומען. בא אַ איטלעכן איז ער געלעגן אונטער די פּיס און מע האָט אים געטראָטן ווי אַ וואָרעם. ער איז באַ זיך אַליין געווען נידעריק, זייער געפאַלן; האָט זייער גוט געוואוסט, אַז ער איז אַ רוי אינגל און קען, נעבעך, גאָר נישט, דעריבער האָט ער אָנגעבויגן דעם קאָפּ, געקראָכן, ווי מע זאָגט, איטלעכן אונטער די נעגל — און דאָס טאַקע האָט אים געראַטעוועט. דורכדעם האָט מען אַלץ ווייטער מער אַף אים זיך אומגעקוקט, און ער איז אַלץ וואָס ווייטער מער ארויס פון דער בלאָטע, פון אַ קליין מעשאָרעסל געוואָרן אַ גרויסער מעשאָרעס, שוין געהאַט די זעט, פונם געהאַלט זיינעם אַלץ געשפּאָרט, אַ גראָשן צו אַ גראָשן, ביז ער האָט אָנגעקליבן אַביסל געלט און האָט כאַסענע געהאַט פאַר אַ האלב־דינסטמיידל, דאָס הייסט, איינע פון יענע אָרעמע מינע מיידלעך, וואָס אַרבעטן, האָרעווען, רייסן קריע יאָרן־לאַנג עפּעס באַ קרויוים אזוינע, און הייסן הייסט עס, זיי העלפן גלאַט אַזוי זיך, ווי אייגענע, אין דעם באַלעבאַטישקייט אומזיסט, נישט צו נעמען קיין גראָשן, כאָלילע. דערפאַר שטעלט מען זיך אַרויס פאַר מעכוטאָנים באַ זיי אַף דער כאַסענע דערמיט, וואָס מע שיינקט זיי אַ בורנאָס, אַ שמאַכטע און אַ פּאָר אַלטע קליידלעך פון דער גאַרדעראָבע. מע טוט זיי נאָך אָן אַ גרויס קאָוועד אויך, וואָס מע עסט, מע טרינקט באַ זיי אַף כאַסענע און מע גייט מיט דער קאַלע דעם קאָשער־טאַנץ... נאָך דער כאַסענע האָט יענקל געפּרואווט דאָס מאַזל און אָנגעהויבן ביסלעכווייס אונטערצוהאַנדלען, אַליין פאַר זיך צו מאַכן געשעפטלעך. ער האָט פאַרליען אָרעמע אידן, באַלמעלאָכעס, קליינע קרעמערלעך געלט אַף וואָכער, שפּעטער

אַביסל געמאַכט אויך האַלוואָעס שרייבערלעך פון אַלערליי פּריסוטסטוועס,
האַשעם־איסבאָרעך האָט אים געהאָלפן, אים געגעבן בראָכע וועהאַצלאָכע אין
די פּאַרדינסטלעך, ביז ער האָט מיט דער צייט געמאַכט אַ גאַנץ שיין קאַפּי־
טאַל, מיט דעם אויבערשטנס הילף, און איז געוואָרן — אַ קאַטאָוועס עפּעס — אַ
פּ ר י צ י ש ע ר באַל־האַלוואָע! ער האָט געקויפט אַ הויז און שוין געלעבט
ברייט, ווי אַ פיינער באַלעבאָס. דענסטמאָל הויבט זיך באַ אים אָן דער צוויי־
טער גילגל. פון אַ וואָרעם — אַ יענקל. ווערט אַ מין פיינע־בריע, מיט אַ פּאָ־
נים פון אַ שיינעם אידן, און הייסט שוין ר׳ יענקל! ער איז שוין אַ אָפּגע־
פּיינט מענטשל, אַ לאַלקע, זיין שטאָט איז אין דער שפּיגל־וואנט דאָרט אין
קלויז צווישן דעם רעכטן צימעס. לייט וויסן באַ זיך זייער גוט, ווער ער איז,
פונוואַנען, משטיינס־געזאָגט, ער שטאַמט, נאָר מאַכן זיך ביזכוס זיין געלט נישט
וויסנדיק. געלט איז פּאַר דעם מענטשן דער בעסטער מייליץ יוישער... מע
נעמט אים אַריין צווישן די מוירייִנוס — יאַמויד ר׳ יענקל! און זיינע באַסאָקעס
רופן אים ר׳ יענקל, שוין אונטער די אויגן אַפילע — דאָס איז באַ אונז אידן
אַף איין מאַדרייגע מיט דעם טיטל „סטאַטסקי סאָוועטניק״ באַ זיי, לעהאַוודל.
ר׳ יענקל אַליין געדיינקט נאָך אויך זייער גוט, וואָס ער איז פריער געווען —
אַ קליין מענטשל, אַ מעשאָרעסל, אַן אַמאָרעץ. דעריבער האַלט ער עס פאַר אַ
גרויס קאָוועד, וואָס אָנגעזעענע מענטשן זענען מיט אים כאַווער און נעמען
אים אין קאָן אַריין ווי זייער גלייכן. זיי האַלט ער באַ זיך פּאַר איידעלערע,
געלערנטע פון אים און היט זיך דעריבער מיט אַ וואָרט. זאָגן זיי עפּעס,
שאָקלט ער צו מיט דעם קאָפּ. ער קוקט זיך גוט צו צו די אַלע גיינג פון
איידעלע אידן און זוכט אין אַלצדינג זיי נאָכצוטאָן: זיי אײַן שיך און זעקע־
לעך, ער אויך אַזוי; זיי האָבן אויסגעווייקטע פּעני־מלעך און רעדן מיט אַ זיפּ־
צעלע, ער פּרוּאווט זיך אָנעמען אויך אַ כרום־אידיש פּעני־מל און לאָזן שטילע
זיפּצעלעך; זיי פּיעסטען זיך פּאַר גאָט־באָרוך־הו אין דעם דאַוונען, מאַכן פּיס־
קעלעך, פּאַרגייען זיך און שרייען: אַי. אַי, טאַטע־פּאָטער! אונטערשפּרינגענ־
דיק — ער אויך אַזוי; זיי אַמאָל עפּעס גאָר אָן ווערטער: „סאַנצעלאָ-
מעס״, מייכעטייסע, „בים־בים־בים״, ער אויך אַזוי, אָן ווערטער. האַקלאַל, ער
איידלט זיך, ער לערנט זיך, געדאַנקט און געלויבט גאָט, ער איז לייטן־גלייך,
ער כאַפּט שוין אויך אַ קיבעד מיט מעציצע, און ס׳איז דאָ אַ האָפענונג, אָט־
אָט הויבט מען אים אָן מעכאַבעד צו זיין שוין מיט סאַנדעק . . . זיצט ער
אַמאָל אַף אַן אַסיפע צווישן די פיינע־בריעס, שמעלצט ער זיך פּאַר טאַינעג
און וויל אַלץ, מע זאָל עס זען, מע זאָל עס וויכן . . . זאָגט מען: רעב
יענקל! ווי איז אייער דייע? איז ער גאָר איבערגליקלעך. טרעפט ער אַמאָל
גראָד צו אין עפּעס אַ זאַך ביניאָמינען, איז ער אַפן זיבעטן הימל, ביניאָמין
איז באַ אים אַ כאָכעם, דאָס אויבערשטע פונם שטייסל. סטייטש, ביניאָמין!
מיט אים צו רעדן איז אַ זכיע. — אָט אַזוי רייבט זיך אַ היפּשע צייט אונזער
ר׳ יענקל, מאַכט דערווייל אויך, מיט דעם אויבערשטנס הילף, גוטע געשעפטן,
איז אַר״ן אין די גרויסע פעדערן און וואַקסט, וואַקסט, ביז פון דער שטומער
ל ע ל ע רייבט זיך אויס און שפּרינגט פון דער העלער הויט אין דעם דריטן

גילגל אַרויס אַ גרויסער פויגל, וואָס צעשפּרייט שטאַרק די פליגלען, פליט הויך איטלעכן איבער די קעפּ און הייסט שוין רעב יאַנקעוו! אים איז שוין קאַרג זיין גלייך מיט אַלע, ער וויל זיין העכער פון אַלע, קליגער פון אַלע, האָבן מער דייע פון אַלע. אַ שטאָט אין דער שפּיגל־וואַנט איז פאַר אים שוין גאָר־נישט, עס ציט אים אַהין, אויבנאָן, האַרט נעבן אָרן־קוידעש, און וויל זיין אומעטום דער ערשטער, שוין אַ מוירע-מוירײנו. — רעב יאַנקעוו געדיינקט שוין אַצינד נישט, אַז ער איז פריער געווען יענקל דער מעשאָרעס, אַ וואָרעם, אַ מין קליין באַשעפעניש. דאָס געלט פאַרשטאָפּט אים דאָס האַרץ, פאַרשטאָפּט אים דעם מויעך. אַף דעם אָרט פינם זיקאָרן דאָרט אַמאָל ליגט אַצינד אַ קערבל. וואו אין אים איז אַמאָל געווען דאָרט אַ שטיקל יוישער, אַ קאַפּ ראַכ־מאָנעס, עטוואָס מענטשלעכקייט און אַ פּיצל פאַרשטאַנד, שטעקט הײנט אַ מאַטבייע. אין אים טוט, אַרבעט די מאַטבייע, דער גאַנצער סייכל איז באַ אים נאָר די מאַטבייע. אין אַלע פינף כושים זיינע איז אַריינגעטאָן די מאַט־בייע: זיין קוקן, הערן, שמעקן, טאַפּן און פילן איז אַלץ נאָר די מאַטבייע, און באַ אידן איז דאָך פון אייביק אָן שוין אַזוי בעטעווע — דערזעען זיי באַ עמעצן אַ גילדענע מאַטבייע, מעג ער זיך זיין אַ קאַלב, אַ בעהיימע, איז ער באַ זיי אַ גאָט, בוקן זיך צו אים, טאַנצן אַרום אים, לעקן און גיבן אים גרויס קאָוועד אָפּ . . . באַסאָקעס מאַכן אַ ברייטן האַמעלעך: רעב יאַנקעוו! און אידן זאָגן נאָך מיט גרויס דערעכערעץ: באָרוך־הו ובאָרוך שמוי, רעב יאַנקעוו, אָמיין! — — —

## 5. רעב אַוראָהאָם פון די געהייבענע מעקאַבלים.

רעב אַוראָהאָם איז געווען פון די געהייבענע מעקאַבלים, וואָס רעכענען זיך באַ אידן צום קאַפּיטל קלייקוידעש, און שטייען אַף דער צווייטער שטופע נאָך די דאַיאָנים. דער טיטל זייערער איז געוויינטלעך: שיינע אידן. דעם גרעסטן טייל טאָג איז ער געזעסן אין קלייזל איבער אַ סייפער און גענעכטיקט האָט ער באַ זיך אין דער היים. ער איז געווען זייער אָנגעזעען באַ די אַלע באַלעבאַטים אין קלייזל, פון וועלכע דער גרעסטער טייל האָבן נאָך באַלעבעסלוויס, באַלד נאָך זייער כאַסענע, אים דאָ געטראָפן אַזוי דינען גאָט און זענען מיט אים דעריבער שטאַרק געוויינט געוואָרן. אָן אים וואָלט, דאַכט זיך, דאָס קלייזל נישט געווען, עס וואָלט עפּעס געפעלט. רעב אַוראָהאָם האָט געהאַט איינגאַנג אין פיל לייטישע הייזער און זיך געריבן אַרום נעגי־דים, צו וועלכע ער פלעגט אַמאָל אַריינקומען אַ שאַבעס־צונאַכט אַף אַ גלעזל פּונש, מאַכן מיט זיי עפּעס אַ שמועס, געמענדיק דערביי א גוטן ציגאַר־טיטון, און וועלכע עס פלעגן אים אַמאָל אויסהערן וועגן אַ שידעך.

דער נאָמען שיינער איד האָט אים בעעמעס טאַקע געפּאַסט. אַף זיין קאַ־פּאָטע האָט זיך נישט געפונען קיין שפּריינקעלע, שטענדיק ריין, גאַנץ, אָן אַ ריס, אָן אַ טרען, אין דער קעשענע אַ נאָזטיכל, קיינמאָל נישט געשפּיגן, נישט געשנייצט די נאָז פריי אַקעגן מענטשן אין פּאָנים אַריין און נישט געווישט

זי מיט דעם אַרבל אָדער מיט אַן עק פּאָלע, ווי אַנדערע. זיין שוואַרצע, סאַמעטענע יאַרמולקע איז געווען פריש, פיין, אָן פעדערן, ניט פאַרשמאָלצעוועט דיק מיט פעטע מיעסע פלעקן, אַ איפּעש פון פאַרטריקנטער שווייס. דאָס פּאָנים לויטער, מיט אַ מיטעלער באָרד, ריין, ווייס, ווי אויסגעפּאַלענער שניי. די געדיכטע גרויע וואָנצעס נישט אָפּגעשאָטן מיט טאַבאַק פון אַ מיסע־מעשונע־קאָליר און אַף די ליפּן שטענדיק א גוט שמייכעלע.

רעב אַווראָהאָם איז שטענדיק געווען אופגערייַמט, מיט אַ פריילעכער מינע און אַז ער האָט געטאָן אַמאָל אַ זיפץ, איז דאָס נישט געווען פאַר זאָרג און יעסורים, נאָר גלאַט אַזוי זיך אַ אידיש זיפצעלע, ווי דער שטייגער איז באַם עפּענען אַ סייפער, אָדער מאַכן אַ בראָכע, נעמענדיק אין האַנט אַ גלעזעלע ווייַן, אויך באַם שטעלן זיך דאַווענען. זיצנדיק אין קלייזל באַם טיש איבער אַ סייפער, פלעגט ער געוויינטלעך ליב האָבן שמועסן מיט מענטשן, הערן וואָס דער, וואָס יענער דערציילט כאַדאָשעס און אַליין טאַקע עפּעס אויך דערציילן; באַם רעדן פלעגט ער גלעטן מיט דער האַנט דעם שטערן, אויך אונטערהייבן אַ קאַפּעלע די יאַרמולקע, פּאָכנדיק פּאַמעלעכן מיט איר אַפן קאָפּ. אים האָט נישט אויסגעמאַכט דערוואַקסענע מענטשן, אָדער יונגעלייט, באָכורעמלעך, ער האָט געערעדט גערן מיט אַלע גלייך. גענומען צום האַרצן איטלעכנס אַ זאַך און נישט אַוועקגעמאַכט קיינעם מיט דער האַנט. איינגלעך זענען אויך מענטשן. דאָס וואָרט „שקאָץ", וואָס ער פלעגט עס זאָגן אַמאָל מיט אַ שמייכעלע איינעם אַ יונגן מאַן, האָט עס געהייסן באַ אים אַ סימען פון ליבשאַפט, אַז ער האַלט פון יענעם זייער שטאַרק. — — —

אַז הערשעלע איז איינמאָל פאַרטיפט געווען אין דעם לערנען, אונטערשפּאַרנדיק דעם קאָפּ מיטביידע הענט אַפן שטענדער, האָט רעב אַווראָהאָם פאַרבייגייענדיק נעבן אים זיך אָפּגעשטעלט, אַריינגעקוקט פון דער זייט צו אים אין דער געמאָרע, אים אַזוי זיך פון־אויבן־אויף אַ פרווו געטאָן, אַ פרעג געגעבן, וואָס באַוואָרנט ראַשע דאָ מיט זיין „קלוימער"? וואָס דער טאַנע לאָזט מיך דאָ הערן? און וואו ליגט דאָ דער רעכטער קוועטש? . . .

רעב אַווראָהאָם אַליין האָט נישט געהאַט קיין שפּיצעכדיקן קאָפּ אופצוטאָן שאַרפע פשעטלעך, ער איז געווען נאָר אַ באַלעבאַטישער לאַמדן. זיין איקער לערנען איז געווען מוסער־ספאָרים, אַין־יאַנקיווו און מעדרעש, וואו עס געפינען זיך וואונדערלעכע מאַיסעס, ווערטלעך, מעשאָלים, שיינע איינפאלן. אויך האָט ער געזופט „זויהאַר" ווי וואַסער, אָפּצופרישן זיך נאָר מיט די ווערטער אַליין, נישט אָפּצושטעלן זיך לאַנג איבער אַ האַרב וואָרט, צוטרעפן דעם רעכטן טייטש. צייטנווייס פלעגט אים פלוצלים עפּעס געבן אַ ברי — און ער האָט זיך גענומען זופן „זויהאַר" געשמאק, מיט כיישעק, די אויגן האָבן אים געפלאַקערט, דאָס פּאָנים געפלאַמט, ווי בא א פארליבטן. דאָס פלעגט זיך מיט אים מאכן געוויינטלעך בא יענע שטעלן דאָרט, וואו גאָט שפּאצירט אין גאניידן מיט די צאדיקים, דיביימער שמעקן, גיבן פון זיך ארויס זיסע רייכעס פון בסאָמים; קיטעס, קיטעס פון מאלאָכים שפּרינגען קדושע, לויבן, רימען, באַשיינען זיין הייליקן נאָמען און זאָגן שירע; וואו די „שכינע" צעגיסט זיך אין

הייסע, הייליקע געפילן, ביינקט, קרעכצט, ברומענדיק ווי א טויב פאר גרויס ליבשאפט צו די קנעסעס־איסראָעל. אמאָל קלאָגט זי, ווײנט אף זיך ווי אויך אף איר געליבט פאָלק, וואָס איז, נעבעך, אזוי פארוואָגלט, פארשווארצט אין גאָלעס, און אמאָל טרייסט זי אים, איר טייערן זיסן געליבטן, נעמט איין מיט זיסע רייד און גוטע האָפענונגען אף שפעטער. נישקאָשע, זיי וועלן זיך נאָך אימירצעשעם צונויפגיין — און דענסטמאָל וועט זיין אזא לעבן, וואָס די וועלט האָט עס נאָך נישט געהאט — — —

רעב אַווראָהאָם איז אין זיין גראד געוועזן, ווי רופט מען עס עפעס, א פּאָעט. עס האָט אים עפּעס געצויגן צו אגאדעטעס, צו די וואונדערלעכע, שיי־נע זאכן אין דעם זויהאר און איז אף זיין שטייגער געוועזן פארליבט. די גע־מאָרע אקעגן איז פאר אים געוועזן א טרוקענע זאך, וואָס דערנערט דעם סייכל און קוויקט נישט דאָס הארץ. ער האָט דעריבער דאָס לערנען זי געהאלטן נאָר פאר א מוז און געלערנט אף אזוי פיל נאָר, וויפל אים איז עס נייטיק געוועזן צום אייסעק: אין די ניין טעג, אשטייגער, צו מאכן א סיום, ביכדיי די באלעבאטים זיינע זאָלן מעגן עסן פליישיקס, ערעוו־פּייסעך א סיום פאר זיינע באקאנטע בכוירים, זיי זאָלן דעם טאָג נישט פאסטן, און א פּערעק מישנאיעס אלע טאָג מיט א ראבאָנאָן־קאדיש פאר א מעס, וואָס דארוף האָבן אים דאָך די יאָרשים געדונגען אף א גאנץ יאָר. פונדעסטוועגן איז אים די געמאָרע געווען הייליק און האָט שטארק האנאָע געהאט, אז יענע לערנען.

---

# VIII. קאַבצאָנים.

## 1. די בעטלערשע פּאַרנאָסע.

— מײַלע, האָסטו, פּישקע, כאַסענע געהאַט, פֿאַרשטײַסטו מיך, מיט דער בלינדער יעסוימע. נו! גאָרניט, ווײסן מיר עס שוין. בעקיצער, וואָס־זשע איז ווײַטער?

— אוי, אַ שײנע ווײַבֿעראָ. נאָך דער כאַסענע האָבן מיר גאָר נישקאָשעדיק געלעבט. ווי א אידיש פֿאָר־פֿאָלק באַדאַרף צו לעבן. איך האָבֿ, דאַכט זיך, אַקעגן מײַן ווײַבֿ גענוג יויצע געווען. הערט איר, אידן, זאָל מיר אָפּדאַרן דאָס מויל, אויבֿ איך זאָג אײַך אַ ליגן! אַלע טאָג אין דער פֿרי פֿלעג איך זי, ווי עס געהער צו זײַן, אַרויספֿירן אַף איר אָרט נעבן דעם אַלטן בײַסוילעם, וואָס דאָרט איז דער שטײַגער אירער געווען צו זיצן אַף אַביסל שטרוי און בעטן נעדאָווועס מיט א ניגן פֿון די קינעס, וועלכער עס האָט איטלעכן גערירט באַ דעם האַרצן. עטלעכע מאָל אין טאָג פֿלעג איך איר צוטראָגן אַהין, דאָס א טעפּל געקעכטס, דאָס אַ הײסע באַבקעלע, אַ זויערע אוגערקע, אַ קיסליצע. נאַ, קוויק זיך! זי זיצט דאָך די גאַנצע צײַט אָפּעט אַף אײן אָרט און איז שטאַרק פֿאַרטראָגן אין דער פּאַרנאָסע. פֿיל מאָל פֿלעג איך מיך גלאַט אַזוי קומען געוואָר ווערן, וואָס מאַכט זי, אויך אונטערהעלפֿן איר אַביסל אין דעם פֿידיען: אַרויסגעבן אײנעם, דעם אַנדערן רעשט פֿון א דרײַער, אַ זעקסער; דערמאָנען זי אין אַלטע כוויוועס פֿון באַלעבאַטים, וואָס האָבן איר פֿאַרבײַגײענדיק נישט געסילעקט באַלד בימזומאָנים, נאָר אָפּגעלײגט אַף שפּעטער; אָדער אָפּטרײַבן אַ קו, אַ ציג, וואָס זײ האָט זיך געגלוסט, אַף זײער שפּאַציר אין די גאַסן, ארויסכאַפּן איר פֿון אונטער דעם געזעס אַ פֿול מויל מיט שטרוי. אין כוידעש עלעל האָבֿ איך זי געפֿירט אפֿן גרויסן יאַריד, אַרויס פֿון דער שטאָט, דאָרט אַף דעם בײַסוילעם. זי האָט עס געמאַכט נישט ערגער פֿון דעם איבעריקן פֿעקל קלײקוידעש דאָרט: שאַמאָסים, שאַמעסטעס, כאַזאָנים, זאָגערנס, מעקאַבלים, טילימזאָגערס, גאַבעטעס, קנויטלעך־לײגערנס, פֿעלד־מעסטערנס, װײנערנס און קלאָגערנס. אָט אַזוי האָט זיך עס געמאָלקן, אידישע קינדער! ס'איז געווען, נישקאָשע, פֿונוואַנעט צו לעבן. נאָר אַז ס'איז גוט, וויל מען נאָך בעסערס, אַז מע האָט ברויט, וויל מען קוילעטש.

— ווײסטו וואָס?— הויבט מײַן ווײַבֿ אָנעט מיר צו זאָגן — אַזעלכע מענטשן ווי איך און דו, אַזאַ פֿאָרפֿאָלק ווי מיר בײדע, וועלן אַף דער וועלט פֿאַרפֿאַלן נישט ווערן. אין אונזער ברויט זעגען אונזערע כעסרוינעס גאָלע מאַילעס. באַ

אַנדערע אין די הענט אַזעלכע זאָלן איינשטיין, וואָלטן זיי אַ גליק געמאַכט. מירביידע זענען גרויסע שלימזאַלניקעס און טוען נישט דאָס, וואָס מע באַדאַרף, אָט פּאָלג, כ׳לעבן, א ווייב, אַביסל עלטער, געניטער פון דיר. נעם, פּישקע, פיר מיך אַרויסעט אַף דער ליכטיקער וועלט, צווישן לייט, אין יענע מעקוימעס אַריין, וועסטו זען, געדיינק מיינע ווערטער, אַז מיר וועלן גיין אין גאָלד. דאָ אַף דעם פּלאַץ איז שוין קימאַט גאָר נישטאָ וואָס צו טאָנעט. מע זיצט אַמאָל אָפּעט אַ לאַנגע צייט ביז איינער דערבאַרעמט זיך און גיט א גראָשן. לייט דערציילן עס אַביסל פון דעם גרויסן גליק, וואָס לעקיש, דער כאָלערע־כאָסן, האָט אין דער וועלט מיט פּערלען זיין ווייב געמאַכט. זיי האָבן באַלד נאָך דער כאַסענע זיך אַוועקגעלאָזט, און דאָס מאַזל, אָן איינאָרע, גייט זיי! מאָטל מעקאַבל האָט מיט זיי אין קישינעוו זיך באַגעגנט, אַרומגייענדיק אין די הייזער. זייערע טאָרבעס, דערציילט ער, זענען פול אָנגעשטאָפּט מיט אַלעם גוטן—מיט שטיקער קוילעטש, גרעסערע ווי מע גיט דאָ דעם שאַבעס־גאַי, מיט מאַמאַליגע, מיט געדרויכערטע שאָפּנפלייש, מיט דאַרע קישקעס און קאָדע. פּערעלע שייַנט ווי די ליכטיקע זון. ס׳איז איר אין פּאָנים נישט אַריינצוקוקן. זי איז פעט, דיק און ברייט, מיט פּיסקעס,—גאָר אַ גראַפינע. גלופּסק וויל זי מער נישט קענען, מע זאָל איר עס אַפילע שיינקען.—מענטשן, וואָס קומען פון אַדעס, קענען זיך גאָר נישט אָפּוואונדערן פון דעם גליק, וואָס יאָנטלען, דעם אַנדערן כאָלערע־כאָסן, האָט געטראָפן. זיי האָבן אים געזעען זיך רוקנדיק דאָרט אַפן געזעס צווישן די קלייטן, און גאָט שיקט אים צו. ער מאַכט עס גאַנץ גוט. דער אוילעם קען אַף אים זיך גאָר ניט זאַט אָנקוקן. אַדעס, זאָגן זיי, האָט דאָך עפּעס געגוג קאַליקעס, וואו ערגעץ אין דער וועלט אַ קאַליקע רייסט זיך אַהין אָפּעט און מע איז שוין מיט אַזעלכע געוויינט, נאָר ווי קומען זיי אַלע צו גלופּסקער, אַזעלכע ווי גלופּסק גיט אַרויסעט, קען איינגלאַנד אַפילע אויך נישט אַרויסגעבן. גלופּסק, אזוי דערציילן מענטשן, קלינגט אין דער וועלט. אַף אַ גלופּסקער אידן לויפט מען קוקן, ווי אַף א בייז־וואונדער... אונז, כ׳לעבן, וועט גאָט אויך נישט פאַרלאָזן. אָט קאָלזמאַן ס׳איז נאָך זומער, קום, לאָמיר זיך אַוועקלאָזן. האיע נישט, א טאָג, כ׳לעבן, איז אויך אַן אַוויירע.

מיין ווייב האָט מיר געמאַכט אַ ייצער־האָרע, און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט.

וואָס זאָל איך אייך זאָגן, אידן, נישט פאַרזינדיקן, ס׳איז אונז געגאַנגען זייער גוט. אין וועלכן דאָרף, אין וועלכער שטאָט מיר זענען געקומען, האָבן מיר אויסגענומען. איטלעכער האָט אַף אונז געקוקט, קיינער האָט אונז נישט אָפּגעזאָגט. דער העקדעש איז פאַר אונז געווען אָפּן אומעטום, הייזער וויפל דאָס הארץ גלוסט, גיי אַהין און נעם, אין קעשענע, אין בוזעם און אין דער טאָרבע. דער שאַמעס פון דער שול פלעגט נעמען עטלעכע גראָשן און אונז געבן דערפאַר פלעטן אַף שאַבעס טאָמיד אין איין הויף. מיין ווייב האָט מיט מיר געלערנט הילכעס אָרעמאַן. איך בין דרינען געווען נאָך גאָר אַ פּריץ און נישט געוואוסט רעכט די דינים פון אַרומגיין אין די הייזער. מיינע אָבער איז אין די זאַכן געווען אַ וואויל־קענעוודיקע, מיט אַלע אָפּשניצלעך. זי האָט מיך

אַלץ געלערנט, ווי אַזוי מע באַדאַרף אַריינקומען אין אַ שטוב, ווי אַזוי מע באַ־
דאַרף קלאַמפּערשט קרעכצן, הוסטן און וואָס פאר א ראַכמאָנעס־פּאָנים מע באַ־
דאַרף מאַכן דערצו; ווי אַזוי מע באַדאַרף א נעדאָווע בעטן אָדער מאָנען, זיך
דינגען און צוטשעפּען זיך ווי אַ זלידנע; ווי אַזוי מע באַדאַרף צוואווינשעווען,
אָדער שילטן, פלוכען טויטע קלאָלעס. איר מיינט, עפּעס אַזוי גלאַט נעמט מען
זיך און מע גייט אין די הייזער. ניין! דאָס איז אַ גאַנצע טוירע. בא אידן א
נאָגיד צו ווערן איז געננוג נאָר מאַזל. אזעס, פאַרשטאָכענע אויגן און דעסגלייכן,
דאָס קומט שוין שפּעטער פון זיך אַליין מעמיילע. אָבער א אידישער אָרעמאַן
צו זיין, טאַקע וואָס אָרעמאַן הייסט, איז מאַזל אַליין ווייניק, ער מוז קענען
און וויסן אַסאַך זאַכן, וואָס זענען שטאַרק נויטיק צום אייסעק. ער באַדאַרף
קענען די שפּיל און אַריין אין דער גארגערעס אַזוי, אַז יענער מוז געבן, ער
זאָל אַפּילע אַ מיסע־מעשונע איינעמען.

## 2. דער העקדעש.

איינמאָל זענען מיר אָנגעקומען ערגעץ אין אַ קליין שטעטל און פאַרפאָרן,
ווי געוויינטלעך, אַף אַכסאַניע גלייך אין העקדעש אריין. איך זאָג אייך,
אידן, עפּעס האָב איך דאָך שוין געננוג העקדיישים מיך אָנגעזעען אין מיין
לעבן און ווייס גאַנץ גוט, וואָס אַזעלכע באַטייטן, נאָר זיי אַלע זיינען גאָלד
אַקעגן דעם העקדעש פון יענעם שטעטל. אַז איך דערמאָן מיך אין אים, הויבט
אַציגד נאָך אָן מיר דאָס גאַנצע לייב צו בייסן און איך מוז מיך קראַצן. איג־
גאַנצן האָט דער העקדעש אויסגעזעען, ווי א שטאַרק אַלטע קרעטשמע, א
כורווע מיט אויסגעקרימטע, נישט קיין גלייכע ווענט, מיט עפּעס א דעכל,
משטיינס־געזאָגט, ווי א צעקנייטש קאַפּעלישל, פאַריסן פון פאָרנט און נידעריק
אָנגעבויגן פון הינטן, קימאַט ביז דער ערד. מע האָט באַשיינפּערלעך געזעען,
אַז דער העקדעש, נעבעך, כאַלעשט, וויל איינפאַלן און ליגן ווי א באַרג מיסט
אַף דער ערד, נאָר דער אוילעם אין שטעטל האָט אים אָפּגעשריגן, אונטערגע־
שפּאַרט מיט דריינגלעך און אים איינגעבעטן, צו האַלטן זיך אַזוי אַף ווייטער
ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. דורך קלאַמפּערשט עפּעס אַ טויער איז מען
אַריינגעפאָרן אין אַ גרויס הויז מיט צעשאָטענע, לעכערדיקע ווענט, דורך
וועלכע עס האָט זיך אַריינגעגאַנוועט אַ שטיקל שיין. די ערד דאָרט איז גע־
ווען גריבערדיק, ערטערווייס איז געשטאַנען קאַליזשעס, פאַרשימלטע, פאַרדומ־
פּענע פון פאַמייניצעס און נאָך אַזעלכע זאַכן, אויך פונם רעגן, וואָס פלעגט
טאָמיד דורך דעם פוילן שטרויענעם דאַך, צעשיטעט ווי אַ רעשעטע, אַהין
אַריינקאַפּען. צעריבענע פאַרפוילטע שטרוי האָבן זיך אומעטום געוואַלגערט,
אויסגעמישט מיט אַלערליי מינים שמאַטעס: צעריסענע טאָרבעס, צעהאַקטע
ראָגאָזשעס, פאַרדאַרטע ווערכלעך פון שיך, אַלטע פאַדאָשוועס און אויסגע־
דרייטע אָפּצאַסן מיט פאַרזשאַווערטע טשוועקעס, שערבלעך, צעבראָכענע רייפן,
ספּיצעס פון רעדער, האָר, ביינער, דראַפּאַטשעס, ריטער פון בעזעמער און נאָך
אַזעלכע שמאָכטעס. דאָסדאָזיקע ביסל סכוירע איננעם האָט געפּרייעט און

גענעבן „די שמוכט", מעשונעדיקע רייכעס גאָר אַ שרעק. — אין דער לינקער זייט הויז האָט זיך געעפנט מיט אַ בייזער אַ פאַרשמאָלצעוועטע טיר אין אַ שטוב אַריין מיט קליינע, שמאָלע, נישט גוט צוגעשטאַנענע פענצטער, און אַ טייל שויבן זיינען אויסגעשלאָגן און פאַרקלעפּט מיט צוקער־פּאַפּיר, אָדער פאַרשטעקט מיט א שמאַטע, א טייל זיינען שטאַרק שמוציק, אין די ווינקעלעך באַדעקט דיק מיט שימל, און ווידער אַ טייל זענען פאַר אַלטקייט איבערגעצויגן מיט געל־גרינע מעשונע־גלאַנצנדיקע קאָלירן, און דער גלאַנץ שטעכט עפּעס די אויגן, גלייך ווי אַ קריץ אף גלאָז גרילצט ווילד אין די אויערן. אַרום די אָפּגעשלאָגענע ווענט און נעבן א גרויסן אויוון ציען זיך לאַנגע ביינק פון ברעטער, וואָס ליגן אַף קלעצלעך און שטיקער האָלץ, העכער אַביסל איבער די ביינק שטעקן אין די ווענט גרויסע און קליינע פלעקלעך. פון דער שוואַרצער סטעליע הייגען אַראָפּ שטריקלעך מיט פּעטלעס, אין וועלכע עס האַלט זיך באַ די ביידע עקן אַ לאַנגער שטאַנג. די פלעקלעך מיט דעם שטאַנג זיינען פאַרהאַנגען מיט פאַרדריפּעטע קאַפּטנס און קליידלעך, מיט אַלערליי כפּייצים און טאָרבעס פון אָרעמעלייט, וואָס קומען צו פאָרן אין ביידלעך, אָדער קומען זיך צו שלעפּן צופוס און שטייען דאָרט איין, יונג און אַלט, מאַנסבלען און ווייבער אַלע איניינעם. — דער העקדעש איז אַ כוץ דעם נאָך אַ ביקערכוילים אויך. דאָרט איז דאָס אָרט אַף צו שטאַרבן פאַר קראַנקע מיעסע קאַבצאָנים אין דעם שטעטל. דער רויפע טוט אַלצדינג וואָס נאָר מעגלעך: שטעלט באַנקעס, פּיאַווקעס, לאָזט צו דער אָדער און צאַפּט, אַף קאָהאָלשע הויצאָעס, קאַבצאָנים בלוט ביז די קאָשערע נעשאָמע גייט זיי אויס, און דער העקדעש־מאַן, וואָס איז צוגלייך דער קוואָרעס־איד פונם שטעטל, איז זיי טאַקע באַלד מעקאַבער אומזיסט. דער העקדעש־מאַן מיט זיין הויזגעזינד זיצט אויך טאַקע דאָרט אין אַ מין אַלקערל, משטיינס־געזאָגט. כוץ וואָס ער איז אַ העקדעש־מאַן, אַ קוואָרעס־איד, א שאַמעס אין דער כעוורע־קאַדישע, אַ מאַשגיעך אין זיין ביקערכוילים, אַ וואַשטי האַמאַלקע אָדער אַ מאָנדרוש אין פּורים, אַ פאַרשטעלטער בער מיט אַ איבערגעקערטן פּעלץ אין סימכעס־טוירע, אַ סאַרווער, אַן אָנשטעלן־מאַכער, אַ ווערטל־זאָגער אַף אלע כאַסענעס און בריסן, — האָט ער נאָך אַ פּאַרנאָסע דערצו, צו מאַכן כיילעוודיקע ליכטלעך. די אַלע באַלעבאַטים און באָטעמעדראָשים ציען בא אים ליכט אין הויז פונם העקדעש און עס ווערט דענסטמאָל אַ געשטאַנק, א איפּעש ווייט אַרום און אַרום.

אַז אונזער כאַליאַסטרע איז אָנגעקומען אַהין אין העקדעש, איז ער געווען אָנגעזועצט גענוג מיט אָרכים. דער העקדעש־מאַן האָט זיי געטריבן: גענוג געזעסן, פאָרט אייך געזונטערהייט שוין ערגעץ אַנדערש! נאָר אַזוי ווי ס'איז געווען דאָנערשטיק, האָבן זיי געהאַט אַן אויסרייד זיך אָפּצובעטן — פאַרבלייבן דאָ ביז נאָך שאַבעס. די ערד, די ביינק און דער אויוון זענען באַנאַכט באַלאַגערט געווען מיט מענטשן. מע האָט זיך געשטופּט, געקוועטש, געקריגט און געשאָלטן פאַר אַ שטיקל אָרט. קאָניצע און פּיעשע האָבן שטאַרק געאַרבעט, איינער דעם אַנדערן אַרויסגעוויזן די שטאַרקע סינע און די גוואורע זייערע

מיט די הענט. אין דער גרויסער מעהומע, נישט־דאָ־געדאַכט, האָט געקרעכצט אין א ווינקעלע אַ קראַנקער אַלטער איד, וועלכן מע האָט נעכטן אַף קוראַציע אַהער געבראַכט, און אַ פיצל קינד, וועלכן מע האָט אין דעם שטופעניש צו־געקלעמט אַ פיסל, האָט געקוויטשעט, געמאַכט לעכער אין קאָפּ שרייענדיק. — ערשט שפּעטער, אַז די בייזע מעהומע האָט זיך איבערגענומען, האָב איך מיר אָפּגעזוכט ערגעץ אַ ווינקל און זיך געלייגט ווי־ס׳איז אויסצורוען.

---

# IX. קאָהאָל.—קאָהאָלשע איניאָנים.— סאָציאַלע סטירעס.

## 1. איסער וואַרגער.

(דער גאַנצער קאָלוועלאָך אין שטאָט).

איסער וואַרגער איז געווען איינער פון די פּאָרנעמסטע באַלעבאַטים אין צוואוואַטשיק, אַלע האָבן פאַר אים געהאַט דאָס נייניאָריקע קאַדאָכעס און עס האָט מיט איטלעכן געוואָרפן, אַז ער האָט אַרויסגערעדט א וואָרט. וואָס טייטש איסער, עפּעס אַ קלייניקייט איסער! איסער אליין האָט נישט געהאַנדלט, נישט אַריינגעטאָן קיין האַנט אין קאַלטע וואַסער, און פונדעסטוועגן האָט באַ אים אין שטוב טאָמיד געקאָכט ווי אין אַ קעסל, דער אַריין, יענער אַרויס, קינד און קייט אַלע באַ רעב איסערן. מיינט איר עפּשער, איסער איז געווען אַ גרויסער לאַמדן, א גרויסער יאַכסן? — כאָלילע! אַפילע ניט קיין קליינער. ער האָט קוים־קוים געקענט דאַוונען און איז געווען, ווי מע זאָגט, „המכה בעברתו“, דאָס הייסט, שטומפּיק אַף דער איוורע. פונדעסטוועגן האָט ער געהאַט א טאַלעס־און טפילן־זאַק זייער א גרויסן, זייער אַ גראָבן, פון עטלעכע בענייפיקועלעך, אַרומגעליאמעוועט מיט רויטע קרייקעס. דאָרט איגעווייניק האָט זיך געפונען אי א סידער „דרך החיים“, מיט אלע נויטיקע דינים, אי א טילים מיט מאַמאָדעס, אי א „כאָקל“ און א „שערי ציון“. אַ האַנט צום שרייבן האָט ער געהאַט זייער אַ שווערע, די פען האָט, ווי אַף צעלאָכעס, בעשומויפן נישט געוואָלט באַ אים גיין אין זיינע שליכעס: ער האָט געשטופּט אַהין, און זי איז גאָר פאַרקראָכן קיין בויבעריק, זי האָט געשפּריצט, געמאַכט קלעקן, געקריצט, געדריגעט און זיך געשטעלט דיבאָם. עס האָט אים, נעבעך, גענוג מי געקאָסט איטלעכס געשריבן וואָרט, און איידער ער האָט באַ איר אַרויסבאַקומען שוואַרץ אַף ווייס זיין כסימע „איסער“, זענען אים די אויגן פונם קאָפּ שיר נישט אַרויסגעקראָכן און איז פּאָשעט אָפּגעגאַנגען מיט שווייס. ער פלעגט דערנאָך זיך ווישן דעם שטערן מיט דעם אַרבל פונם העמד אָדער פון דער קאַפּאָטע און סאָפּען, גלייך ווי ער וואָלט געהאקט האָלץ. — — —

וואָס אָנבאלאַנגט זיין איכעס, איז נישט געווען מיט וואָס זיך איבערצורימען. ער האָט נישט געשטאַמט פון דער גילדענער פאָן און האָט אין דער יוגנט קיין פלעצלעך מיט פוטער נישט געגעסן. — — — ער איז געווען א קליין מענטשעלע, און דערמיט האָט ער אַ יאָם בעסער געמאַכט ווי אַן אַנדערער מיט זיין טוירע אָדער מיט זיין סכוירע. באַ דעם צוואוואַטשער גוויר איז ער

בֿעעמעס טאַקע געווען גאָר די נעשאָמע, נאָר עפּעס — איסער. האַקלאַל, איסער, איסער, נאָר איסער! איז געווען זיין נעשאָמע, זיין פּוס, זיין האַנט, איסער זיין אַלץ און מיט אַנאַנדער, דורכדעם מעמיילע אַ גרויסער כאָשעוו, דער גאַנ־צער קאָלוועלאָך אין דער שטאָט.

## 2. איסער וואַרגערס א געשעפּטל.

— פּאָסמאקעווע נאָר דעם ווייַן, בֿרודער! האַ, וואָס זאָגסטו אַף אים? דאָס האָבֿ איך היינט בֿאַקומען אַ מאַטאָנע פֿאַר עפּעס א געשעפּטל.

— זייער אַ גוט גלעזל וויין, איסער... פֿאַר א געשעפּטל, זאָגסטו, וואָס איז דאָס געווען פֿאַר א געשעפּטל?

— לעמל, דער שויטע, האָט מיך שוין לאַנג געבעטן, איך זאָל אים דרינען אַ טויווע טאָן, גלייך ווי איך וואָלט געווען אין „סוד" דער גאַנצער טוער. די נאַראָנים בֿאַ אונז אין שטאָט מיינען, אַז אַלצדינג איז אָנבֿאַלאַנגט אין מיר; אַבֿי איך וויל נאָר, קען איך העלפֿן. בֿאַשער עטלעכע שרייבערלעך עסן בֿאַ מיר אמאָל שאַבעס פֿיש, ווייל די נעשאָמע גייט זיי אויס נאָך אידישע פֿיש, מיינען שוין אונזערע נאַראָנים, אז איך בין מיט אַלע דאָרט פֿון גרויס בֿיז קליין איין לעבֿן. בֿאַם פּראָקוראָר — פֿישש, א קאָלוועלאָך! מיט דעם פּאָליצמיי־סטער אויסגעקאָכט — בֿרידער! אַלצדינג געוועגדט זיך אין מיר. נאָר זאָל זיין אַזוי, טיפּעש איינער. זאָלן זיי, די נאַראָנים, טאַקע אַזוי זיך מיינען און מיך קומען אַלץ בֿעטן טויוועס. בֿאַ מיר איז פֿאַר זיי טאָמיד איין ענטפֿער: מיר וועלן זען, מיר וועלן זען! מיט א מימאָנעפּשעך, פֿאַרשטייסטו, זאָג איך עס — שפּילט יענער אויס, הייסט עס: איך, איסער, האָבֿ געזעען, כאָטש איך האָבֿ אַזוי פֿיל געזעען, ווי איך זע מיינע אויערן, און נעם דערפֿאַר אַראָפּ פֿון אויבֿן אַ מאָנע־יאָפֿע. אַי, וואָס, יענער פֿארשפּילט — פֿאַרליר איך דאָך נישט מיין ווערט, מיינע טקיפֿעס. יענער דיינקט זיך אַזוי: איך האָבֿ פֿאַרשפּילט נאָר ווייל רעבֿ איסער האָט נישט געוואָלט זען, אָבֿער ווען רעבֿ איסער וואָלט טאַקע בֿעעמעס געוואָלט זען, וואָלט איך גאַנץ זיכער טאַקע אויסגעשפּילט. נו, האָט יענער אַף מיר אביסל פֿאַריבל, לאָז ער מיך קומען ווערגן, לאָז ער מיך רופֿן קנאַקניסל! אָבֿער איך האָבֿ מיין שעם „טאַקיף" נישט פֿאַרלוירן. עט, ער וועט זיך איבערברויגעזן, נאָכאַמאָל טאַקע קומען בֿעטן מיין לאַסקע, און איך וועל אים ווידער נאָכאַמאָל טאַקע ענטפֿערן: מיר וועלן זען, מיר וועלן זען. פֿאַרשטייסטו, בֿרודער? לעמלען האָבֿ איך אויך אזוי געענטפֿערט: מיר וועלן זען! און אים דערבֿיי טאַקע בֿעטוירעס אייצע אָנצוהערעניש געגעבֿן, אָפּשטעקן עפּעס דאָרט דעם, יענעם, פֿאַרשטייסטו? דאָרט וואו מע בֿאַדאַרף... איך האָבֿ זייער גוט געזעען, אַז מיין זען אַליין קען אַזוי פֿיל העלפֿן, ווי אַ טויטן בֿאַנקעס. לעמל, דער שויטע, אָבֿער איז בֿאַ זיך געווען גאַנץ זיכער, אַז איך זע און בֿעט דעם גוויר מיינעם, ער זאָל אויך זען. היינט בֿאַטאָג, אין דער גאַס, האָסטו בֿאַדאַרפֿט זען, ווי לעמל מיטן ווייבֿ זענען בֿיידע מיך בֿאַפֿאַלן פֿאַר אַן איידע אידן מיט אַ סימכע, אַ פֿרייד און מיט טרערן אַף די אויגן: „רעבֿ איסער, טאַטעניו, נעשאָמעניו!

טאַקע פריער גאָט, דערנאָך אייך, נעשאָמעניו, האָבן מיר צו פאַרדאַנקען מיט אונזער אייסעק, וואָס מיר האָבן היינט אויסגעשפּילט. ווען איר, רעב איסער, זאָלט זיך דאָ נישט געווען אַריינלייגן, וואָלטן מיר נעבעך געקענט גיין מיט די האָר. מיר זאָגן און מיר וועלן עס טאַקע דער גאַנצער וועלט זאָגן : אַז נאָר רעב איסער, איין רעב איסער !״ פאַרשטאַנען האָב איך, אַז געהאָלפן אייגנטלעך דאָ האָט געהאָלפן מיין אָנצוהערעניש — לעמל האָט, אַפּאָנים, אָפּגעשטעקט, גוט אויסגעפּאָלגט מיין אייצע. האָסט באַדאַרפט זען, ברודער, בעשאַס־מאַיסע, ווי זיי האָבן מיר דאָ אַזוי געדאַנקט, וואָס פאַר אַ קנייטשעלע איך האָב געמאַכט. גלייך ווי איינער רעדט : אַי ! וויפל געזונט און לעבן האָט מיר אייער אייסעק געקאָסט ! וויפל מי האָב איך דערביי געהאַט ביז איך האָב געפּועלט ! — לעמל האָט מיר שפּע־טער אַביסל אָפּגעשיקט אַהיים מיין רעכאָש און דערצו נאָך עטלעכע פלעשלעך גוטן וויין. נו, טיפּעש איינער, האַ ?... וואָס זאָגסטו אף דעם וויין ?

## 3. אַן אַסיפּע מיקויעך פלייש.

— הער נאָר אויס, גוטער ברודער ! — האָט איסער וואַרגער זיך אָנגערופן איינמאָל, אַז ער איז געקומען מיט זיין גוטן ברודער עפּעס פריילעך, אַביסל פאַרקנאַקט, און מיט אים זיך אַנידערגעזעצט בא זיך אין דעם באַזונדערן צי־מער. הער נאָר, דו, טיפּעש איינער ! איך זאָג דיר, אַז אַזאַ טייער, אַזאַ גוט פאָלק, ווי אידן זענען, איז אף דער גאַנצער וועלט נישטאָ. טאַקע זייער אַ גוט פאָלק, אַ גאָלדנס, בענעמאָנעס, מע קען פון זיי האָבן — א גראָשן...

— זאָג בעסער, איסער, אַ נאַריש פאָלק, ס׳איז נאָך אַזעלכע נאַראָנים ווי אידן אף דער גאַנצער וועלט גאָר נישטאָ !

— גערעכט, גוטער ברודער ! וואָס עמעס איז טאַקע עמעס. ס׳איז נאָך אַזאַ טייער, אַזאַ גוט, אַזאַ נוצלעך, אַזאַ גאָלדן, אַזאַ נאַריש פאָלק, ווי אונזערע אַטאָבעכאַרטאָניקעס, גאָר נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ !

— וואָס האָסטו עפּעס אַזוי זיך צערעדט, איסער, אין די שוואָכים פון קנע־סעס־איסראָעל ? געניג גערעדט ! דערצייל נאָר בעסער, מיט וואָס האָט זיך אויס־געלאָזן דער סאָף פון דער היינטיקער אַסיפּע ?

— וואָס פאַר אַן אַסיפּע ?! וואָס פלוידערסטו מיר עפּעס, גוטער ברודער !

— רעד דיבורים, איסער ! וואָס הייסט, דו האָסט פאַרגעסן די אַסיפּע, היינטיקע אַסיפּע מיקויעך דעם פלייש ?

— ווייס איך פון דו וואָס דו רעדסט, טיפּעש איינער ! אַ וויכטיקע זאַך אביסל די אַסיפּע ! זי האָט געהאַט אזא מאַמאָשעס, משטיינס־געזאָגט, ווי אלע אַנדע־רע זייערע אַסיפּעס. כע־כע, אידישע אַסיפּעס !... דו האָסט באַדאַרפט שטיין דאָרט און זען עפּעס שיינס. אַריינקומענדיק אַהינצו, האָב איך געטראָפן א גע־רודער. דער אוילעם האָט געזשוזשעט, געזשוזשעט סאַקאָנעס, ווי די פליגן ! איך האָב מיך מעיאַשעוו געווען, וואָס וועל איך דאָ מיך שטעלן א יאַם ברייען מיט דעם גאַנצן פעקל שויטים, און נישט לאַנג געטראַכט, טו איך א זאָג גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין : מאַ ראַש, אַז מער מיט עטלעכע גראָשן ? ס׳איז

נאָך נישט גאָר אַזאַ אומגליק. גלויבט מיר, אידן, אַסאַך א גרעסערער אומגליק קען זיין, אַז דער באַלטאַקסע וועט אין קאַס ווערן און כאָלילע זיך וועלן אָפּזאָגן! גלויבט מיר, אידן, ס׳איז אַזוי. — טאָמער מיינסטו, איך האָב געוואוסט, וואָס איך רעד, פאַר וואָס ס׳איז אַזוי? אָסער! נו, האָסטו באַדאַרפט זען, ווי עטלעכע שיינע באַלעבאַטים, וואָס האַלטן זיך פאַר קלוגע, געניטע מענטשן, האָבן געמאַכט ערנסטע פּענימלעך, זיך גענומען פאַר די בערדלעך און מיט א נאַריש קנייטשל זיך אָנגערופן: טאַקע עמעס, ס׳איז אזוי. מע האָט גאָר נישט צו רעדן, אַזוי, ס׳איז געוויס אַזוי... דער איבעריקער אוילעם האָט אַקעגן דעם נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן, גלייך ווי אַקעגן אַ געוויסער, שוין אָן אויס־געמאַכטער זאַך, און זענען אלע קימאַט ווי געבליבן עפּעס ווי דערוואָרגן. עמע־צער זאָל עס זיך באַרעכענען, כאָטש זיך אַליין פרעגן: פאַר וואָס איז דאָס אזוי? איינער גאָר, עפּעס א שייגעץ, א מאַמזער־בען־האַנידע, אף וועלכן איך האָב שוין לאַנג אַן אויג, האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן און אלץ געטאַינעט: ס׳איז גאָר נישט אזא אומגליק, אַדרעאַבע, אַדרעאַבע... איז דען א באַלטאַקסע מיסיניי? נישקאָשע, אָן א באַלטאַקסע קענען מענטשן אף דער וועלט אויך לעבן. נאָר די קלוגע, געניטע באַלעבאַטים, וואָס פאַרשטייען אן אייסעק, האָבן אף אים געקוקט, ווי אף א אינגל, נישט קיין געניטן מענטשן, מיט וועמען ס׳איז גאָר נישט קעדאַי צו רעדן, און האָבן אים אַפילע נישט מעזאַקע געווען מיט א וואָרט. פונדעסטוועגן, הערסטו, וויל איך דעמדאָזיקן שייגעץ פאַר־זאָרגן, דו וועסט מיר מוזן, גוטער ברודער, אף אים אָנשרייבן א שיר־האַמאַילע, צולייגן אים א גוט קנייטל, עס זאָל רייסן, גוט אָנרייסן... דו ווייסט דאָך, איך האָב דערצו א שווערע האַנט. — — —

— דאָס, איסער, איז א שפּעטערדיקע זאַך. מיסטאָמע וועט שוין זיין רעכט. לאָמיך שוין נאָר דערלעבן הערן, מיט וואָס די אַסיפע האָט היינט זיך אויסגעלאָזן.

— וואָס פאַרשטייסטו דאָ נישט, טיפּעש איינער! ס׳איז דען נאָך אַזאַ גוט, גאָלדן פּאָלק ווי אידן ערגעץ דאָ? מע האָט אַלצדינג נאָכגעגעבן, ארופגעצויגן נאָך עטלעכע גראָשן, מער נאָך, וויפל מיר האָבן אַליין זיך געוואונשן, און מע איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען שטאַרק צופרידן. איך בין, טיפּעש איינער, אוואַדע צופרידן. — — —

— אַוואַדע, איסער, מעגסטו צופרידן זיין. אָבער איך, איך...

— אַזזוי? דו ווילסט אויך צופרידן זיין? גיי־זשע, זיי מויכל, צו אַלדע שוואַרצע יאָר אהין... שטעק אריין די לאַפּע, וועסטו אויך כאַפּן א לעק. ביסט נישט קראַנק, כ׳לעבן, אַליין צו באַשטיין דיין שטעטל. דער רועך, נישקאָשע, האָט דיך אויך נישט גענומען. מאָרגן, ברודער, גייט א נייע סעדרע פון זייער פּיל קאָהאָלשע איניאָנים.

## 4. ווי אזוי מע נעמט די טאַקסע.

שטאַנדהאַפּט [אַ פּאָפּעטשיטעל פון דער טאַקסע]. (זיצט פאַרזאָרגט און האלט א בריוו אין דער האנט): זייער אַ שלעכטע יעדיע! ער שרייבט, אַז מע וועט באַלד אָביאַווען טאָרגעס אף דער היגער טאַקסע. איך האָב מוירע, אַז דאָס קעסטעלע

קאָן זיך נאָך כאָלילע אַרויסגליטשן פון דער האַנט. עס וועלן זיך געפינען זייער פיל בּאַלאָנים, אַסאַך, גאָר אַסאַך שאַרפן אף דער היגער הינער־טאַקסע די ציין. מע דארף בּאצייטנס זען אַלצדינג בּאַוואָרענען, אָנהייבן זיך צו סטארען און צו טון ארום דעם... (ער פאַרטראַכט זיך און קוקט אין דעם בּריוו, די טיר עפנט זיך און ספּאָדיק קומט אריין).

ספּאָדיק. [אויך א פּאָפּעטשיטעל פון דער טאַקסע] : גוט מאָרגן, רעבּ יודל, עס איז מיר גראָד אויסגעקומען צו גיין פון אַ בּריס פאַרבּיי אייער הויז, האָבּ איך מיך מעיאשעוו געווען אריינצוגיין אייך צו פרעגן. עפשער האָט איר מעקאַבּל גע־ווען א בּריף פון פּיאַווקינען [דער שטאָט־פּאָווערענע און גלאַסנע].

שטאַנדהאַפט (מיט א ווידער־מינע) : יאָ, אָט דאָס איז טאַקע דער בּריוו, וואָס איך האָבּ היינט פון אים מעקאַבּל געווען.

ספּאָדיק: נו, וואָס שרייבּט ער? ווי גייען דאָרטן די אסאָקים? האָט ער זיך שוין דאָרטן אָפּגעפּאַרטיקט?

שטאַנדהאַפט: מיט די אַסאָקים, שרייבּט ער, איז ער שוין קימאַט פאַרטיק. די אַלע פּראָשעניעס און דאָנאָסן אף דער שטאָט פון דעם גאַנצן צעך אוכעדוימע נאָך פון אזעלכענע קאַבּצאָנים וועלן קיין שום מאַמאָשעס ניט האָבּן, מע האָט אים דאָרטן צוגעזאָגט זיי אלע צו פאַרשטאָפּן ערגעץ אין א לאָך, אַז דער אָדן האַגאָדל זאָל זיי אַפּילע נישט אָנקוקן. קורץ און גוט, עס וועט אַלצדינג זיין רעכט, די דאָנאָשטשיקעס וועלן נאָך כאַפּן אַ פּסאַק. ער שרייבּט און בּעט ראַכמים, מע זאָל אים ארײנשיקן נאָך געלט.

ספּאָדיק (מיט א קרעכץ) : גאָט זאָל ראַכמאָנעס האָבּן אף דער שטאָט, זי דאַרף נעבּעך האָבּן אַסאַך געלט. וואוהין מע קערט זיך, אַלץ געלט, געלט און געלט. וואָס שרייבּט ער עפּעס נאָך?

שטאַנדהאַפט (מיט א פארכמורעט פּאָנים) : ער שרייבּט, אַז מע האָט בּעדייע צו מאכן טאָרגעס אַף דער טאַקסע.

ספּאָדיק (לאָזט אראָפּ די נאָז) : טאָרגעס, אַוואַדע איז דאָס נישט גוט פאַר דער שטאָט, נעבּעך, האַשעם־איסבּאָרעך זאָל שוימער אומאצל זיין, זי זאָל כאָלילע אַריינפאַלן אין די הענט פון די בּאַלע־טאַקסעס, זיי זענען דאָך פּאָשעט ראָצכים, נאָר מיכטאָמע וועלן מיר עפּעס טון מיקויעך דעם. מייכעטייסע, טאָר־געס, אַלץ בּעסער ווי מע שמועסט בּא אונז אין קלויז.

שטאַנדהאַפט: וואָס שמועסט מען? וואָס שמועסט דער אוילעם?

ספּאָדיק: מע שמועסט זייער געשמאַק פון דער גזיירע, אַז דאָס קעסטל זאָל כאַס־ווּעשאָלעם בּאָטל ווערן. אידן עפּעס זאָלן מער ניט צאָלן קיין טאַקסע.

שטאַנדהאַפט (סטאַרעט זיך א שמייכעלע צו טאָן) : וואָס הייסט, רעבּ איצע־וואָלף! דאָס רופט איר אַ גזיירע?

ספּאָדיק (נעמט זיך פאר דעם בּערדל) : יאָ, יאָ, זאָלט איר טאַקע וויסן, רעבּ יודל, דאָס איז אַ גזיירע. דאָס קעסטעלע, כ'לעבּן, דערהאַלט נאָך דאָס בּיסל אידישקייט. פון וואנען נעמט מען אַף דאָס, אַף יענץ, אַף דעם, וואָס מע טאָר ניט זאָגן? טאַקע פון דעם קעסטל. מיט וואָס האָט מען די אויבּערהאַנט

איבער די שקאָצים פון דער היינטיקער וועלט? מיט וואָס היט מען אָפּ, אַז אידן זאָלן בלייבן טאַקע דאָס, וואָס זיי זיינען? מיט וואָס? אַלץ טאַקע מיט דעם קעסטל! — דורך וואָס האַלט מען אין דער מוירע אַ באַלמעלאָכע אַ נכויס־דארגע, אַ פּאַרך, אַ קאַבצן, זיי זאָלן האָבן דערעכערעץ, אָפּשיי פאַר דער שטאָט, פאַר אונזער איינעם? דורך וואָס? — טאַקע אלץ ווייטער דאָס קעסטל! האַקלאַל, דאָס קעסטעלע האָט נאָך דערהאַלטן דאָס ביסל אידישקייט, דאָס ביסל אידיש איכעס... כאָלילע אָן אַ קעסטל שווימען דאָך אַרוף פון אויבן אַפּיקאָרסים, באַלמעלאָכעס, שניידער, שוסטער און אלע אַמעראַצים, וואָס קענען אַפילע ניט קיין פּערעק מישנאַיעס, און דענסטמאָל — אָך און וויי איז אונז...

שטאַנדהאַפּט: וואָס האָבן אידן געטון אַמאָל, אַז זיי האָבן ניט געהאַט קיין קעסטל?

ספּאָדיק: וואָס גלייכט איר אַמאָל צו היינט! אַמאָל זיינען אידן געווען גוט און פרום, ווער האָט אף זיי געקוקט, ווי זיי גייען, ווי זיי שטייען? די קליינע מענטשעלעך, די אמעראַצים האָבן ניט געטאָרט קיין קאָפּ אופהייבן. וואָס די מאנהיגע־האָיר האָבן געטון, דאָס איז געווען געטאָן. אידן האָבן אמאָל גאָר אן אַנדער פּאָנים געהאַט... היינט אָבער זענען דאָ באַ אידן זייער פיל אַזעס־פּענימער, זייער פיל הולטאַיעס, וואָס זאָגן דייעס און פאָדערן באַ דיר גרויסע כעשבוינעס. וועכוץ־לאָזע, וואָס אַ טאָג קומען אָן אַף אידן נייע גזיי־רעס, אַזוי גיי ניט, אַזוי שטיי ניט, אַזוי לערן ניט, אַ מאראָכע, כ׳לעבן, וואָס עס איז נאָך דאָ די קעסטעלע, דורכדעם קען מען זיך נאָך אויסדרייען און דער־האַלטן (ער ווייזט אף דעם ספּאָדיק) דאָס ביסל אידישקייט.

## 5. פארוואָס אידן מוזן האָבן א טאקסע.

וועקער [איינער פון דער היינטיקער וועלט]: אין דער שטאָט הערשט היינט אַ ביטערע עלנט!

שטאַנדהאַפּט [אַ פּאָפּעטשיטעל פון דער טאַקסע] (גלעט די פּאַטיליצע): וואָס קען מען טאָן? קענען מיר פאַרזאָרגן אַ וועלט?

וועקער: פונדעסטוועגן טאָר מען עס ניט לאָזן אַזוי. באַ מיר אין קאָפּ דרייט זיך שוין עפּעס אַ שטיקל פּלאַן. איך וועל עס אופשרייבן און אייך ווייזן. עפּשער וועט עס אייך געפעלן.

שטאַנדהאַפּט: גלויבט מיר, מיין ליבער פריינט, די היגע אידן זענען ניט ווערט, מע זאָל זיך מיט זיי אָפּגעבן. איך קען זיי בעסער פון אייך. גלויבט מיר, עס איז פיל גלייכער גאָר נישט צו טאָן און זיך ניט מישן.

וועקער: עס איז אייך גרינג צו זאָגן, די אָרעמע אָבער ליידן. זיי הונ־גערן און דאַרן, זיי ווייסן ניט דעם טאַם פון פליישׁ.

שטאַנדהאַפּט: אָט וועט באַלד זיין טאָרגעס אף דער היגער טאַקסע, נו, וועלן מיר זען, אויב די נייע באַלע־טאַקסעס וועלן בעסער זיין. איך זאָג אייך אויסדריקלעך, עס וועט נאָך צען מאָל ערגער זיין, געדיינקט מיינע ווער־טער, האַלעוואי זאָל איך ליגן זאָגן.

וועקער: איך פאַרשטיי אָסער ניט, פאַרוואָס אידן מוזן האָבן א טאַקסע אַף פלייש, אז דורכדעם זאָלן זיי אַזויפילליידן און ליגן אין דער ערד? די טאַקסע זויגט אויס ווי אַ פּיאַווקע אידיש בלוט, זי מאַכט זיי קראַנק, זי לאָזט זיי ניט זיין שטאַרק און געזונט, די רעגירונג פאַרלירט דורכדעם אויך זייער פיל, עפּעס אַ קלייניקייט צוויי מיליאָן מענטשן אין לאַנד זענען אומזיסט־אומ־נישט פאַרקויפט צו די באַלע־טאַקסעס, עסן ניט דאָס נייטיקסטע שפּייז, זענען שלאַף און האָבן אַ פּאָנים ווי די מייסים!... ווי קענען אַזעלכע דערשלאָגענע, אַזעלכע שלאַפע מענטשן האָבן אין זינען די וועלט? ווי קען מען פון זיי פאַר־לאַנגען, זיי זאָלן האָבן אַ געפיל פאַר ערנסטע זאַכן? איך רייד שוין ניט, אַז די רעגירונג זאָל מיטאַמאָל געבן אידן גלייכע רעכטן, אַלע פרייהייטן, נאָר ווייניקסטנס זאָל זי אונז אויסלייזן פון דעם אידישן גאָלעס, וואָס ער איז זייער אַ שווערער. די כאַפּער האָבן אַמאָל באַוויזן, ווי שווער דער אידישער גאָלעס איז. ווי באַלד אַז אידן מוזן געבן, כוץ דעם צינז, וואָס זיי צאָלן דער קאַזנאַ, נאָכאַמאָל צינז טאַקע זייערע אידן אַליין, און נאָך שרעקלעך אַ גרויסן צינז, היינט פאַרוואָס זידלט מען זיי אין אַלע צייטונגען, אַז אידן טיילן זיך אָפּ ווי אַ באַזונדער מעדינע אין דער מעדינע?

שטאַנדהאַפט: פוסטע רייד, מיין ליבער פריינט! איר רעדט ווי אַ מענטש, וואָס איז ניט קיין געניטער און האָט ניט קיין יעדיע אין שטאָט־זאַכן. די טאַקסע מוזן אידן האָבן, אָן איר, זאָג איך אייך, וועט נאָך ער־גער זיין. אין פיל גראַדן ערגער זיין. אויסווייזן עס אייך איז ניט איצט די צייט.

## 6. אמכאָ און די באַלעטויוועס.

די כאַליאַסטרע [באַלמעלאָכעס אָרעמעלייט]. (אין איין קאָל): מיר בעטן אייך מעכילע, ראַבויסים, וואָס מיר זענען אייך מאַטריעך, מיר זענען דאָך נישט מער ווי פּראָסטע מענטשעלעך.

די קנופיע [באַלעטויוועס] (קוקט אָן די כאַליאַסטרע פאַרוואונדערט): זאָגט געשווינד, וואָס איר ווילט, וואָס ווילט איר?

די כאַליאַסטרע: וואָס זאָלן מיר וועלן! עט, דערלעבט מאָשיאַכן. מה נאמר ומה נדבר, מיר זיינען, כ׳לעבן, פּראָסטע מענטשעלעך, זייט אונז מויכל, ראַבויסים, אָט האָט איר! וואָס אף דער לונג — דאָס אף דער צונג...

די קנופיע: מיר ווייסן ניט, וואָס איר ווילט, זאָל איינער רעדן!

אַשניידערל: טאַקע וואו טוירע, דאָרטן איז כאָכמע, לאָזט מיך. איך וועל רעדן. לב יודע מרת גיטל, רעב איצע־וואָלף, נישקאָשע, קען מיך, איך האָב זיי אמאָל פאַרלאָטעט דעם הינטער־כיילעך... פּראָסטע איז מאָסטע, ראַ־בויסים! מע זעט ניט די וועלט...

אַשוסטערל: שאַ, איך וועל רעדן! קיינער ווייסט ניט, וועמען דער שוך קוועטשט, ראַבויסים! נאַט זעט, ווי איך האָב מיר צעשטאָכן די הענט מיט

דעם נאָל. זייט אייך מעשאַער, איין ליכטל אַף דער גאַנצער שטוב. אין איין ווינקל איך מיט די פּויאַלים, אין דעם אַנדערן פליקט מיין ווייב פעדערן, מיר מוטשען זיך, ראַבויסים, אַף דעם שטיקל ברויט, טאַקע פּאַשעט בנפשו יביא לחמו, מיר עסן ווערים. מע זיצט אין נעץ און קעלט, די ליכטל ברענט פינ־צטער, שפּריצט, שמעלצט זיך...

אַ קירזשנערל (איין אויג פאַרהאנגען מיט א שטיקל בלאָען צוקערפּאַפּיר): זעט, זעט, ראַבויסים, מיר האָבן שוין די ליכטלעך אַן אויג אַרויסגענומען! עפּעס ברענען זיי מיט אַ רויטן פלאַם, אַז עס שטעכט פּאַשעט די אויגן, ווי מיט אַ מעסער, און דערפאַר צאָלן מיר דאָך אַזוי טייער!

די קנופּיע: נו, מיילע, וואָס זשע ווילט איר? וואָס ווילט איר פון אונז האָבן?

די כאַליאַסטרע (אין איין קאָל, קימאַט מיט א געוויין): האָט ראַכמאָנעס אַף אונז, אָרעמעלייט, טאַקע פריער גאָט, דערנאָך איר! מיר האָבן שוין מער קיין קויעך ניט אויסצוהאַלטן. דער אַרענדאַר פון די ליכט טוט אונז אָן צאָרעס, געבראָטענע לייד.

ספּאָדיק: שאַ, מע קען טויב ווערן פון אייער געשריי! זאָל כאָטשע איינער רעדן.

דער שניידערל: שאַ, שטילער, אוילעם! רעב איצע־וואָלף זאָגט דאָך טאַקע ווי א איד אַ לאַמדן. שאַ, לאָזט מיך, איך וועל רעדן. (צו ספּאָדיקן) מע דערלעבט קוים דעם שאַבעס, אַביסל אָבדיכען און זיצן נאַ ראַספּאַשקו באַם טיש מיט די ווייב און די קינדערלעך. קוים אָבער האָב איך מיך נעכטן גע־זעצט צום טיש און האָב אָנגעהויבן „קאָל־מעקאַדעש״, האָבן די ליכט אָנגע־הויבן זיך צו שמעלצן און צו שפּריצן. מיינער כאַפּט אַ קוילעטש, לייגט אַנ־קעגן די ליכט, פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט — עס העלפט ניט. די ליכט — קאַפּ, קאַפּ, קאַפּ...

דער שוסטערל: שאַ! אָן אָקס האָט אַ לאַנגן צונג און קען שויפער ניט בלאָזן. שאַ, לאָז מיר ריידן. (צו ספּאָדיקן) מה אני, מה חיי, איך בין אַ גרוי־סער אָני. א גאַנצע וואָך ווי מע לעבט, לעבט מען, שאַבעס פאַרזעצט מען אַ מאַשקן, כאָטשע זיך פליישיק מאַכן, כאָטשע פאַרזוכן אביסל געקעכטס. מיט וואָס פאַר א סימכע קוקן די קינדערלעך, נעבעך, אַרויס אַף דעם פרייטיק־צו־נאַכט, עפּעס א לעק טאָן, עפּעס א כאַפּ טאָן... נו, זאָלט איר געוועזן זען, ווי מיין ווייב האָט נאָר אופגעהויבן נעכטן די שיסל צום טיש, האָט זיך צעפלאָכטן דער קנויט פון די ליכט און אויסגעפלאַקערט אין איין מינוט, אז מיר האָבן געמוזט דאָס ביסל לאָקשן אין דער פינצטער אויסזופּן...

די קנופּיע: וואָס־זשע זיינען מיר שולדיק? וואָס ווילט איר פון אונז האָבן?

די כאַליאַסטרע: מיר בעטן אייך מעכילע, ראַבויסים, דער אַרענדאַר פון די ליכט פאַרענטפערט זיך אַלץ, וואָס איז, איר נעמט בא אים 1200 קערב־לעך א יאָר!

די קנופּיע (אופגעבראַכט): מיר נעמען דאָך דאָס געלט טאַקע פאַר אייך, טאַקע לעטויווע פאַר די אָרעמעלייט!

איינער פון דער כאַליאַסטרע: אַף דעם סמאַך מישט ער כאַזער אין די ליכט און לייזט מיט עטלעכע גראָשן טייערער פאַר אַן אָקע. דאָס טראָגט אים אַ יאָר איין נאָך אַסאַך געלט!

נאָך איינער: און אינגאַנצן ווער ליידט? מיר. טאַקע מיר אָרעמעלייט. באַ די נעגידים ברענען לאָמפּן, אָדער שטערן־ליכט. זיי קערן זיך גאָר ניט אָן מיט דעם אַרענדאַר. פון אונז, נעבעך, לופּעט ער די הויט...

די כאַליאַסטרע (אין איין קאָל): געוואַלד, האָט ראַכמאָנעס, פאַרקויפט אונז ניט צו דעם אַרענדאַר.

די קנופּיע: סטייטש, מיר נעמען דאָך באַ אים דאָס געלט פון אייער טויווע וועגן.

די כאַליאַסטרע: די טויווע קאָסט אונז זייער טייער!... מיר בעטן אייך, נעמט ניט באַ דעם אַרענדאַר דאָס געלט, זאָל ער ניט האָבן קיין טערעץ. האָט ראַכמאָנעס, טוט אונז ניט די טויווע און נעמט באַ אים ניט דאָס געלט!...

ספּאָדיק: אַ האָזע אַביסל פון אַמעראַצים. זיי קומען אונז זאָגן אַ דייע!— אָט האָט איר אידן, גיי טו זיי טויוועס!...

באַל־טאַכלעס: אַ שיינער טאַכלעס, כ'לעבן. ניט נעמען באַ דעם אַרענ־דאַר קיין געלט!...

רעב יויסעף: מייכעטייסע. וואָס אַרט עס זיי?

שטאַנדהאַפט: וואָס האָט איר זיך דאָ געשטעלט מיט זיי טאַינען, מיט אידן ווילט איר אויסקומען!

דער שוסטערל (נעמט אַרויס פון אונטער דער פּאָלע אַ ליכט): נאַט, זעט מיט אייערע אויגן, אָט האָב איך אייך געבראַכט אַף אַ צוקאַוועשק אַ ליכט.

ספּאָדיק: הולטאַי, וואָס האַלסטו אַ כיילעוונע ליכט אין די הענט! אַוועק, טרייפניאַק! אַוועק פון מיינע אויגן!

די קנופּיע (אַף אַ קאָל צו דער כאַליאַסטרע): גייט אייך, זייט מויכל, גייט אייך, מע דאַרף ניט אייער דייע, לערנט אונז ניט קיין סייכל. מיסטאָמע ווייסן מיר וואָס מיר טוען!

די כאַליאַסטרע: אַז אָך און וויי איז אונז.

## 7. דער צוזאמענשטויס.

שינדער [דער באַלטאַקסע] (גיט אַ קוק אין פענצטער און ווערט בלייך): זעט נאָר, זעט! עפּעס גייט אַהער אַ גאַנצער נאַראָד מענטשן, זיי זענען עפּעס שטאַרק אין קאַס און שרייען.

קנעכטבאַרג (גיט אויך אַ קוק אין פענצטער): און בעראַש גייט דאָרטן לאָק־שעוויץ און פרידל דער קליינער. זיי זענען שוין נאָענט, אָט, אָט זע־נען זיי!

(די טיר פון דעם פּראָעקט עפנט זיך אוף מיט אימפּעט, און דער עולם שטויסט זיך אַריין).

לאָקשעוויץ [אַ מיסנאַגעד, פון די באַלעטויוועס] (אף אַ קאָל צום אוילעם): שרייט, צוין־קאָדאָשים! דאָ איז דאָס אָרט, וואו מע שערט אייך, וואָס מע לופּעט אייך!... דאָ איז דאָס אָרט, וואָס די באַלעטויוועס געוועלטיקן און גיבן אַרויס גזיירעס־ראָעס, ווי אַזוי מע זאָל באַ אייך דאָס לעצטע אַרויסדראַפּען!

פרידל [אויך אַ מיסנאַגעד פון די באַלעטויוועס] (צום אוילעם): שרייט, וויינט, פּיל־דערט, אידן! פאַרוואָס זייט איר פלוצלים געבליבן שטיל? פאַר וועמען האָט איר מוירע?

אַ קאָל אין דעם אוילעם: טאַקע בעעמעס, פאַרוואָס זאָלן מיר זיין ווי שאָף, וואָס מע שערט זיי, און זיי שוויגן? טאַקע בעעמעס, טאַקע, וואָס האָבן מיר מוירע פאַר די באַלעטויוועס?

אַ שניידער: מיר זענען שוין קראַנק פון די טויוועס! מיר ווילן כאָ־לילע שטאַרבן פון זייערע טויוועס!

אַ שוסטערל: וואו איז אַהינגעקומען אַזויפיל געלט? אַזויפיל אידיש בלוט?

אַ קאָל פון דעם אוילעם: אַ גוזמע, מער פון זעקס הונדערט טוי־זנט קערבלעך!...

אַ באָנדער: זאָלן זיי אָפּגעבן כעשבן! פאַרוואָס זאָלן זיי ניט אָפּגעבן קיין כעשבן?

אַ סטאָליער: אַ מעלוכע אַפילע גיט דאָך אויך אָפּ אַ כעשבן! סטייטש, וואו זענען די פּאָרמענע ביכער? זאָלן זיי ווייזן די ביכער!

אַ מולער: טפּאָדיק, טוט אויס די קאַפּאָטע! דאָס איז מיין קאַפּאָטע!

אַ קירזשנער (ווייזט מיט דער האַנט אף שינדערן) [דעם באַלטאַקסען]: אָט איז דער שינדער, דער בלוטזויגער! קוקט אים נאָר אָן, דעם גרויסן יאָלד מיט די וואָנ־צעס, ער האָט אַ פּאָנים ווי אַ וואָלף!

איינער פון דעם אוילעם: ניין, ער האָט אַ פּאָנים ווי אַ קאַץ!

אַ צווייטער: ווי אַ צאַפּ!

אַ דריטער: גיט אים אַ טאַפּ!

אַ פערטער: אַ נו, גיט אים אַ כאַפּ!

א פינפטער: אַ, דו, אַלטער סקראַב! — — —

(שינדער באַהאַלט זיך)

---

# X. רעכטלעכע לאַגע,—גזיירעס אַף אידן.

## 1. די בּעהאָלע פון די שקאָלעס.

איינמאָל, נאָך א גרויס דולעניש. אַז שלוימעלע איז ווי א גאַסט פון יענער וועלט אַהיים אַראָפּגעפאַלן, עפּעס איבּערצוכאַפּן, האָט ער בּאַלד בּאַם אַריינגאַנג אין שטוב דערהערט א יאָמער, אַ קלאָג, ווי מע בּאַווײנט אַ טויטן, די מאַמע בּרעכט די הענט, טאַינעט עפּעס און וויינט אַף אַ ניגן. דאָווידל און איידעלע, צוויי בּרעקלעך קינדער, שטייען פונדערווייטנס אין א ווינקעלע און רעווען, קוקנדיק אף דער מאַמען, מיט אָפּענע מיילעכלעך. לייע, די עלטערע שוועסטער, זיצט אַף דער מילכיקער בּאַנק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז שטאַרק פאַרומערט. שלוימעלען גיט אַ טיאָכקע דאָס האַרץ, אין די אויגן שטעלן זיך אים טרערן, און ער הויבּט אָן בּאַלד טאַקע אויך צו וויינען.

— אוי, אַ גזאַר־דין, אַ גרויס אומגליק, אוי־וויי, האָט אונז געטראָפן!— טאַינעט די מאַמע, פאַרגייענדיק זיך פון טרערן.

— מאַ—אַמע, מאַ—מע—ע!— רעווען די קליינע קינדער און קראַצן די קעפּלעך מיט בּיידע הענטלעך.

— אי—איק—היק!—שלויכצט שלוימעלע — — — און שנייצט די נאָז.

— ווייַן, שלוימעלע, וויין!—זאָגט די מאַמע מיט טכינע־לאָשן, אַז זי האָט אים בּאַמערקט, און לייגט בּיידע הענט אים אַפן קאָפּ אַרויף—טו, אַלמעכטיקער פאָטער, די טרערן פון ריינע אומשולדיקע קינדער טאָן אין דיין לאָגל. אוי, אומגליקלעך קינד, וויסט איז אונז, פינצטער איז אונז—פינצטערע שקאָלעס... **אידישע קינדער נעמען אין די שקאָלעס!**

— געוואַלד!—שרייט שלוימעלע, פאַרגייענדיק זיך אונטער דער מאַמעס הענט.

שלוימעלע — — — האָט געהערט, אַז אַף דער וועלט „דאָ" געפינט זיך בּאַ „זיי" עפּעס שקאָלעס. וואָס מע טוט דאָרט אַזוינס? דאָס האָט ער נישט געוואוסט. געהערט נאָר, אַז מע שמייסט—אַ שרעק. אַצינד, דערוויסנדיק זיך, וואָס דער מאַמעס געוויין בּאַטייט,—אַז ס׳איז דאָ אַ בּאַפעל, מע זאָל אידישע קינדער נעמען אין די שקאָלעס, איז אים אנטפאַלן דאָס געזונט. עס האָט אים זיך געדאַכט, אָט שטייען זעלנער. מע נעמט אים, מע פירט אים, מע שמייסט... און דעריבּער האָט ער נעבּעך געשריגן—געוואַלד!

די מאַמע־זשע, ווידער, האָט געוויינט נישט אַזוי דערפאַר, וואָס מע שמייסט. שמייסן שמייסט מען דאָך אין כאַדאָרים, לעהאַוודל, אויך, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל

שקאָלעס איז אַ מיעסע זאַך. דער נאָמען שקאָלעס אַליין איז שוין פע, א שרעק, ס'איז דאָך אַן עק פון דער וועלט, אויס אידישקייט. וואָס קען, כאַלילע, פון אידישע קינדער ווערן?

אידן אין שטעטל זענען אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ, מע האָט געזיפצט, געקרעכצט און גערעדט פון די שקאָלעס. דערביי געמורמלט אַף עפּעס אַ דייטשל, אַ ליליענטאַל, וואָס פון אים און נאָך אַזעלכע ווי ער, „בערלינער", קומט דאָס גאַנצע שפּיל אַרויס*). מע האָט געמאַכט אַסיפעס און געטראַכט, וואָס טוט מען עפּעס דערצו. ס'איז געבליבן מע זאָל גויזער־טאָנעס זיין, זאָגן טילים, רייסן קוואָרים און איינלייגן די וועלט. מעלאַמדים, נעבעך, זענען געווען געפּלעפט, שטאַרק דערשלאָגן, האָבן געציטערט פאַר זייערע קנעלונגען. די שקאָלעס וועלן זיי דאָך דערגיין דאָס לעבן, מאַכן דעם טויט. אַז גאָט אַליין וועט זיך דאָ נישט אַריינמישן, נישט טון עפּעס א נעס, וועלן זיי דאָך בלייבן אויסגעשטעלט. עס פאַרשטייט זיך, דעריבער, ווי שטאַרק נעבעך זיי האָבן געפּילדערט, אונטערגעהידעט דעם אוילעם. אַלע טאָג פרי און פאַרנאַכט זענען די שולן פול געווען פון אידן. מעלאַמדים האָבן געפירט אַהין ִקינדער פון די כאַדאָרים. מע האָט געזאָגט געוויסע קאַפּיטלעך טילים, געוויינט, געפאַסט. דער ערשטער טאָנעס שלוימעלעס איז געווען יענער, וואָס וועגן די שקאָלעס. ווייבער זיינען געגאַנגען אַף קייווער־אָוועס, געמאָסטן פעלד און פאַרגאָסן טייכן טרערן. — — —

ביזוואַנען אָבער זכוס־אָוועס וועט ביישטיין, זיך מיען פאַר דעם קיסעךהאַקאָוועד און דער אייבערשטער וועט אַ נעס טון, דערווייל האָבן אידן זיך געטון די אַלטע סגולע — כאַסענע מאַכן יונגע קינדער. ס'איז געוואָרן אַ בעהאָלע. שאַדכאָנים, גוטע פיינע מענטשן, האָבן נישט געשפּאָרט קיין מי, געאַרבעט, אויס ליבע צום פּאָלק איסראָעל, אַף אלע קיילים, מע האָט געכאַפּט און אָפּגעשטעלט כופּעס, קליינע אינגלעך מיט יונגע מיידלעך, עס זאָל הייסן, אין דעם פאַל ווען, כאַלילע, שקאָלעס, הע־הע, אָפּגעטון אף טערקיש — נישטאָ קיין קינדער, נאָר לויטער באַלעבעסלעך, קליינע אידעלעך!... און ביכדיי טאַטעס פון קליינע מיידלעך זאָלן זיך נישט איינשפּאַרן, זיך ניט שטאַרק איבערנעמען מיט זייער סכוירע, איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז מיידלעך וועט מען אויך נעמען עפּעס אין די קאָלאָניעס ערגעץ. אַז שלוימעלע איז ארויס טרוקן, נישט כאַסענע געהאַט דענסטמאָל אין דער בעהאָלע, איז דאָס מיסטאָמע נאָר אַ גאָטזאַך — פאַר אים איז אין דעם שטעטל נישט געווען זיין באַשערטע, און אקעגן גאָט קען מען נישט גיין, עס העלפט נישט אַקעגן אים קיין כאָכמעס. מיט וואָס דען אַנדערש לאָזט זיך עס דערקלערן?... די מאַמע האָט דאָך כיישעק געהאַט, דער טאַטע, עמעס טאַקע, האָט זיך געקרימט, ווי איינער רעדט: פע! גאָר

---

*) מאַקס ליליענטאַל — א דייטשישער איד. פאַרוואַלטער פון א ריגער שול פאַר אידן, האָט געמאַכט אין די פערציקער יאָרן לויטן פּאָרשלאַג פון בילדונגס-מיניסטער צוויי אַגיטאַציאָנס-רייזעס איבערן אידישן טכום, בעאייס וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט מאַסקילים-קרייזן אַף די ערטער. אופגערופן צו פאַרמאַכן די כאַדאָרים און מיטצווירקן דעם נייעם טיפּ מעלוכישע (קאַזיאָנע) שולן, אין וועלכע מע האָט אַכוץ אידישע לימודים (טאַנאַך, דיקדעק) געלערנט אויך אַלגעמיינע לימודים און די רוסישע שפּראַך. י. י.

נאַרישקייטן. אין אזוינע זאכן איז דער ווילן פון די ווייבער שרעקלעך שטאַרק, ברעכט אייזן. און פון שלוימעלעס זייט וואָלט נישט נאָר קיין מעניע נישט געווען, אדעראבע, עס וואָלט אים נאָך גאָר מעשונע האנאָע געטון. איינמאָל, פארוואָס זאָל ער ערגער זיין פון אנדערע אינגלעך, פארוואָס אַנדערע אינגלעך קומט עס יאָ קאַלעס און אים נישט? — אָי, האָט ער עס מעקאַנע געווען אַ כאָסן־באָכערל, עפּעס איז אַזעלכער אַ גאַנצער מעיוכעס. קיין בערדל, עמעס, האָט ער נישט, שמייסן אין כיידער שמייסט מען אים ווייטער טאַקע אויך, פונדעסטוועגן איז ער פאָרט עפּעס ווי אַ שטיקל גרויסער: ער מענטשלט זיך, קוקט אַף זיינע כאווירים אַראָפּ מיט גאיווע, אָט־אָט, נאָך אַביסל, איז ער שוין אַליין אַ טאַטע... און צווייטנס, האָט זיך אים, גאָר אָן די אלע זאַכן, גלאַט אזוי זיך געוואָלט האָבן אַ קאַלע, ס'איז עפּעס אַ גאנצער אייסעק — איך, באָכערל, האָב מיר אַ קאַלע, זיץ מיר און טראכט מיר באַ זיך — קאַלע. — — — היינט האָט ער דאָך אין דער געמאָרע מיקויעך פּאָר־פּאָלק־זאַכן עפּעס געלערנט אויך, דערצו נאָך געהאט אַ פייערדיקן קויעך־האדימוין, דאָס פּאָעטישע פונקעלע, וואָס גיט אמאָל פּלוצים, ווי פון דער העלער הויט, אַ ברי...

נאָר ווי די מאַיסע איז, שלוימעלע האָט אין דער בעהאָלע נישט כאסענע געהאט, געבליבן ווי פריער אַ אינגל. גם זו לטובה! וואָרום ווי דערנאָך האָט זיך ארויסגעוויזן, איז אומזיסט געווען די בעהאָלע. אינגלעך אין די שקאָלעס אַריין האָט מען מיט געוואלד נישט גענומען, מיידלעך אין די קאָלאָניעס — אויך נישט. כאַדאָרים זיינען געבליבן כאדאָרים און מעלאַמדים ווייטער טאַקע מעלאמדים, אלצדינג וואָס פריער. אין אנדערע גרויסע שטעט האָט מען אפילע געמאכט אידישע שקאָלעס, נאָר אָן סאַקאָנעס! קינדער זיינען דאָרט ווייניק געווען, און, משטיינס־געזאָגט, וועלכע? אָרעמינקע עפּעס, פון דעם געמיינעם אוילעם — אויך מיר מענטשן!

אויך ליליענטאל איז עפּעס ווי פארשוואונדן געוואָרן. פון דער קאָמפּאניע זיינער איז אין דעם שטעטל ק..., ווי פון די שקאָלעס, קיין זייכער נישט געבליבן. מע האָט אינגאַנצן אין זיי פאַרגעסן.

## 2. די גזיירע פון קליידער.

ס'איז ווינטער, שאַבעס־צונאַכט, נאָך האוודאָלע. אפן „לוטשניק" אונטערן קוימענדל ברענט פריילעך אַ פייערל, וואָס פון צייט צו צייט ווערט עס אונ־טערגעהאַלטן מיט דינע טרוקענע שפּענדלעך. דעם פייערל אַקעגן, באַ אַ טיש, צוגערוקט צו דער ווארעמער רובע, זיצט דאָס הויזגעזינד, אַ שכיינע פון דער צווייטער שטוב, פול מיט נייס ווי אַ פויק, איז אויך דאָ. מע ווארפט זיך אי־בער מיט אַ וואָרט און מע פליקט פעדערן. דערביי טאקע לייענט איינער פון די קינדער פאָר די מאַיסע פון יויסעף האַצאַדיק מיט די ברידער אף איוורע־טייטש. מע האָט האַנאָע, מע וואונדערט זיך אַף דער גוואורע פון יעהודע — פון זיינס אַ געשריי ווערט שיר נישט אַ טעל פון גאַנץ מיצראים; די קאַץ

זיצט צושאַרנדיק זיך צום אויוון, לעקט אַ קאַפּקעלע, מאַכט מיט די אויערלעך און האָט, ווי עס זעט אויס, אויך האַנאָע. אין אויוון הייצט זיך, עס קאָכט זיך וועטשערע, נאָר קוידעמקאָל זידט דאָרט אַ טעפּל קאַרטאָפּלעס אָף איבערצו־כאַפּן דערווייל. רעב כאַים גייט הין און צוריק איבער דער שטוב, נאָך אין דער שאַבעסדיקער קאַפּאָטע, און זינגט זיך „עליאָהו־האַנאָווי" מיט גרויס גע־פיל. און ווי ער לאָזט אויס דעם סאָף „במהרה יבוא אלינו", גיך און באַלד קומט ער צו אונז, עפנט זיך די טיר און לייטישע מענטשן פונם שטעטל קומען אַריין — אַ גוטע וואָך, אַ גוט יאָר!

און דאָס פאַרשטייט זיך אַליין, אַז לייטישע מענטשן גיבן איינער דעם אַנדערן אָפּ קאָוועד באַם אַריינקומען, האַלטנדיק אַ שאָ אָפן די טיר אַפילע ווינטער, גאָר אומצוקומען דערווייל אין שטוב פאַר קעלט, אַזוי אויך באַם זעצן זיך. ס'איז אַוועק היפּש צייט אין רוקעניש, אין ווינקעניש, אין בעטעניש, פּלאָנטענדיק זיך דערווייל דער יענעם אונטער די פיס, ביז די לייטישע מענטשן האָבן זיך לעסאָף אויסגעזעצט. סאָרע איז מעכאַבעד די געסט גאָר פריינטלעך מיט טרינקען „שפּעציעס" — מינע קרייטעכצער, וואָס אַ קאַפּאָרע פאַר זיי טיי — און מיט שטיקלעך קאַנדל־צוקער, וואָס אַ קאַפּאָרע דערפאַר הייַנטיקער צוקער... מע זיצט זיך, מע בלאָזט און מע טרינקט, איינער פאַרוויכערט זיך די פּיפּקע — אַ פּאָרצעלייען לולקעלע מיט אַ זילבערן דעקל און אַ לאַנגן געפלאָכטענעם ציבעק. אַ פּאָר הוסטן זיך אויס, טאַפּן זיך באַ די נעז, באַ די בערד, און עס הייבט זיך אָן אַ שמועס. אַהין־אַהער, דאָס אַביסל, יענץ אַביסל, ביז מע קומט אַרוף לעסאָף אַף אַזאַ שמועס:

— אַך, כאָ־כאָ, די גזירע פון די קליידער איז דאָך טאַקע אַ מיעסע זאַך! — מאַכן אַלע מיט אַ זיפץ — אידן זאָלן זיך אָנטאָן דייטש: אַ קאַרטוז מיט אַ דאַשעק... ס'איז דאָך עפּעס מעשונע אַ שרעק! און געוואַלד, צו וואָס, ריבוינע־שעל־אוילעם, צו וואָס?!... וואָס קען „זיי" דאָרט, זיי וואָס קען אַרויס־קומען דערפון, אַז אידן וועלן זיך שוין אָנטאָן דייטש?... עס מוז דאָך עפּעס אַלץ זיין מיט אַ גאַנג.

— מע שמועסט, דרינען שטעקט אַ שפּיצל — רופט זיך אָן מיט אַ קנייט־שעלע יענער פון פּיפּקעלע, פאַרציענדיק זיך שטאַרק און אַרויסלאָזנדיק פונם מויל רינגלעך רויך — וואַקסן זאָל ער גאָר, וואַקסן... פון וועמען מיינט איר? — פון מאָנטעפיורען! *)

— גאָט איז מיט אייך, רעב בער! וואָס רעדט איר?

— אָט דאָס וואָס איר הערט. אָבער רעב באָרוך הילעלס מעג מען גלויבן? ער קומט ערשט פון די יאַרידים און האָט דאָרט מיט זיינע אייגענע אויערן...

*) מוישע מאָנטיפיאָרע — אַ אייַנגלישער אידישער פילאַנטראָפּ, וואָס איז געקומען אין 1846 קיין רוסלאַנד צום קייסער אויסבעטן „יעשועס" אַף אידן. נאָכדעם האָט מאָנטיפיאָרע געמאַכט אַ רייזע איבערן טכום, און איז זייער פּאָפּולער געוואָרן צווישן די דערשלאָגענע אידישע מאַסן, וואָס האָבן פאַרבונדן מיט זיין פּערזענלעכקייט זייערע האָפענונגען אַף אַ בעסערער צייט. פאַר זיין לעבן נאָך איז זיין נאָמען געווען אַרומגערינגלט מיט לעגענדעס.

— איך האָב אויך עפּעס אַזוינס געהערט — פאַלט אריין אין די רייד אַ רירעוודיקער צאפּלענדיקער איד, פאַרבייסנדיק אַ ליפּ — האַ, וואַרט, וואָס האָב איך געהערט?

— שלאָגט נישט איבער, רעב יאָסל — מאכט דער אוילעם — שאַ!... אַ־נו, רעב בער.

— מע שמועסט, הייסט עס — הויבט אָן רעב בער געלאסן, פּאַמעלעך און קייעט איטלעכס וואָרט ביז ער ברײנגט עס ארויס פון מויל — אָט וואָס: אַז מאָנטעפיורע האָט געזען ס'איז פּע... איז ער געקומען מיט אַזאַ פּראָיעקט: אַדויני מעלעך, זאָגט ער, פארקויף מיר דיינע אידן. איך וועל געבן פאר זיי אַזויפיל און אַזויפיל מיליאָן.

— הונדערט טויזנט, האָב איך געהערט, הונדערט טויזנט מיליאָן! — פאַלט רעב יאָסל ווייטער אין די רייד אריין. געמיינט דערמיט נישט אַזוי די סומע געלט, ווי אַרויסצואוייזן דאָ דעם אוילעם, אַז ער ווייסט אויך, וואָס טוט זיך אַף דער וועלט, נישט ערגער פון אַנדערע.

— מיילע, וואָס מאַכט עס אויס — טוט רעב בער אַ זאָג פארדרייענדיק מיט דער נאָז און דערציילט ווייטער. — מייכעטייסע! — ענטפערט דער מאַלכעס בעקיצער. מע מאַכט באַלד טאַקע אַ טקיעס־קאַף, און מאָנטעפיורע גיט דערווייל אַן אַדערוף.

— כאָלילע, הונדערט טויזנט מיליאָן באַלד טאַקע, באלד בימזומאָנים — צעשאָקלט זיך רעב יאָסל, ווי באַם שפּאַרן זיך מיט עמעצן איבער אַ שטיקל געמאָרע.

— אַי, זייט־זשע מויכל, רעב יאָסל, שאַ! — בעטן אים אלע מעכילע, ער זאָל שווייגן.

— בעקיצער, ער גיט דערוויל אַן אַדערוף — דערציילט רעב בער ווייטער, רואיק־געלאַסן, נישט מאַכנדיק זיך אויס רעב יאָסלס רייד — וועהאַמויסער איז ער זיך מיסכאַיעוו סילעקן צום טערמין באַם נעמען די ט כ ו י ר ע — די אידן, הייסט עס. דערמיט איז מען זיך צעגאַנגען. זיי געזונט — פאָר געזונט! נאָך אָנבייסן גייט זיך דער מאַלכעס, ווי דער שטייגער איז, אין סענאט און איז שטאַרק אופגעראמט. — אַדויני מעלעך, — פרעגט אים דער מיניסטער, — וואָס איז די מאַיסע, וואָס דו בינסט היינט עפּעס אזוי אופגעראמט? — אזוי און אַזוי, — ענטפערט דער מאַלכעס מיט אַ שמייכעלע, — געמאַכט אַ געשעפטל, פאר אזוי־פיל פארקויפט היינט מיינע אידעלעך. — אַדויני מעלעך! — טוט זיך אַ כאַפּ דער מיניסטער זייער דערשראָקן, — וואָס האָסטו געטון? ס'איז אַ מעקעך טאָעס!... און באלד טאַקע פירט ער אים אַרויס פון די קאָנטאָרסקע ביכער אַ קלאָרן כעשבן, אַז דאָס פּראָצענט, וואָס אַזאַ ס כ ו י ר ע — אידן, הייסט עס, טראָגט אין אַ געוויסע צייט יאָרן איין, טרעפט העט־העט מיט אַ שמיצל אַריבער דעם מעקעך פאר דער גאַנצער סכוירע. — וואָס־זשע טוט מען? — מאַכט דער מעלעך, — גערעדט איז דאָך גערעדט, און פון מאַלכעס אַ וואָרט איז דאָך אַ גזיירע. אַדעראבע, זאָג, האָסט דאָך אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער, פאל עפּעס אַף אַ האַס־באָרע. — אַדויני מעלעך! — רופט זיך דער מיניסטער אָן, נאָכדעם ווי ער האָט

אַ ווײַלע געטראַכט, — ס'איז דאָ אַן אײַצע. גיב אַרױס אַ באַפעל, אָבער טאַקע באַלד, אידן זאָלן זיך אָנטון דײַטש. — גראַם־שטראַם! — מאַכט דער מאַלכעס, — וואָס איז שאַ־יעך דאָס דערמיט? — ס'איז רעכט! זאָגט דער מיניסטער האַלבּ עפּעס אַפן וואונק, — ווי באַלד דײַטש, איז דאָך שוין, פאַרשטײסטו מיך, גאָר עפּעס אַנדערש... מיט דיר איז דאָך געגוג אַפן וואונק. — אַ־אַ, סײכלדיק! — גיט זיך דער מאַלכעס אַ כאַפּ, דו בינסט ווערט פאַר דער אײַצע אַ גילדענעם מעדאַל. — הערט־זשע, ראַבּוסאַי, דעם שפּיץ — מאַכט רעב בּער, נעמענדיק זיך אויסרײַניקן מיט אַ דרעטעלע דאָס פּיפּקעלע פונם אַש — אַקוראַט צום טערמין קומט מיסטאָמע מאָנטעפיורע...

— ניין, נישט אַזוי, ער קומט נישט, ער לאָזט פריער מעלדן — קען זיך רעב יאָסל נישט אײַנהאַלטן, צעשאָקלט זיך און פאַלט ווידער אַרײַן אין די רייד.

— שאַ, זײַט־זשע מויכל! האַלט זיך אײן אַ ווײַלע און שלאָגט נישט אי־בער, רעב יאָסל! — בעט דער אוילעם, וואָס איז זײער ציקאַווע צו הערן דעם סאָף — נו רעב בּער, נו־נו.

— קומט ער, הײסט עס — הויבּט רעב בּער אָן ווײַטער דעם שמועסי־ציענדיק די ווערטער ווי יענעם אַף צולאָכעס און שמוכנדיק פאַר האַנאָע — קומט ער, אַזוי ווי איך זאָג אײַך דאָ, צום טערמין און מאַכט קעהאַי לישנע: אַדויני מעלעך! נאַ דאָס מויסער געלט און לאָמיך, קעפּי השליש־צעטל, נעמען די ס כ ו י ר ע — אידן, הײסט עס. — אָך! — מאַכט דער מאַלכעס, — מײכעטײסע... גיי דיר, זײַ מויכל, און וואו דו ווערסט דערזען אַ אידן, נעם דיר אים, בּעשעם עלויקיי איסראָעל, די סכוירע דײַנע... מאָנטעפיורע לאָזט זיך לאַנג נישט בּעטן און גייט. ער גייט אין איין שטאָט — נישטאָ, נאָך אין אַ שטאָט — נישטאָ. בּע־קיצער, אין בּאַרדיטשעוו — אויך נישטאָ. קיין סימען אַפילע נישט פון אַ אידן. אַלע אידן זענען אָנגעטאָן דײַטש — דײַטשן.

— אָוואַ, אָוואַ! — מאַכט דער אוילעם פאַרוואונדערט — אַזוי, זאָגט איר, אַזוי שמועסט די וועלט!

— עט! — מאַכט רעב כאַים מיט אַ שמ־יכעלע — נישט טאָמיד איז עמעס, וואָס טראָגט זיך אַרום אין דער וועלט. ס'איז זיך אַ מעמרע...

— אַזוי צי אַזוי, דערווײַל איז שאָפּל — זאָגט דער אוילעם מיט אַ קרעכץ — די גזײרע איז דאָך טאַקע אַ גזײרע! מײלע, די קאַפּאָטע יאַק קאַפּאָטע, וועט מען אין איר מאַכן אַ האַק, דער גוטער יאָר וועט זי נישט נעמען מיט אַ שפּאַלט פון הינטן אויך, אָבער אַ קאַרטוז — ריבּוינע־שעל־אוילעם, אַ קאַרטוז!... רעב כאַים, פאַלט עפּעס אַף אַן אײַצע, האַ, וואָס טראַכט איר, רעב כאַים?

— איך טראַכט — ענטפערט רעב כאַים נאָך עטלעכע מינוטן שווײַגן, רײַבּנ־דיק זיך דעם שטערן — איך טראַכט, וואָס פאָרט האָבן אין אַ נויט די כאַכאָ־מים מיט זײער כאָכמע נישט געמאַכט. מע טאָר, אַשטײגער, שאַבּעס נישט טראָגן, נאַ, צי איבּער אַ שנירל און טראָג. מע טאָר נישט נעמען פּראָצענט, נאַ דיר העטער-איסקע און נעם! — ס'איז דאָ אַן אײַצע, אידישע קינדער! זאָגט מיר, ראַבּויסאַי, וואָס איז אַזוינס אַ קלאַפּאָווע היטל (אַ כעצי־שאַבּעסל)?

— וואָס הייסט? — וואונדערן זיך אַלע אין איין קאָל — אַ אידיש קלאַפּאָ־ווע היטל, אַ וואָכנדיק היטל מיט קלאַפּן! פון ביידע זייטן האָט עס אופגע־שטעלטע, מיט קלאָטשע אָנגעשטאָפּטע קלאַפּן, פון רויכוואַרג, פאַרשטייט זיך, און פאָרנט איז עס באַלייגט, פון איין קלאַפּן צום אנדערן, מיט אַ שמאָל שטיקל רויכוואַרג, גוט צוגעגנייט אונטן, אויך צום ווערכל אויבן. ווער ווייסט עס דען נישט — אַ אידיש קלאַפּאָווע היטל?!

— מיילע — שמייכלט רעב כאַים מיט אַ קנייטשעלע — מאַ ראַש? וועט יענץ שטיקל פאָרנט נישט צוגעגנייט זיין צום ווערכל, נאָר מיט דער אונטער־שטער זייט אליין, אַזוי אַז עס זאָל זיך קענען אָפּלייגן: וויל מען, איז דאָס ווי היינט אַ היטל, קאָשער אידישלעך, וויל מען, לייגט מען עס אָפּ, קומט עס אויס אַ דאשעק, איז מען יויצע לעכאָל האדייעס און פּאַטער. און וואָס קאָן מען צו אַ אידן מיט אַזאַ היטל האָבן? אַ דייטש!...

— טאַקע וואו טוירע דאָרט כאָכמע. מאַריך יאָמים וועשאָנים זאָלט איר, רעב כאַים, זיין! — זאָגט דער אוילעם גאַנץ צופרידן, אָנווינשנדיק אים אַ פולע קאָפּ.

דאָסדאָזיקע מין היטל מיט דעם אָפּגעלייגטן דאשעק איז דערנאָך אָנגענו־מען געוואָרן בעכאָל טפוצויס איסראָעל און גילט נאָך אַדאַיעם באַ אַלע פרומע אידן דאָרט אונטער דעם נאָמען „נאַפּאָלעאָנקע“. די וועלט אָבער באַדאַרף וויסן, אַז בוילעד איז דאָס היטל געוואָרן אין דעם שטעטל ק..., און אין דער היסטאָריע באַדאַרף עס שטיין פארשריבן אַף דעם נאָמען רעב כאַימס, דער ערשטער, וואָס האָט עס מאַמצי געוועץ. — נאַפּאָלעאָן, מעגלעך, האָט געטראָגן פון אזאַ פאַסאָן אַ היטל. גאַנץ זיכער אָבער, מע מעג שווערן, אַז רעב כאַים האָט מיט נאַפּאָלעאָנען זיך קלאַל נישט אָנגעהערט און קיינמאָל זיין היטל אפי־לע אין די אויגן נישט געזעען.

## 3. אין די צייטן פון די „קאַפּאָרע־הינדלעך“.

(די כאַפּערס)

צו מינכע האָבן זיך אריינגעכאַפּט ראַפּטאָאָם עשלעכע אידן, וואָס זענען גע־גאַנגען פאַרביי דעם קלייזל. זיי האָבן אין איילעניש געכאַפּט אַ גאָטס וואָרט, געשפּרונגען „קאָדויש“ פארסאָפּעט, גאָר אין איין אָטעם — און באַלד דערנאָך טאַקע זיך צעלאָפן. איינער נאָר איז איבערגעבליבן. ער האָט עפּעס אַ ווײַלע זיך געדרייט, אַרומגעקוקט און פון גאַנצן באַנעמען זיך זיינעם האָט מען אַרויס־געזעען, אַז ער איז אַ פרעמדער, נישט קיין היגער. די לאַנגע גלאַנצנדיקע נאָז זיינע האָט געזאָגט, אַז ערשט היינט, נעכטן, איז זי פונם וועג, וואו דער ווינט האָט זי שטאַרק געפייניקט, זי געששיפּעט און מיעס איר אָנגעפּייפּט. די צוויי גרויע, קאַצענע אויגן זיינע האָבן זיך געוואָרפן, נישט צו קוקן גלייך אין איין זייט, ווי זיי וואָלטן געווען באַרויגעז — איינע האָט געקוקט קיין דאָרעם און די אַנדערע קיין צאָפן־זייט.

ר' אַווראָהאָם האָט, ווינקענדיק מיט דער האַנט, צוגערופן דעם פאַרשוין און אים אָנגעוויזן אַ אָרט נעבן זיך. באַם דאַוונען האָט דער פאַרשוין זיך

געשאָקלט מיט כיין, גאַנץ אידישלעך, און פונם שאָקלען זיך זיינעם האָט אויסגעזעען, אַז ער איז אַ טאַטנס אַ קינד, נישט קיין פּראָסט מענטשל.

אַף מאָרגן איז דער פּאַרשוין געקומען דאַוונען — — — און איז ווידער טאַקע געזעסן נעבן רעבּ אווראָהאָמען. די נאָז האָט אים אַלץ טאַקע געגלאַנצט, נאָר שוין נישט אַזוי געניסט מיט אַזאַ בייזער ווי נעכטן.

צו דער טוירע האָט מען אים אופגערופן (דאָנערשטיק איז געווען דענסט־מאָל) יאַימויד רעבּ שנייער זאב־וואָלף בּערעב שראגאָ־פּייוועש.

רעבּ אַווראָהאָם האָט נאָכן דאַוונען געלערנט אַ פּערעק מישנאַיעס און אים מעכאַבּעד געווען זאָגן אַ ראַבּאָנען־קאַדיש. געזאָגט האָט ער בּינימעסדיק, גרייזלענדיק דערבּיי אַ פּייע, מיט צוגעמאַכטע אייגעלעך, געשאָקלט דאָס קע־פּעלע גאַנץ לייטיש, און יענע מיגע אידן, וואָס פּארבּלייבּן געוויינטלעך אַף אַ שאָ נאָכן דאַוונען איבּער דעם דרויבּ, שטיקלעך „יהי־רצון/ס״ און דעם „כאָקל״, האָבּן אים געשיינקט „אָמיין/ס״ פונם גאנצן האַרצן מיט דער קאַוואָנע—יאָרצייט־בּראָנפּן — — — דער שאַמעס האָט טאַקע בּאַלד געבּראַכט אַ קוואָרט בּראַנפּן — שליש מיט קיכלעך, אייערבּייגל צום פּאַרבּייסן, און מע האָט זיך גענומען מאַכן לעכאַים.

— לעכאים, רעבּ שנייער־וואָלף! — בּעבּעט איינער, — האַשעם־איסבּאָרעך זאָל געבּן.. בּעפּאשטעס טאַקע, האַ, — פּאַרנאָסע.. פּאַרנאָסע זיינע אידעלעך, אָך־אָך — כאָ!

— לעכאַים, רעבּ, רעבּ... האַ? שנייער! אָט וואָס, רעבּ שנייער! — קוועטשט זיך נאָך איינער אויס עפּעס צו זאָגן, נאָכדעם ווי ער האָט פריער אָפּגעזופּט אַבּיסל פונם קעלישעקל און זיך בּאַלעקט. פּאַרנאָסע, מייכעטייסע! ווי ארום? בּע... דערוף איז ער דאָך אַ ריבּוינע־שעל־אוילעם, האַ!... אַזוי צי אַזוי — ווייס איך? — אָט לאָז ער אייך העלפן... האָט איר עפּעס דאָ, האַ, אַ געשעפטל?... וואָס?... — לאָזט ער אויס כאָכמעדיק, אַ טאַפּ צו געבּן דערווייל אין וואָגן.

— ע־עט!... מאַכט שנייער עפּעס אָן ווערטער.

— אַהער, שקאָץ! — רופט רעבּ אַוראָהאָם צו הערשעלען, וואָס איז אין אַ ווינקעלע געזעסן מיט מוישעלען איבּער דער געמאָרע — נאַ! איין אייער־בּייגל דיר מיט אַבּיסל בּראַנפּן און דעם אַנדערן גיבּ דאָרט יענעם שקאָץ, דיין כאַווער.

דעם פּאַרשוינס אייגעלעך האָבּן זיך אין איין צייט געוואָרפן אַף הערשעלען דאָ, און אַף מוישעלען דאָרט אין ווינקעלע.

אַז דער אוילעם איז זיך צעגאַנגען, האָט דער פּאַרשוין זיך אריינגעלאָזט מיט אַווראָהאָמען אין אַ שמועס מיקויעך אידן, קרעכצנדיק, שטאַרק מעקאַנע געווען יענע, וואָס קענען זיצן אין בּעסמעדרעש על התורה ועל העבודה און אַגעוו טאַקע אַ טאַפּ געבּנדיק מיט אַ פּרעג:

— ווער זענען עס בּא אייך יענע צוויי בּאָכורימלעך דאָרט, וואָס זיצן איבּער דער געמאָרע? גאַנץ פיינע קינדער.

— אַ מייוון, כ׳לעבּן! — ענטפערט רעבּ אַוראָהאָם מיט אַ שטאָלץ שמייכעלע, ווי אַ פּאָטער בּעשאַס מע לויבּט אים זיינע קינדער. — איינער איז

אַ היגער טאַקע, און איינער, וועלכן איך האָב פריער צוגערופן, איז, נעבעך, אַ גער, פון אַ שטעטל, אַ יאָסעם. האַלט זיך דאָ אויף. אַ צאַצקע!

— מע זעט עס אים ארויס באַלד טאַקע אין פּאָנים — מאַכט דער פאַרשוין, אַ קוק געבנדיק אין הערשעלעס זייט, — אַ שאָד, כ'לעבן, ער מוז דאָ, נעבעך, אָפּקומען.

— אַוואַדע, אַוואַדע! — זיפצט רעב אַווראָהאָם, — אַ אָרעם קינד, אַ עלנט יאָסעמל, נעבעך.

— ווייסט איר וואָס! — רופט זיך אָן דער פאַרשוין, נאָכדעם אַז ער האָט אַביסל געטראַכט, און די גרויע אויגן האָבן זיך אים צעפלאַקערט — ווייסט איר, וואָס מיר איז דאָ פאַר אים איינגעפאַלן?

— אַ קאַשע אַף אַ מאַיסע! — מאַכט רעב אַווראָהאָם מיט אַ גוט שמייכעלע, פּאָכנדיק אפן קאָפּ מיט דער יאַרמעלקע. — עפּשער אַ שידעך, האַ?

— קעמוי ווי אַ שידעך, — מאַכט מיט אַ ערנסט פּענימל דער פאַרשוין, — שפּעטער, מיט דער צייט, קען טאַקע זיין, אימירצעשעם, אַ שידעך. ס'איז דאָ אויך אַ בסולע, פאַרשטייט איר מיך. די מאַיסע דערפון איז אַזוי... לאָזט זיך נאָר דינען.

— זאָגט, אַדעראַבע, זאָגט, מייכעטייסע.

— בעקיצער, צו וואָס דאָ אַ יאָם ברייען, — צעשאָקלט זיך דער פאַרשוין, — די מאַיסע אָט איז אַזוי: מיט מיר איז דאָ מיינער אַ שוטעף, אַ גאַנץ פיינער באַלעבאָס, ווי איך זאָג אייך, גאָר נישקאָשעדיק, האָט דער שוטעף מיינער, פאַרשטייט איר מיך, אַ אינגעלע און וויל זייער דאָס אינגעלע זאָל קענען לערנען. בא אונז דאָרט די כאַדאָרים זענען, ווי זאָל איך אייך זאָגן, עט... דער בראָדער מעלאַמעד איז אַ בעהיימע, דער ליטוואַק — אַ ציילעם־קאָפּ, און די איבעריקע — טפו!... מיין איך, אַז אייער יאָסעמל זאָל עס, אַפּאָנים, פאַר מיין שוטעפס אינגל זיין... איר פאַרשטייט?

— איך פאַרשטיי. איר מיינט, מיינער זאָל לערנען מיט דעם אינגעלע.

— מ־מהו! — מאַכט דער פאַרשוין, בליצנדיק מיט די אייגעלעך — אָט דאָס מיינט דער פּאָסעק. עס וועט אים זיין גאַנץ גוט. ער וועט האָבן קעסט. זיין באַשוכט און באַקליידט. וועט ער נאָר קיין שויטע נישט זיין, קען ווערן אַ שידעך אויך. פאַר וואָס נישט? אַ בסולע איז דאָ... צעקייט עס נאָר. — — —

— נישט שלעכט, — ענטפערט רעב אַווראָהאָם, נאָר...

— וואָס נאָר?! — טוט זיך דער פאַרשוין אַ כאַפּ. — נישט שלעכט, זאָגט איר? ניין — גאַנץ גוט! אָט דאָס איז דאָך די מאַיסע מיט אידן, האָט קיין פאַריבל נישט! וואָס — נאָר? נאָר — וועל איך זאָגן. מע מוז דעם שוטעף מיינעם ווייזן פריער דאָס באָכערל, לאָז ער אים נאָר געפעלן. אָט וואָס! ווילט איר האָבן אַ ביילעק אין דער מיצווע, האַיעט־זשע נישט און לאָזט, זייט מויכל, דעם קליינעם מיט מיר גיין צו מיין שוטעף, באַלד טאַקע, נישטאָ קיין צייט!

— טאַ! — מאַכט רעב אַווראָהאָם, אופהייבנדיק זיך פונם ביינקל. — אָט גיי איך מיט מיינעם איבערשמועסן.

אין דעם פּאָנים פון רעב אַוראָהאָמען און פון הערשעלען איז געווען צו דערקענען, אַזביידע קוויינקלען זיך עפּעס אין האַרצן, כאָטש רעב אַוראָהאָם האָט די זאַך אַנידערגעשטעלט גלאַטיק, און הערשעלע האָט, קוקנדיק אים אין די אויגן, צוגעשאָקלט מיט דעם קאָפּ אַף יאָ.

דער פּאַרשוין האָט עס פונדערווייטנס זייער גוט באַמערקט, נאָר ער האָט געמאַכט אַ מינע ווי פּאַר אים איז אַלץ איינס. און, אופהייבנדיק זיך פונם אָרט, רופט ער זיך אָן מיט אַ קנייטשעלע:

— נישטאָ קיין צייט! וויל ער, זאָל ער באַלד מיט מיר גיין... ווי איר ווילט אייך.

— נאָך אַ רעגעלע, איין רעגעלע! —בעט רעב אוורָאהאָם און טרייבט אונטער הערשעלען, וואָס האָט, צוקומענדיק צו מוישעלען, זיך געבאָבערט עפּעס מיט אים דאָרט אין דעם שטענדער. — גיי שוין, גיי, הערשעלע! דער איד האָט נישט קיין צייט. גיי און קום גיך צוריק מיט אַ ענטפער. איך וועל דאָ וואַרטן.

— איך וועל מיך נישט זאַמען, — זאָגט הערשעלע און גייט אַרויס אינאיינעם מיט דעם פּאַרשוין. — — —

רעב אַוורָאהאָם האָט באַלד נאָך הערשעלעס אַוועקגיין זיך גענומען זאָגן זויהאַר מיט אַ ברען אַף אַ ניגן, די אויגן האָבן אים געפלאַקערט, דאָס פּאָנים האָט זיך אַף אים פאַרפּאַרבט — ער האָט געזופט זויהאַר מיט אַפּעטיט, און מע האָט באַשיינפּערלעך געזעען, ווי עס קומט אים צו דערפון כיעס. — — —

ער גיט אַ בליק אַף מוישעלען, דערמאָנט זיך אויך אין הערשעלען. — — —

— וואָס באַטייט עס? — וווּנדעט ער זיך פונדערווייטנס מיט אַ פרעג צו מוישעלען, וואָס איז געזעסן שטיל אין ווינקעלע, אָנשפּאַרנדיק דאָס קעפּעלע אין דער געמאָרע — וואָס באַטייט עס, וואָס ער איז נאָך נישטאָ? — — —

— טאָמער, מוישעלע, וואָלסטו אַ שפּרונג געטאָן זען, וואו איז ער ערגעץ דאָרט, דער שקאָץ, האַ? שוין באַלד דריי אַזייגער. לויף אַהין אין די אַכסאַניעס. ווען נישט אין דער, איז אין יענער, אין איינער ערגעץ וועסטו אים דאָך טרעפן. — — —

אַף עטלעכע אַכסאַניעס איז מוישעלע געווען, און אומזיסט: אַזאַ פּאַרשוין, וועלכן ער האָט געזוכט, האָט מען דאָרט נישט געזעען, נישט געהערט. — — —
האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער קאַבצאַנסקער אַכסאַניע, — — — דערזעט אין דער זייט דאָרט אַ באַקאַנט פּאָנים, — — — אונזער שנייער־וואָלף שטייט עס דאָרט מיט עמעצן נעבן אַ געשפּאַנט וועגעלע. — — מוישעלע טוט זיך אַ לאָז צו אים. — — —

— וואו איז הערשעלע?

— אַ־אַ, דיין כאַוועיר מיינסטו? — מאַכט דער שנייער־וואָלף ווי ער שטויסט זיך ערשט אָן. — אַזוי־זשע רעד. — דיין הערשעלע איז דאָרט, דאָרט בא דעם שוטעף מיינעם. איך שטיי אַף אַכסאַניע דאָ, און ער, דער שוטעף, פאַרשטייסטו מיך, שטייט בא זיינעם אַ מעכוטן עפּעס, אָט גיי איך אליין באַלד אהין. קום, אויב דו ווילסט, מיט מיר טאַקע.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז מוישעלע איז זייער גערן געווען צו גיין און האָט געזאָגט:

— אָך, אַ שיינעם דאַנק!

שנייער־וואָלף האָט געפֿירט מוישעלען עפּעס געדרייט דורך שמאָלע געסלעך און הינטערגעסלעך. נאָך אַ שטרעקע וועג גאַנג הייבט מוישעלע אָן ביסלעכווייס זיך אָפּצושטעלן, קוקנדיק עפּעס אומרואיק, גלייך ווי גערעדט: ביז וואַנען וועט ער מיך פֿירן??!

„נאַ־נאַ, פֿאַרקליבן עס זיך אַביסל! עפּעס אין אַ עק וועלט!" — ברומט שנייער־וואָלף אונטער דער נאָז פֿאַר זיך, ווי אויך שטאַרק נישט צופֿרידן. און, אַ קוק געבנדיק דערנאָך מוישעלען אין פּאָנים אַריין, מאַכט ער מיט אַ זיס מינעלע:

— אָט באַלד. באַלד!

— יאָ! — רופֿט זיך מוישעלע אָן אָנגעברויגעזט. — אָט באַלד זענען מיר שוין אַף יענער זייט שטאָט. אָט איז שוין טאַקע דער בייסוילעם! — — —

— וואָס בין איך שולדיק? — נעמט איין שנייער־וואָלף מוישעלען מיט גוטע ריידעלעך. — נישקאָשע, וואָס קען עס דיך אַרן, נאַרעלע, אַז דו וועסט דערווייל דורכגיין זיך אַביסל שפּאַצירן? אָט קוק אַ גרין ביימעלע, אַ שמעקנדיק גרעזעלע, פֿייגעלעך סווישטשען — טשיריק־כיריק־טשיק.

מוישעלע טוט אַ שמייכל און נעמט אָן אַ פֿריילעך פּאָנים.

— אָט אַזוי, האָב איך דיך טאַקע ליב! — רופֿט זיך אָן שנייער־וואָלף, אונטערכאַפּענענדיק זיך — וואָס האָסטו עס אַזוי קיין צייט נישט? אַלץ לערנען, לערנען! נאָכאַמאָל „אָמר אַביי", ווידעראַמאָל „אָמר אַביי", מע באַדאַרף די וועלט אויך אָנקוקן.

שמועסנדיק אַף אַזאַ שטייגער, איז שנייער־וואָלף מיט מוישעלען דערווייל געגאַנגען אַלץ ווייטער, ווייטער, ביז העט אַף יענער זייט בייסוילעם. דאָרט האָט זיך געשלעפּט פּאַמעלעך עפּעס אַ פֿורל, אַ אידליק איז דערוף געזעסן, געהאַלטן אין די הענט שלאַף די לייצן, גלאַט נאָר פֿון יויצע וועגן, פֿאַרלאָזנדיק זיך אַף דעם פֿערדלס יושער: לאָז עס זיך, עט, גיין, ווי זיין גוטער ווילן איז. שנייער־וואָלף האָט זיך איבערגעוואונקען מיט דעם אידל, און איידער מוישעלע האָט צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן, טוט ער אים אַ כאַפּ, וואַרפֿט אים אַריין אין וואָגן און שפּרינגט אין דער הייסער רעגע אויך טאַקע אַריין אַהין. דאָס אידל טוט אַ שמיץ דאָס פֿערדל און אַוועק, אַוועק... — — —

---

וואַיהי און דידאָזיקע מאַיסע איז געשעען בימיי „האַקאַפּאָרע־הינדלעך" *), אָדער, ווי אין קינעס פֿון יענער צייט שטייט, בימיי „פּונם געיעג און פּונם שפּיל אין קאַץ און אין מויז", דאָס טייטש: דענסטמאָל אין יענער צייט, ווען

---

* אין 1853 יאָר האָט די צאַרישע רעגירונג אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, לויט וועלכן סיי יעדער איד באַזונדער, סיי די ראָשיי־האַקאָהאָל, וואָס האָבן געטראָגן דאָס אַכראַיעס פֿאַר דער צאָל רעקרוטן, וואָס דער אישעיוו דאַרף געבן, מעגן צושטעלן פֿאַר סאָלדאַטן אַנשטאָט זיך—אַנדערע מענטשן, געכאַפּטע אָן פּעסער, קינדער אַפֿילע, פֿון אַנדערע שטעט. זיי האָבן דאָס געהייסן „די קאַפּאָרע־הינדלעך".

מע האָט אָפּגעלאָזט אידישע קינדער צו שטיפן אַביסל צווישן זיך און באַווייזן זייערע גוואורעס אין דעם געיעג, אָן פייל־און־בויגנס, נאָר פּאָשעט „פּאַנגען", ווי די קאַץ גייט אַפן געיעג, כאַפּן מייז — גאָר העפקער אַ וועלט! קאַפּאָרע־הינדל, אָדער מייזעלע האָט, לויט דער שפּיל, געהייסן יענער, וואָס איז אַרויס פון דער היים אָן אַ געשריפטס מיט אַ אָדלער, פּאַספּאָרט, הייסט עס, אַזעלכע האָט די קאַץ געמעגט כאַפּן, זאָגן: „זה חליפתי, זה תמורתי, זה כפרתי!", און באַלד אים אין געוואַנט אַריינשטעקן.

און עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע אידלעך, וואָס האָבן זיך געקליגט איי־נער דעם אַנדערן אָפּצונאַרן, ווייטלעך צו פאַרנאַרן און מיט אַלע האַמצאָעס צו מאַכן אים די שפּיל... — — —

„ברידער! — קלאָגן דערוף די קינעס פון יענער צייט — אַלע אייערע הונ־דערט־טויזנטער, וואָס זענען געקוילן געוואָרן פון טיטוס האָראָשע בעשאַס דעם גרויסן כורבן; וואָס זענען אומגעקומען, פאַרברענט געוואָרן אַפן פייער אין שפּאַניע, נאָך און נאָך אַזעלכע דערהאַרגעטע, אומגעקומענע — די אַלע אינײנעם פאַרביטערן אונז נישט אַזוי דאָס לעבן ווי יענע אידישע נעז, וואָס אידן אַליין האָבן איינע די אנדערע זיך אָפּגעריסן. — — — אַז געפּאַטשטע פּאַטשן זיך אַליין, אַז צעדראַפּעטע דראַפּן איינער דעם אַנדערן, וויינען מיר און זאָגן — אוי, וויי! — גאָרנישט וואָס צו זאָגן... דערמאָנען מיר זיך אין יענע, נעבעך, פון אייך אַליין געפּייניקטע, „געפּאַנגענע", רייסט דאָס האַרץ. עס וויינט דאָס האַרץ. עס וויינט און שרייט: אייכאָ, אוי, ווי מעשונע דערשלאָגן, ווי ווילד געפאַלן איז דאָס פאָלק איסראָעל...

## 4. בא דער פּריסוטסטווע.

אַ אידענע (אף א וויינענדיק קאָל ווי בא טכינעס לייענען): אוי, אַ לאָך אין האַרצן!... מיין בערעלע, אוי!... מיין בערעלע, אוי־אוי־אוי!

שמוליק (א אלטער אויסגעדינטער ניקאָלאיעווסקער סאָלדאט, נאָר הויט און ביין. אביסל פאַרקויסעט, קרימט זיך דער אידענע נאָך מיט א לעכעלע פון א שיקעד): מיין בערעלע, בע־רעלע, בערעלע!... טפו, וויסינטרע, וויסנאָפּרע „לחי עולמים"! אויך מיר אַ פריאָם, אַ היינטיקמאָדישער פריאָם! בערילע, שמערילע שפּאַצירן זיך אַהינצו. מיט די פיסעלעך אליין... אוי, וואָלט איר געוואוסט אין יענע יאָרן „אַליין!" רוקן זיך מיט די ראגלאַים אליין... מיר, וויסניטרע, וויסנאפרע, זיינען געגאַנ־גען, הע־הע! מיט אַ גאַנצער כאָפּטע אונטערפירער, געפּענטעט מיט בראסליעטן. אַ קאַפּעליע פון קייטן האָט צוגעצימבלט זום־זום־זום, עס האָט געקלונגען די וועלט. געהאַט אַ פאָנים „מראה־כהן". און פאַר דער כאסענע איז געווען אַ לאַנ־גער, אַ ברייטער פאָרשפּיל מיט קיבעד. כאַדאָשים לאנג איז מען אוועקגעזעסן ווי די געגנז אין שטייג פאַרשפּאַרט. אָט וואָס האָט געהייסן א פריאָם בגעלע־ביגרינע „בשמחה רבה ואמרו כלם!"

כינקע (וויינענדיק אף א קוויטשיק קעלכן מיט א ניגן): וויי איז מיר, ווינד איז מיר, כאסקל מיינער, אַ טאַטע, נעבעך, פון קליינע קינדער!

ש מ ו ל י ק (קוקט זי שארף אָן שאָקלענדיק מיט דעם קאָפּ): פּישש, האָט זיך צעיאָ־מערט: אַ טאַטע, נעבעך, פון קליינע קינדער!... און קליינע קינדער, נעבעך, פון אַ טאַטן, וויסניטרע, וויסנאָפּרע, אָט וואָס אין מיינע צייטן! באַהעלפערס אַזוינע מיט מעשענע קנעפּלעך האָבן זיי אף די פּלייצעס געטראָגן. „עוזר דלים הושיעה נאָ!" מארש צוין קאָדאָשים, מארש אהין, אזש וואו דער שווארצער פּע פּער וואקסט, דאָרט ערגעץ און געפּאַסעט כאזיירים, געשוואָלן פאר הונגער, גע־כאפּט א שמיצל. קלייניטשקע, גרעסערע אביסל—יעמוד עם כל הנערים!

ה ע ר ש ע ל ע (א יונגער סאָלדאטל. מיט גוטן צו שמוליקן): אַלטע מאַיסעס, זיידע! גענוג, מע האָט שוין געהערט, זיידע, אַלטע מאַיסעס!—

ש מ ו ל י ק (נעמט זיך אין די זייטן, אויסציענדיק זיך גלייך ווי א סטרונקע, און טוט א פּייף):

אַלטע מאַצייוועס פון פאַרצייטן!

סמירנאָ! ווייסט איר וואָס זיי באַטייטן?

זאָגט „איזקער" און—סמירנאָ!... טפו, אַ סאָלדאַטיקל, אַ היינטיקמאָדיש סאָלדאַדיקל! אַ צוציקל מיט קליינע ווענצעלעך. נעכטן ערשט אָנגעהויבן צו דינען און איבערמאָרגן שוין פאַרטיק, זיך אויסגעדינט. „אָב הרחמים"! דוואד־צאַט פּיאַט ליעט סלוזשיל באָגו אי צאַריו. און געגעסן בערעזעווע קאַשע. פּיט, פּיט!... סמירנאָ, מיינע וואָנצעס זיינען גרעסער פון דיר אינגאַנצן. האָסט נישט אַזויפיל האָר אין קאָפּ, וויפל עס ליגט אין זיי כיילעוודיקע ליכט מיט סאַזשע. (אָנעמענדיק זיך מיטביידע הענט באַ די וואָנצעס): אף אַ סמאָטרע, אור־אוך! איז געווען אַ מוירע אָנקוקן אונזערע וואָנטשועס, אָנגעשמירט און פאַרדרייט „אָגיל ואשמח" מיט לאַנגע און דינע שפּיצן.—מאָלאָדעץ, שמועל!—האָט דער קאָמאַנדיר אַ זאָג געטון, און בעשאַס־מאַיסע מיר דערלאַנגט, גלאַט אַזוי פון פריילעכקייט וועגן, טראַך, טראַך אונטער דער מאָרדע.—ראַד סטאַראַטסיאַ, וואַשע בראָדיע!—האָב איך געענטפערט און אַראָפּגעשלונגען אַ צאָן בשמחה רבה ואָמרו כלם!

ה ע ר ש ע ל ע: אַהיים, זיידע, זיך אַביסל צולייגן! ווען נישט, גיי איך און שיק גיסיען, מיין גיסיען. גיסיע, נעבעך, מוז שוין אוואדע איבערטראַכטן, וואָס דו ביסט אַזוי לאַנג נישטאָ. קום, זאָג איך דיר, קום.

ש מ ו ל י ק: זאָגט „איזקער", אווו פאַכאָד דעם אַלטן זיידן!...(ער צמאָקעט מיט די ליפּן) צוציקל, ער מושטירט! אַ היינטיקער מושטיר, משטיינס־געזאָגט, אַ שפּרינגען, אַ דראַפּען זיך אַף די גלייכע ווענט, האַלטן ביקסלעך און שיסן, שיסן... היי, סליש! קענסטו אין פאַרכאַסמעטע אַרום און אַרום טאַכטוינים מיט אַ היטל ווי אַ בלינע אַפּן שפּיץ קאָפּ זיך אויסשטרעקן ווי אַ דריינגל אַ לאַנגע צייט אף איין אָרט? (ער הויבט אוף א פוס און ציט זיך אויס גלייך) ראַ־אַ־אַ־אַז (ניט זיך א פּאטש הינטן און מאכט אַראָפּלאָזנדיק דעם פוס) פּיט!... (ער פאלט שיר אנידער, הער־שעלע כאַפּט אים אונטערן אָרעם און פירט אים אוועק).

כ י נ ק ע (ווייזט זיך אף דער גאס שוין אף אַן אַנדער אָרט, כליפּעט און ווישט מיטן פאר־טוך די אויגן): וואָס וועל איך, נעבעך, טאָן, אַ לעבעדיקע אַלמאָנע? ריבוינע שעל אוילעם! ווי קענסטו עס צוזען אַזאַ ווייטיק, אַזאַ בושע? האָט מען עס אַמאָל געהערט, געזעען, אַז אַזאַ כאַסקעלע פון אַזאַ מישפּאָכע זאָל זיך גיין שטעלן

פאַר אַ סאָלדאַט!... אַליין איז ער, נעבעך, דאַר ווי אַ כאָרט און זעט אויס ווי אַ טויטער.

אַ איד (נעבן א רעדל מענטשן): כאַצקעלע האָט אַקעגן אַ האַלב יאָר פריער פאַרן פריזעוו אָנגעהויבן צו פאַסטן האַפּסאָקעס און איז, נעבעך, אַראָפּ פונם לייב... דאָך האָט ער זיינס נישט געשיינקט, און כינקע האָט היינטיקס יאָר, אימערצעשעם, ווייטער אַ קינד.

כינקע: אַזאַ ווייטיק, אַזאַ בושע.

ר' יויכענצע (צוקומענדיק צו כינקען): שאַ, טיפּשע איינע, שאַ! וואָס זאָל מען טאָן, אַז מע איז, באַאוואוינאָסיינו האַראַבים, אין גאָלעס.

כינקע: אָבער, גוואַלד, ריבוינע־שעל־אוילעם, ווי קענסטו אַזוינס צוזען, אַזעלכס צולאָזן? ס'איז שוין טאַקע גאָר אַן עק פון דער וועלט... שווער, וואו זיינען די נעגידים, אייערע נעגידים? עפּעס זייט איר דאָך מיט זיי איינייגעם אַ טוער, אַ גאַנצער מאַכער אין שטאָט־זאַכן. זיי זאָלן וועלן, וואָלט גאָר אַנ־דערש געווען. מיינע צאָרעס אף זיי!

ר' יויכעצנצע: שאַ זאָג איך דיר, טיפּשע, נישקאָשע! אַזוי גראָב מיעס איז נאָך די וועלט נישט פאַרדאָרבן געוואָרן. ר' יויכענצע דעם ראָווס זון וועט מען נאָך אַזוי גיך אין געוואַנט נישט אַריינשטעקן. אידן, נישקאָשע, בלייבן אידן... (אָנבייגנדיק זיך צו כינקען) מיינע נעגידים, נישקאָשע, אַרבעטן אין דעם איי־סעק, גלויב מיר, ס'איז רעכט, נישקאָשע!... — — —

איינער פונם אוילעם: מע וויל ראַכמאָנעס פון אנדערע, אַז באַ אונז אַליין איז איינער אפן אַנדערן נישטאָ קיין ראַכמאָנעס. מעטופּאָלים מיט קינדער טוען אלע מיטל זיך אויסצודרייען, נישט קוקנדיק דערויף, אַז דערמיט קוילען זיי אַנדערע.

אַ אידענע: געקוילעט זאָלן זיי ווערן אָן אַ מעסער, ווי זיי האָבן מיך פאַראַיאָרן געקוילעט! מיט פיל מי און גרויסע צאָרעס האָב איך אויסגעהאָדע־וועט מיין קינד, מיין איינציק קינד, מיין טרייסט און מיין לעבן. פּלוצלים גיט מען אים אַ ריס מיר אויס דעם הארצן... איך יאָמער און קלאָג ביז אַצינד. אוי, אידישע קינדער! אַזאַ ווייטיק, וואָס אַ בעהיימע אפילע קען עס נישט אויסהאַלטן, רעוועט, שרייט נאָך איר קינד, אַז אַ שטיין קאָן צעגאָסן ווערן.

זעלדע (אף א ביטער קאָל): איין אויג אין קאָפּ, און דאָס איינציקע האָט מען צוגענומען!

שמוליק (קרימט זיך נאָך): פלאַנכעט!... אַ קאַטאָוועס—איין אויג אין קאָפּ! מיר האָבן שוין געזעען אי ביידע אויגן — זיבן קינדער באַ אַ מאַמע צונעמען. שבעה אַני יודע, שבעה כּוסות כּבמחזה! (ער פייפט צו און זינגט):

דראַפּעט צווישן טאָג און נאַכט
שטיל א קעצל זיך אַרויף,
צו די טייבלעך מיאַו געמאַכט.
טשיק־טשיק, כאַפּ־לאַפּ, פרעסט זיי אוף.
טראַלאַלאַ, טרילילי,
ראַז, דווא, טרי!

ז אַ ל מ ע ן: שיינע געפּאַשעס, וואָס ציטערן נאָר פאַר זייער הייטל: אַבי זייער געפּעשל — מעג פון זייערט וועגן קאָל־איסראָעל אַפילע די קאַפּאָרע ווערן. און אַזעלכע הייסן נאָך ראַכמאָנים בעניי ראַכמאָנים, אויהאַוויי איסראָעל! און אַף אַזעלכע עפּנט זיך נאָך סאָנים אַ מויל צו זאָגן, אַז אַלע זיינען מיר איין קאָהאָל, יאַד אַכאַס... אוי, אונזערע רעב יויכעִנצעס, אונזערע פירער, אונזערע טאַכלעס־פאַרזאָרגער און דאָס גאַנצע אידישע ראַכמאָנעס! — — —

ש מ ו ל י ק (שאָקלט מיטן קאָפּ, טוט אַ פייף און זינגט טרויעריק).

ניִשטאָ אין נעסט קיין טייבעלעך מער,
ניִשטאָ מער דאָרט קיין פרידן.
צו לעבן איז די אלטע שווער
אליין אָן זיי׳רע פלידן.
טראַלאַלאַ, טרילילי,
ראַז, דוואַ, טרי!

שרייסט כאַי וועקאַיעם, געשמאַיע אייך פאַר־פול, אידישע קינדער!... (דרייט זיך איבער אף א פוס און גייט, מאכנדיק דערביי ראז דווא, טרי. דער אוילעם צעגייט זיך אין פאַרשידענע זייטן).

# XI. די טאַטעס פון דער האַסקאָלע.

## 1. ווי דער מאַלעך פון פּאַרנאָסע האָט אַראָפּגעפירט אידן פונם וועג.

יענער דאָר איז געווען אַ דאָר פון מאַסקילים, כאַקראָנים, הייסט עס, און פון אַקציזניקעס*). די אידן דענסטמאָל האָבן שטאַרק קיין כיישעק ניט געהאַט אָנעמען די „האַסקאָלע”, וואָס מע האָט עס „פון אויבן” פאָרגעשריבן זיי פאַר אַ רעפּוע צו זייערע אַלע מאַקעס, זיי האָבן זיך געשטעלט און געזאָגט: „שקאָלעס ני זשעלאַיעם!” — שקאָלעס, הייסט עס, ווילן מיר ניט. — — — גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, וואָס עס וואָלט געווען דער סאָף, — — — ווען ניט דער מאַלעך פון פּאַרנאָסע זאָל זיך ניט געווען אונטערכאַפּן מיט הילף אין דער בייזער שאָ, ניט היינט געדאַכט. אָט דערדאָזיקער מאַלעך פון פּאַרנאָסע, וואָס דרייט דאָס רעדל פונם אידישן מאַזל מיט דער גאַנצער לעבנס־געשיכטע זינט גאָלעס־מיצראַים ביז היינטיקן טאָג; וואָס גיט מיט דער פולער האַנט קאָוועד די נעגידים און כאָכמע יענע, וואָס מיט ברייטע, פולע קעשענעס — ער האָט זיך געגריבלט אין אַלע יענע מינע פּאַרנאָסעס, וואָס זענען געווען בעקויעך אַראָפּצופירן אידן פונם וועג אין געוויסע צייטן, און נישט געפונען קיין בעסער מיטל צו פאַרדרייען זיי מיט האַסקאָלע, ווי דער אַקציז פון בראַנפן. גוט איז עס דערמיט, וואָס די מעמשאָלע זיינע וועט זיך פאַרשפרייטן אומעטום, וואו אידן מעגן זיצן; וואָס ער וועט באַשעפטיקן מיט פאַרשיידענע מינע שטעלעס טויזנטער מענטשן פונם געהויבענעם און געמיינעם אוילעם, און פון זיי ווידער וועלן האָבן שעפע שיינקערס, באַל־אַכסאַניעס, אַרבעטער, באַלמעלאָכעס, קרעמער, סטאַם באַלעבאַטים און אויך אַפילע מעקאַבלים, קלייקוידעש, באַטלאָנים, קאַבצאָנים; און וואָס נאָך, וואָס דער אַקציז פאַר זיך אַליין, בראַנפן, הייסט עס, האָט גענוג קויעך צו געוועלטיקן איבער דעם מענטשנס נעשאָמע. שטאַרקער פון מאַשקע איז נישטאָ אין דער וועלט. מאַשקע נעמט צו דאָס געלט, דעם סייכל און דאָס האַרץ, מאַכט וואָס טרייפע קאָשער און וואָס קאָשער — טרייף. און פאַר די אַלע מאַילעס, ארויסגעזאָגטע און ניט אַרויסגעזאָגטע דאָ, וועט אידן ניט אַזוי אַרן די גיינג פון די אַקציזניקעס, די גאַבאָים פון דער מאַשקע, וואָס קימאַט אַלע וועלן ניט זיין קיין צאַדיקים,

*) אַרענדאַטאָרס פונם בראַנפן־פּאַרקויף ("אָטקופּ"). פלעגן אָפּקויפן בא דער מעלוכע דאָס רעכט פון פאַרקויפן בראַנפן אין שטאָט און אין דאָרף און אָפּצאָלן דערפאַר פריער אַ געוויסע סומע „אַקציז”, ד. ה. אומדירעקטן שטייער.   י. י.

און מע וועט זיי מוכל זיין אַף אַלע אַווייִרעס, וואָס צו גאָט און וואָס צו לייט, אויך אַף אזעלכע אַווייִרעס, וואָס מע טאָר ניט זאָגן. און אַז מע וועט זיך מאַכן ניט ווּסנדיק, אַוועקוקן פון די גרעסערע, וועלן זיך נעמען צו ביל־דונג די קלענערע. עס וועלן ווי גרינע גראָז זיך אָנהויבן ווייזן יונגעלייט, פריש־צאַפּלדיקע מאַסקילים, אין שטעט, אין דערפער, וועלן לערנען, אַריינקוקן אין די ביכלעך, פריער בישטיקע: אַף בוידעמער, אין קעלערס, אין דער ווײַ־בערשער שול, אויך אין באָד, לעהאַוודל, און דערנאָך שוין גאַנץ אָפן אַריינ־גיין אין שולן, גימנאַזיעס, אוניווערסיטעטן, טראָגנדיק פּאָרמעס מיט מעשענע קנעפּ. עס וועט זיין לאַיהודים, אידן — ליכטיק, און די וועלט, גאָים, הייסט עס, וועלן גאָר אָנקוועלן.

און אַזוי טאַקע איז געשעען! אין יענע שלעכטע צייטן, אַז ס'איז געווען ביטער און „פינצטער", האָט זיך איבערגעדרייט מיטאַמאָל דאָס רעדל — אידן האָבן גענומען די אַרענדע פון בראַנפן, האָבן זיך באַלד א ווייז געטאָן אין דער אידישער גאַס אַקציזניקעס, און א פריש־מעכאַיעדיק ווינטעלע האָט גע־ווייט אין די געצעלטן יאַנקויווס!

און אַקציזניקעס זענען געווען פאַרשיידענע, פון אַלערליי סאָרטן מענטשן. דער מיטעלער סאָרט פון זיי—סטאַם־אַקציזניק, הייסט עס.

## 2. „סטאַם־אַקציזניקעס"

דערדאָזיקער מין סטאַם־אַקציזניק איז געווײנטלעך אַ געבוירענער ערגעץ אין א אידיש שטעטל. דער טאַטע זיינער, עליאָקום־געצל, א איד א קאַבצן, אַ לייטישער אָנגעזעענער אָרימאַן, האָט אים א נאָמען געגעבן פּייוועש, און אים מעגאַדל געווען, ווי דער שטייגער איז, לעטוירע אולעכופּע. טוירע האָט ער געלערנט קינדוויס אין כיידער און באָכערוויס אין אַ יעשיווע, אַגעוו טאַקע כאַסענע געהאַט, און דערנאָך... אַוועק אָדער אַנטלאָפן פון זיין שטעטל, פון זיין „געבירט" און פון זיין פלוינעסטע, דאָס מיינט מען זיין ווייב, אַף א צייט־לאַנג, אָדער אַף לעאוילעם־וואָעד. אַצינד טראָגט ער זיך דייטש, מיט דער מאָדע, מיט ווייסע קרעגנדלעך וועבעלנע, אָדער עפשער גאָר פּאַפּירענע, וואָס צוויי אַ גראָשן. דאָס רעקעלע זיינס, וואָס איז אים מאַמעש אַ דערקוויקעניש, פאַרקירצט ער אַזוי, אַז דערגרייכט קוים ביזן העלפט געזעסל, מעכילע אַף צו־לאָכעס דער קאַפּאָטע, אָלעאָ־האַשאָלעם, וואָס האָט זיך געשלעפּט באַ אים אַמאָל ביז די פּיאַטעס. דאָס אייגענע טאַקע איז באַ אים אויך מיט די פּייעס. זאָל דער אויבערשטער שוימער אומאַצל זיין, אַז פּייוועש בען אליאָקום־געצל זאָל איבערלאָזן דערפון כאָטש עפּעס אַ סימען! דערפאַר א „טשוב" פאַרלאָזט ער זיך דאַווקע אַ גרויסן. מיט דער באָרד און וואָנסעס האָט ער געגוג אַרבעט. פריער פּוצט ער די באָרד מיט אַ שערל, און דערנאָך גאָלט ער זי גאָר אָפּ, צו אַלדע רוכעס. די האָר שמירט ער, זיי זאָלן גלאַנצן, אָנלייגנדיק געגוג פּאָ־מאַדע, און באַ עפּעס אַ סימכעלע באַשפּריצט ער די קליידער מיט פּאַרפומע, עס זאָל שמעקן. זייער וויכטיק איז באַ אים דאָס גיין אָן א היטל. באַלד ווי

ער קומט ערגעץ אַריין, איז איידער ער טוט אויס די קאַלאָשן, נעמט פון זיך אַראָפּ דאָס מאַנטל, שטייט ער שוין מיט אַ הוילן קאָפּ, און נישט דאַווקע אַריינקומענדיק אין א הויז, וואו מענטשן, נאָר אין א וועלכן געביי ס'איז, אַפּילע אין אַ סעריי, אין א שטאַל אוכעדוימע. האַקלאַל, אַלע גאָישע זאַכן, וואָס פּייוועש האָט אָנגענומען, היט ער פּיל מער אָפּ, ווי דער גאָי אַליין, ווייל וואָס ניי, איז זייער כאָשעוו. און נאָך מער דערפון, ווייל עס פּילט זיך עפּעס אַ באַזונדער טאַם אין דעם, וואָס מע טאָר נישט. אַ ציגאַר, אשטייגער, יאָנטעוו רויכערט זיך זייער געשמאַק דעם פרומען אידן, ווייל עס קומט אים אויס עפּעס אַ כידעש — רויכערן ווען מע מאַכט קידעש, מע עסט פיש, יויך און צימעס! און שאַבעס אַ ציגאַר איז שטאַרק געשמאַק דעם ניט־פרומען, ווייל רויכערן שאַבעס איז פאַרבאָטן. פּייוועש שעמט זיך ריידן אידיש און שניידט אַ מין גאָיש, משטיינס־געזאָגט, אומבעראַכמאָנעס, אַזוי אַז ער מאַטערט אָפּ זיך אַליין, נעבעך, און יענעם ווערט נישט גוט הערנדיק. ווי פּערל שיטן זיך אים פון מויל, הויך און שאַרף, נאָר יענע מיעסע זידל־ווערטער, און אויך יענע מיִּאוּע ווערטער, וואָס ווערן געברויכט אין די אַקציזנע קאַנצעליאַריעס, ווי אַשטייגער: אָטנאָשעניע, ראַספּאָראַזשעניע אוכעדוימע. פּייוועש איז שוין באַ אים פּע, ער לאָזט זיך רופן פּאַוונוטיע אַקימאָוויטש, און אַ שטיק געזונט קומט אים צו הערנדיק, אַז דער צעלעם־עלויקים איז פון אים אַראָפּ. אַזאַ מין שוואַך גיט אים אונטער שטאַרק כיישעק נאָך מער פּאָמאַדע אַרופלייגן אפן קאָפּ, נאָך מער קוקן אין שפּיגל און לערנען זיך האַלטן די נאָז אַזוי, אַז זי זאָל ניט אויסגעבן אים פונוואַנען ער שטאַמט. אין דאָרף, אָדער אין שטעטל, וואו עס קומט אים אויס צו וואוינען, רייבט ער זיך אַרום דידאָזיקע באַאַמטע און פּריצעמלעך, עס ציט אים זיצן מיט זיי באַם גרינגעם קאָרטן־טישל און עסן באַ איין טיש מיט זיי. איז באַ זיי אַ כאָגע, אָדער אַ געבורטס־טאָג, פּוצט ער זיך אויס יאָנטעוו־דיק, קאַרגט ניט אף זיך קיין פּאָמאַדע, קיין פּאַרפומע און קומט, גוט־יאָנטעוו־בעטן, מאַזלטאָוו אָפּגעבן מיט א פאַרבויג און מיט א מאַטאָנע. און אז דאָס מאַזל שפּילט אים און ער איז זוכע צו זיין פאַרבעטן ווי א גאַסט צום טיש, מישט ער מילכיקס מיט פליישיקס, קאָלבאַסן מיט קעז איניינעם, עסט, רייבט אַף וואָס די וועלט שטייט, אַלע זאָלן זען, אַז ער האַלט ניט פון זאַבאַבאָנעס, ווי יענע פאַנאַטיקער. פונם פאַרפלאַמטן פּאָנים און די אויגן זיינע, וואָס וואַרפן זיך בעשאַס־מאַיסע אין אלע זייטן, זעט אויס, ווי ער מיינט, אז ער טוט זיי דערמיט אַ טויווע, וואָס זיי וועלן עס אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן. און אַז זיי שפּאָטן, ווי געוויינטלעך, פון אידן, אָדער טאַקע פון אים אליין, קלאָמערשט גוטברודערשאַפט, איז אמאָל שווייגט ער, ניט וויסנמאַכנדיק זיך, און אַמאָל לאַכט ער אויך פון שאָלעם וועגן. באַלד באם אופשטיין אינדערפרי, נאָך האָט ער די הענט ניט געוואַשן, דאָס מויל ניט אויסגעשווענקט, כאַפּט ער זיך עסן, כאָטש עס ווילט זיך אים ניט, נאָר קעדיי מעקאַיעם צו זיין די אַווירע פון עסן אנשטאָט דאוונען. פונדעסטוועגן איז ער גאָר נישט אזא ראָשע אקעגן גאָט, ווי עס דאכט זיך. אין הארצן בא זיך איז ער א באַל־טשואווע, בעט איבער דעם ריבוינע־שעל־אוילעם. אף א טייל אווירעס איז ער אים מוידע, און אף

א טייל ברייננט ער אים א העטער פון פיל ערטער געוויסע, וואו עס שטייט, אז מע מעג. אָדער ער ווייזט אים אויס, אז אייגנטלעך זיינען זיי געמאכט געוואָרן נאָר קעדיי צו פאַרהיטן דורך זיי פון אוויירעס. עפנטלעך עסט ער גאָיִשע מאכאָלים, דאָך, אז ס'קומט אים אויס אמאָל עסן אידישע מאכאָלים, עסט ער מיט אפעטיט, שמאָכנדיק דערביי פאר זיך מאכמעס גרויס האנאָע. דעסטגלייכן איז ער ניט אזוי שלעכט אויך צו לייט — ער איז זייער גוט צו אידישע טעכטער, פארהאלט זיך נישט אזוי ערנסט, פונדערווייטנס, אָפּהיטנדיק זיך מיט אַ וואָרט, ווי פרעמדע מענטשן צווישן זיך, גאָר פריינטלעך, מיט ליבשאַפט, ווי מיט אייגענע שוועסטער, איז מיט זיי א גאָענטער שמעלקע, וואָס אף דער לונג, דאָס איז אים אף דער צונג, נישט מאכנדיק, כאָלילע, א אונטערשייד צווישן א באלעבאטישע טאָכטער און א דינסט, אדעראבע, — די, וואָס א אָרעמינקע, איז א מיצווע זי מער מעקארעוו צו זיין, זיין צו איר נאָך מער צוגעלאָזט. עס האָט זיך געמאכט אמאָל א מאיסע מיט דער טאָכטער פונם באלעבאָס, וואו ער איז געשטאַנען סטאַנציע, א אויסגעגעבן ווייבל אין דער פרעמד ערגעץ אין א שטעטל, וואָס איז געקומען אהיים, זען זיך מיט דער מישפּאָכע. אַ סימכע, א פרייד באם קומען אירס אף איטלעכן אין שטוב, אלע קושן זי, האלזן זי, און זי קושט, האלזט יעדן באזונדער. און בעשאס כעדווע איז פּייוועש אויך דאָ אינדערמיט,ביידע, ער מיט איר, האלזן זיך, קושן זיך אף דער זייט, אף יענער זייט פּאָנים גאָר אין איין אָטעם. אז ס'איז אריבער די הייסע רעגע, דער אוילעם האָט זיך אָפּגעקילט אַביסל, הויבט־אָן דאָס ווייבל צוקוקן זיך צו די קרויווים, אויספרעגנדיק איינעם נאָך דעם אנדערן, וואָס ער מאכט, וואָס ער טוט? און אז ס'קומט צו פּייוועשן און זי שטעלט אויס אף אים אַ פּאָר אויגן פארוואונדערט, טוט ער זיך א כאפּ, מאכנדיק אויך פארוואונדערט: וואָס הייסט! ווער איך בין ווייסטו ניט? איך בין דאָך — דער היגער אקציזניק!!...

און בעעמעס טאָקע איז א אקציזניק געווען א גרויסער פארנעם אין זיין אָרט, ווייל פיל מענטשן האָבן באדארפט צו אים אָנקומען. ווער שמועסט די שיינקארעס, וואָס רעכענען זיך אין שטאָט פאר שיינע, אָנגעזעענע באלעבאטים און שפּילן א ראָלע קימאט ווי די וואָכערניקעס דאָרט, זיי זענען געלעגן באם אקציזניק אין דער האנט און געהאט פאר אים דאָס נייניעריקע קאדאָכעס.

שניידער באדכאָנים אוכעדוימע כעוורע פ"ק, די פּאָלקס־פּאיטאָנים, וואָס מאכן לידלעך אף אלע מינע שלעק, מישלאכעסן אין יענער צייט, און מע זינגט זיי דערנאָך אומעטום צווישן דעם אידישן אוילעם — זיי האָבן עס געמאכט אף די אקציזניקעס פון פּייוועשעס שניט נישט מער, ווי דאָסדאָזיקע לידל:

„און אקציזנע יונגעלייט
זענען פארשייט:
גאָלן די בערדעלעך
און פּאָרן אף פערדעלעך
גייען אין קאלאָשן,
און עסן אומגעוואשן.

זיי גייען אין די טראַקטירן,
טרינקען טיי
און דעם ווייבל איז ווינד און ווי.

און דאָס איינציקע לידל אַפילו איז אויך נישט געווען פאַרשפּרייט צווישן דעם פֿאָלק און ס'איז ניט אָנגענומען געוואָרן, גלייך ווי פֿיל שטיקלעך פּיוט אַזוינע, צו זינגען עס באַם אוילעם. און דאָס דינט פֿאַר אַ באַווייז, ווי שטאַרק די פּאַרנאָסע ווירקט, אַז זי איז מעכאַפּער אַף אַלע זינד.

## 3. די, וואָס ציען די כאַיונע אַרום דעם אַקציז.

נידעריקער מיט אַ שטאַפּל פֿונם מיטעלן סאָרט אַקציזניקעס זענען יענע, וואָס אָנגעשטעלט געווען אין „גאַראַלניעס", אין אַמבאַרן, שפּייכלער, קעלערס פֿון בראָנפֿן און שאָמרים אַרומפּאַרנדיקע אַף פֿערד. צווישן דידאָזיקע לייט איז אַ אויסמישעניש פֿון אַלערליי מינע נעפֿאַשעס: געוועזענע קרעמערלעך, מאַרק־מענטשן, מעקלערס, מעשאָרסים אין אַכסאַניעס. צום טייל גרויסע גראָבע יונ־גען, „געשלאָגן אַף דער איוורע", וואָס האָבן באַקומען שטעלעס נאָר צוליב דעם, וואָס זיי זיינען אַרץ־פּיאַסקע־אַזעספּענימער, מיט הערצער פֿאַרשטאָקטע, האַרטע ווי שטיין, און אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געקענט, משטיינס־געזאָגט, קוים רעכענען ביז „טישבוירעס", דורך איבערגעגעבענע זיי בעסאָד־סוידעס עפּעס אַזוינע מינע קלאָלים, און מאַכן „קייפּל" אַף די צונויפֿגעשטעלטע פֿינ־גער, ווי אויך אַרויס מיט אַ גאָיש וואָרט, משטיינס־געזאָגט, אַז מע האָט באַ־דאַרפֿט אַמאָל.

עס זענען דאָ אין דעמדאָזיקן פּעקל אויך געוועזענע מעלאַמדים, וואָס מיט זייער בייזקייט, מיט זייער פֿריי־זיין אַף דער האַנט זענען זיי ווי געוואונשן צוגעפּאַסט צו זייערע איצטיקע שטעלעס. עס געפֿינען זיך דאָ אין צעטל אויך באַטלאָנים, טויגעניכטסן, גאַרנישטן, סווישטשעס, וואָס האָבן קיין פֿינגער אין קאַלט וואַסער קיינמאָל ניט אַריינגעטאָן, טויגן ניט אַ קאָץ אָן עק צו פֿאַרבינדן, שטייען ווי די אָנגעמאָלטע, ליימענע גוילעמס אַף זייערע שטעלן, און פֿרעגט זיי בעכיירעס, וואָס טוט זיך דאָ מיט זיי אַזוינס — דאָס זענען אָרעמע קרויווים פֿון די געהויבענע אַקציזניקעס, פֿון זייערע ווייבער, פֿון זייערע ליבהאָבער און ליבהאָבערנס, אָדער פֿון גווירים, נעגידים, מאָסרים און טקיפֿים, וואָס מע האָט געמוזט צוליב־טאָן און געבן זיי שטעלעס פֿון יויצע־וועגן.

אָט דידאָזיקע מוישע־מעכויעוואַניקעס זענען געבליבן דאָס, וואָס זיי זענען געווען, ניט אַראָפּגענעמענדיק זיך פֿונם רעכטן וועג, כאַסוועשאָלעם, טאַקע די אייגענע ווי פֿריער: מיט די אייגענע קליידער, מיט די אייגענע נעמען, כאַצקל געהייסן און כאַצקל געבליבן, אויך מיט דעם אייגענעם לאָשן, גערעדט מאַמע־לאָשן, אידיש, הויך מיט אַ ניגן, מאַכנדיק מיט די הענט, נישט נאָר צווישן זיך, נאָר אויך מיט דעם אָדן זייערן. אז דער אָדן פֿלעגט אַמאָל פּלוצלים אָנפֿאָרן מיט דער פּאָרסע און זיי אַ פֿרעג טאָן עפּעס וואָס ס'איז, פֿלעגן זיי ענטפֿערן קורץ און שאַרף: מיר ווייסן גאָרנישט, רעב... רעב (אַזוינער און אַזוינער) האָט

אונז דאָ אַנידערגעשטעלט, און מיר שטייען. פונדעסטוועגן, אַ שטיקל אַפּיקאָר־
סעס האָט זיך צו זיי דאָך צוגעקלעפּט — די באָרד און פּייעס, אַשטייגער, פלעגן
זיי אויסקעמען אין מיטן־וואָך און אַמאָל טאַקע שאַבעס אויך. די נאָז פלעגן
זיי ניט שנייצן פראַנק און פריי, איטלעכן אין די אויגן, נאָר זיי האָבן זי, די
נאָז, הייסט עס, געלערנט דערעכערעך, אָפּטאָן איר זאַך שטיל, אין דער זייט,
און טאַקע אָפּווישן זיך מיט א טיכל, נישט דאַווקע מיט דער האַנט, אָדער מיט
א עק קאַפּאָטע. דעם דאַוונען פלעגן זיי אַמאָל אָפּמאַכן בעקיצער, ווי מע זאָגט:
„שור־בור ומפליא לעשות". פאַר דעם אָדן זייערן פלעגן זיי אַראָפּנעמען דאָס
היטל און שטיין פאַר אים מיט א הוילן קאָפּ. זיי פלעגן אמאָל הערן ניט קיין
שיינע ווערטער פון זייערע כאַווירים, אַקציזניקעס, נישט אָנצובייזערן זיך אף
זיי. אַדעראַבע, אָפּט פלעגן זיי נאָך דערפון האַנאָע האָבן. יענע גראָבע יונגען,
מיעסע אַמעראַצים צווישן די אקציזניקעס, פלעגן ריידן ניבל־פּע, טאָן אַ
אַווירע, ניט בעקיוון, אף לעהאַכעס, כאָלילע, נאָר פּאָשעט דערפילן דערמיט
זייערע טאיוועס. אויסגענומען די געוועזענע מעלאמדים, זיי האָבן געטאָן טאַקע
א אווירע בעקיוון, צוליב דער אווירע אַליין. דער כילעק צווישן זיי און סטאם־
אקציזניק פונם מיטעלן סאָרט איז נישט מער אין דעם: יענער האָט געזינדיקט
און האנאָע געהאט, און זיי האָבן געזינדיקט און קיין האנאָע ניט געהאט. יענער
האָט געזינדיקט מיט שאטנעז, אשטייגער, אין א מאלבעש, און זיי — אין א
לאטע פון וואָל אף צעריסענע לייוונטענע פּלודערן. יענער האָט געזינדיקט,
מישנדיק פליש מיט מילך, האָט ער געגעסן א הינדל מיט פוטער, אויך פאַר־
טרונקען מיט „נעסעך", דעם טייערסטן ווייַן, און זיי — האָבן געגעסן א פּיסנע
קאָליש, געקאָכט אין א פליישיק טעפּל, מיט א מילכיקער לעפל. און דער ווייַן,
וועלכן זיי האָבן אמאָל זיך פאַרגונען טרינקען, נאָכדעם ווי זיי האָבן אים
געמאכט „נעסעך" דורך דעם אָנרירן פון אַ גאָי, איז געווען ראָזינקעס־ווייַן.
דאָס איז נאָך גאָרנישט, זיי פלעגן זיך נאָכאמאָל גאָר נויטן צו טאָן א
אווירע, כאָטש זי איז פריקרע, אקעגן זייער נאטור, ווי, אשטייגער, עסן
ראקעס.

## 4. די געהויבענע אקציזניקעס.

אַ העכערער גראַד פון דעם מיטלסטן סאָרט זיינען געווען די געהויבענע
אַקציזניקעס — „אופראַווליאַיושטשעס", אַשטייגער, וואָס איטלעכער אין זיין
אָרט איז געווען אַ גרויסער פּאָריץ, געהאַט צו זאָגן איבער אלצדינג, וואָס שאיעך
צום אקציז. אויך רעוויזאָרן, שרייבערס, בוכהאַלטערס, סעקרעטאַרן אין די
קאנצעלאריעס און אין דער הויפּט־קאַנטאָר פונם אָדן איבער אלע אדוינים, פּאָ־
ריץ איבער אלע פּריצים, פונם ארענדאַר, האגוויר האגאָדל וועהאנוירע — פון
אים אליין! מיינסטנס זענען דידאָזיקע געווען פאַרשטענדיקע, געבילדעטע, אָרנט־
לעכע. לייטישע מענטשן.

אָט דידאָזיקע אַלע מינע אקציזניקעס, פון קליין ביז גרויס, זיי זיינען עס
די טאַטעס פון דער „האסקאָלע" אין דעם פריערדיקן דאָר.

און מיט די קינדער זייערע, די מאסקילים, הייסט עס, איז געווען אויך דאָס אייגענע, וואָס מיט די טאַטעס, די אַקציזניקעס. צווישן די מאסקילים איז אויך געווען א ערעוו־ראוו, א אויסמישעניש פון אלע מינים — מאסקילים מיט פולע אָנגעשטאָפּטע קעשענעס און ליידיקע מויכעס, פון סאָכרים, „פּאָדריאַד־טשיקעס" אוכעדוימע. אויך מאסקילים פון מעלאמדים געוואָרענע לערער אין די שולן, וואָס פלעגן אויסלערנען מיט די שילער די ערשטע פּאַרשע „בראשית" און א שטיקל „חיי אדם" מיטן „דייטשרישן איבערזעץ", משטיינס־געזאָגט. כאָ־לילע זאָגן „ברא" באַשאַפן, נאָר „שוף". דאָס זיינען געווען די אפּיקאָרסים, די כאַקראָנים, די „באל־לאָשנס" אין יענער צייט. אויך איז געווען מאסקילים באטלאָנים, וואָס פלעגן זיך קרימען אָף פּיוטים, אופוויינזנדיק אין זיי פעלער, פאַרברייננגען די גאַנצע צייט זייערע אַף איינבייסן אַ האַרבן פּאָסוק, אַ קריי־טיש שטיקל אגאדעטע, געבן מיינסטנס צו פאַרשטיין זייערס אַ אופטו מיט מע־שאָלים פון דעם שטייגער פירונג אין דער וועלט און פון דער פּאָליטיקע. די מעגילע — דאָס איז פאַר זיי געווען אַ אָרט אַריינצולייגן דאָרט טיפע קאַוואָנעס אין די ווערטער פון האָמאָן און אכאשווייראש, געגריבלט זיך מיט אַ קוועטש אין איטלעכס וואָרט פון מאָרדכען און עסטער־האַמאַלקע און עס דערקלערט סייכלדיק אלפּי כאָכמעס הפּאָליטיקע עף־עף! פון „קאַפּאָרעס שלאָגן" האָבן זיי נישט אַזוי געהאַלטן, פלעגן איבערהיפּן געוויסע שטיקלעך „יאָצרעס" און צו־באָמקען יענע, וואָס האָבן פאַרלאַנגט „רעפאָרמעס" אין דעם שולכן־אָרעך.

## 5. די אקציזניקעס און די שטייגער־רעוואָלוציע.

אונזערע ייִדעס האָבן געגלויבט: דאָס גאַנצע לעבן אַף דער וועלט איז נאָר צוליב יענער וועלט. „דער מענטש ווערט געבוירן אַף מעקאַיעם צו זיין מיצוועס לעשעם־שאָמאַים און שטארבן דאָ קעדיי צו לעבן דאָרט". דעריבער איז אלצדינג, וואָס ער געברויכט דאָ אַף דער וועלט, נישט צוליב דערהאַלטן דעם גוף און פון זיין האַנאָע־וועגן, נאָר צוליב דעם, קעדיי מעקאַיעם צו זיין אַ מיצווע. זיי האָבן געגעסן, אַשטייגער, אין אַ וואָכנדיקן טאָג, קעדיי צו מאַכן „המוציא" און בענטשן, און שאַבעס אויך קעדיי מעקאַיעם צו זיין „שלש סעודות". האָבן פאַרזוכט זומער די פיירעס קעדיי מאַכן בראָכע מיט א „שהחיינו". ווייַן האָבן זיי געטרונקען פייסעך מעקאַיעם צו זיין אַרבע־קויסעס. זיי האָבן כאַסענע געהאַט ניט ווי אַלע אַנדערע לייט, נאָר אפן אידישן שטייגער, קעדיי מעקאַיעם צו זיין די ערשטע מיצווע. אין באָד זענען זיי געגאַנגען נישט זיך צוליב, נאָר לעקאָוועד שאַבעס, לעקאָוועד יאָנטעוו. מיטן נעגל־וואַסער און די הענט וואשן זענען זיי ניט אויסן געווען אַזוי דעם פּוק, דאָס ריינקייט, ווי די בראָכע „על נטילת ידים", דעם „אשר יצר". און אַ פּשיטע שוין ניט קיין נויטיקע זאַכן, וואָס גלאט שיין פאַר דעם אויג אוכעדוימע נאָך אַזוינע טאַנוגים — דערפון האָבן זיי קלאַל אוקלאַל ניט געהאַלטן. זאָקן, לייוונטענע טאכ־טוינים, אַ טאַלעסקאָטן און אַ קאַפּאָטע, איינע א וואָכנדיקע און איינע אַ שאַבעס־

דיקע, אָט דרינען איז באַשטאַנען זייער גאַנצע גאַרדעראָבע. אידן זענען נישט קליין געווען גיין צופוס, נישט האָבנדיק קיין קאַרעטעס מיט פערד. זענען אויסגעקומען אין שטוב אָן שיינע טייערע מעבל, אָן פאַרקעטן און מירמלשטיינערנע זיילן, אָן שווייצאַרן מיט טרעסטן, מעשענע קנעפּלעך און אָן גלעקלעך באַ די טירן. די טיר איז געשטאַנען אָפן, ווער עס האָט באַדאַרפט, איז פריי אַריין. איז יענער פאַרגאַנגען העט אַהין צום באַלעבאָס, צו דער באַלעבאָסטע אין שלאָפצימער, איז אויך געווען נישקאָשע. אין יענער צייט זענען ניט געווען בענימצע קיין אידישע „טשינאָווניקעס", קיין ראַבינער, קיין סטראַפּציעס און געשוואוירענע אַדוואָקאַטן, קיין אידן מיט אויבעלעך, מיט אָרדענס און מיט טיטלען, כוץ פאַרנעסיי־כאַדאָשים און קאָהאָלס־לייט: שאַמאָסים, כאַפּערס, קאַבראַנים, מעלאַמדים, ראָשע־יעשיוועס, פּרושים, קלייקוידעש, קאַבצאָנים, מעקאַבלים און באַטלאָנים. די צייט איז זיך געגאַנגען איר וועג, אידן זיצן זיך וואו זיי מעגן, גאַנץ אידישלעך — די יאַרמולקעס מיט די היטלען אַף די קעפּ, שוויצן געשמאַק, און גאָרנישט! וואָס הערן זיי א וועלט? איין איד שטעלט אַרויס אַ פייג דעם אנדערן, קליין און גרויס אַלץ איינס, „כל ישראל אַחים" — אַלע גלייכע פּריצים!... דאָרט באַ זיך, אַף דער אידישער גאַס, זענען אידן טאַקע בעניי־מעלאָכים, פּרינצן, האָנאָרעוואַטע, אָבער באַם אַרויסגיין אין דער וועלט, צווישן לייט, לייגן זיי אַוועק אין דער זייט זייער קאָוועד, זייער שטאָלץ, באַקומען, משטיינס־געזאָגט, אַ פּאָנים פון קנעכט, קניען זיך, בוקן זיך, דערנידעריקן זיך פאַר אַ ליאַדע פּאָריצל צוליב דאָס שטיקל זינדיקע פּאַרנאָסע, שטייען פאר אים אָן אַ היטל, אַלץ מיט אַ פאַרבויג, מיט א כניפעלע, אי מוירע, האָבנדיק, אי מעוואַטל־זייענדיק אים אין האַרצן צו גלייכער צייט.

און די אַקציזניקעס, אָט די נייע מינע פאַרשוינען דענסטמאָל, זיי זענען עס געווען, קען מען זאָגן, די ערשטע אין דער אידישער גאַס, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט פון אַנדערע מיט זייער שטייגער לעבן, מיט זייער האַלבאָשע, מיט אַלע גיינג און די פירונגען זייערע. זיי האָבן עס אָנגעהויבן ווערן „טשינאָוניקעס", באַאַמטע, העכערע און קלענערע, שטייענדיק איינע אונטער די אַנדערע און הערנדיק איינע די אַנדערע לויט די שטעלעס, וועלכע זיי האָבן פאַרנומען. דער עלטסטער, דער גרעסטער פון די אַקציזניקעס, האָט געפירט דאָס רעדל אין זיין גובערניע ביגראַנדע, האַלטנדיק יעדן אין דער מוירע. זיין הויז איז טאָמיד פול געווען מיט מענטשן — דער איז געקומען בעטן אַ שטעלע, און יענער בעט, מע זאָל אים פון דער שטעלע זיינער ניט אָפּזאָגן. איין שיינקער קלאָגט זיך, וואָס מע האָט אַוועקגענומען זיין בראָנפן, און דער אַנדערער בעט ראַכמים אַראָפּצונעמען פון אים דעם קנאַס, וואָס מע האָט אף אים אַרופגעלייגט. איטלעכער קומט מיט זיינס, אַלע שטייען אָן היטלען, וואַרטנדיק אין פאָרצימער די שאָ, וואָס מע וועט רופן איינעם נאָכן אַנדערן צום אָדן האַגאָדל אין קאַבינעט. און מעשאָרסים, באַדינער, לויפן ווי די רוכעס אַהינאַהער, גייען פאַרביי דעם וואַרטנדיקן אוילעם שווייגנדיק מיט שטאָלץ, און אַז וואויל איז יענעם, וועלכער איז זוכע צו כאַפּן פון זיי אַ וואָרט, אַ בליק. אָט דידאָזיקע ניי־מאָדנע לייט זענען פאַרעכנט געווען בא אידעלעך, שוואַכנדיקע,

ציטערנדיקע, ווי עמעסע פריצים. סטייטש, זיי האָבן דאָך אויך אוילעמאַזע: זיצן אין שיינע דירעס, פּאַלאַצן, מיט טייער מעבל, טראָגן אַפילע אינדערוואָכן שיינע בגאָדים, פאָרן אין קאַרעטעס, און דער שליסל פון פּאַרנאָסע איז באַ זיי אין די הענט. מיט אַזעלכע אַדוינים, א קלייניקייט עפּעס, איז ניט שאַיעך זיך אופצופירן קעמינעג איד, פּאָשעט, אָן צערעמאָניעס, אָן דערעכערעץ, ווי אכיינו בניי־איסראָעל צווישן זיך. פאַר אַזעלכע מעג מען זיך דערנידעריקן, בוקן זיך, קושן די הענט, שטיין אָן א היטל און מאַכן זיך אָפּער־וועאייפער, נישקאָשע!

נאָך דעם גרויסן קאָוועד האָט מען אַזעלכע אָקציזניקעס אָפּגעגעבן צוליב דער פּאַרנאָסע. אין האַרצן האָט מען פון זיי געטראַכט אַנדערש ווי גערעדט מיטן מויל, ווייל זיי האָבן זיך דאָך ניט געפירט אידישלעך.

## 6. די האסקאָלע־מאַגייפע.

טכילעס, ווען די „האַסקאָלע", די בילדונג, הייסט עס, איז אַריינגעפאַלן אין דער „אידישער גאַס", איז זי — ווי ס'איז שוין דאָ אויבן געשטאַנען — גע־גאַנגען ווי א מאַגייפע, ניט־הײנט־געדאַכט, אָנכאַפּנדיק א אידן פלוצלים. עס זיצט זיך אַ איד על התורה ועל העבודה, אָפּגעשיידט פון דער וועלט, ווייסט ניט מער ווי גאָט און ציצעס, נעמט ניט אין מויל קיין זאַך, אַפילע קיין טרונק וואַסער אָן בראָכע — פּלוצלים, אוי־ווײ! טוט אים א נעם די קליפּע, קערט אים איבער אף דער „לינקער" זייט, און ער ווערט, הייסט עס, געבולבעט! אָדער איינער פון די יעשיווע־באָכורים, אַ באָכער אַ געזונטער, מיט הענט, מיט פיס, וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם יאָך פון אַרבעט, עסט טעג — באַ איטלעכן באַלעבאָס, הייסט עס, אַ טאָג אין דער וואָך, און קוועטשט די באַנק, — פּלוצלים געפינט זיך, מאַיסע־סאָטן, צווישן די בלעטלעך פון דער אָפענער געמאָרע זיי־נער האַסקאָלע־ביכלעך. אַי־אַי, ער איז גאָר א ווערעמעדיקער באָכער!... א אישע צנוע, אַשטייגער, איז זיך מעקאַיעם די דריי מיצוועס, „חנ"ה", אירע, גאָלט ווי געהעריק דעם קאָפּ, באַדעקט אים גוט מיט אַ קאָפּקע, לייגט קנייטלעך צו די ריינע נעשאָמע־ליכט, וויינט — קלאָגט בא די טכינעס. פּלוצלים כאַפּט זי דער רוך, מאַכט אין איר א איבערקערעניש — וואַרפט זי פון זיך אַראָפּ דעם שלייער, טראָגט אייגענע האָר ווי די הולטאַיקעס. וואָס נאָך? זי לייגט אַרונטער הינטן, מעכילע, אונטערן קלייד אַ קישעלע, עס זאָל אויסקומען גרעבער, מיט דער מאָדע, און ברעכט די צונג, נעבעך, צו פלאַפּלען עפּעס אַ מין גאָיש... און אזוי ווי בעשאַס א מאַגייפע היט מען זיך שטאַרק, אויסצומיידן עפּעס וואָס־ס'איז א שעדלעכע זאַך, אַזוי האָט מען אויסגעווייכט יענע לייט, וואָס זענען געווען איינגעשטעקט פון דער האַסקאָלע.

ווען וואָלט עס גאָר אַרופגעקומען אַפן געדאַנק, אז אף בענצען זאָל אויך קומען די מאַגייפע! טאַקע זייער ריכטיק זאָגן אונזערע כאַכאָמים: „בעשאַס אַ מאַגייפע קלייבט דער מאַלעכאמאָוועס ניט איבער" — און בענצע־צאַדיק, ווי איז אים, איז אויך געכאַפּט געוואָרן ווי א פויגל אין דער נעץ. פּאַרוויסט איז ער און פּאַרוויסט איז דאָס לעבן זיינס!

בענצעס קוילער, דער מאַלעכאַמאָוועס זיינער, איז געווען אין געשטאַלט פון אַ ליטוואַק, אַ מעלאַמעד! אויסגעזעען האָט דער מעלאַמעד אַ גאַנץ פּרומער איד, אַ קאָשערע נעשאָמע, מיט באָרד און פּייעס. ער איז געווען אַ לאַמדן מופלעג, געקענט טאַנאַך ווי אַ וואַסער. גערעדט האָט ער שטיל, געלאַסן, אַף אַביסל אַ הייזעריקלעכע שטימע, און פון אים האָבן זיך געשאָטן פּערל. זיין מאַלבעש איז געווען ריין אָן אַ שפּרינקעלע, אָן אַ פלעק, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל באַ אַ אידן, פון אַ שמיר מיט דער נאָז, אָדער מיט די פינגער נאָך אַ פעט עסן. אַלע האָבן פון אים געהאַלטן, מעכאַיע־נעפאָשעס געווען זיינס אַ וואָרט. זיינע טאַלמידים זענען געווען באָכורים, כאַסאַנים, וואָס זענען שוין אַליין פאַר זיך שטיקלעך מענטשן, און דאָס וואָס זיי לערנען, לערנען זיי עס ניט געצוואונגען, נאָר מיט זייער אייגענעם ווילן. באַם לערנען מיט זיי טאַנאַך פלעגט ער אויס־מישן ראַשע מיט ביאור, מעדרעש מיט פשאט איניינעם, צוגעבן נאָך דערצו אַמאָל שאַרפע טראָפּנס כקירע איבער ניסים, ווי שפּאַלטן דעם יאַם, אַשטייגער, אוכעדוימע, האַרבע קאַשעס איבער "ידיעה ובחירה", "שכר ועונש" — דאָס הייסט, אַז גאָט ווייסט נאָך פריער דעם מענטשנס מאַיסים שפּעטער, טוט דאָך דער מענטש זיי ניט מיט דעם פרייען ווילן, פאַר וואָס־זשע זאָל ער דערפאַר באַ־לוינט אָדער באַשטראָפט ווערן? — פון דעמדאָזיקן רעצעפּט פלעגט ער די טאַל־מידים איינגעבן אַ היפּשע פּאָרציע, עס זאָל אָפּרייניקן די נעשאָמע פון צוגע־קלעפּטע, איינגעגעסענע אין איר פוילע זאַכן. דאָס איינעמעניש האָט געווירקט, עס האָט אינעווייניק אין זיי געווירן, געיוירן — און זיי זענען געוואָרן אויפגעוויירן...

און פאַר די זינד פון סינעס־כינעם, וואָס בענצע פלעגט פיינט האָבן ליט־וואַקעס, אָפּלאַכן פון זיי, זיצנדיק אין שטיבל מיטן פּעקל כסידים, האָט דאָס פינצטערע מאַזל זיינס אָנגעשיקט אַף אים אָט דעם מעלאַמעד, דעם ליטוואַק־געלאַסן, מיט גלאַטע, זיסע ווערטלעך האָט דער מעלאַמעד זיך צוגעשאַרט צו בענצען און אים גאָר צעטומלט, באַצויבערט מיט זיין גלאַט צינגל, ווי יענע פּאָקוסניקעס, וואָס ווייסן אַ שפּרוך צו פאַרצויבערן שלאַנגען. מיט צוקער־זיסע ריידעלעך האָט ער ביסלעכווייס, ביסלעכווייס אַריינגעלאָזט אין בענצעס האַרץ גיפטיקע טראָפּנס פון אַפּיקאָרסישע געדאַנקען. דאָס גיפט איז זיך צעגאַנגען אינעווייניק אין אים אַלץ ווייטער, ווייטער, ביז ס'איז מיטאַמאָל געוואָרן אויס בענצע! דאָס קערל פון דעם מעלאַמעדס טוירע האָט בענצע ניט פאַרזוכט, ער האָט נאָר געכאַפּט דאָס שאָלעכטס. די כאַוויירים זיינע האָבן אין אים באַ־מערקט עפּעס אַ פאַרענדערונג — ס'איז עפּעס ניט דער בּרען, ניט דער בענצע, וואָס פריער, עפּעס פאַרבייגט ער אין דער פרי די מיקווע, שטופּט זיך ניט ווי פריער צום יאָרצייט־בראַנפן — פונדעסטוועגן האָבן זיי ניט געטראַכט אף אים קיין בייז. אַדעראַבע, מע האָט עס נאָר געטייטשט, — עטע־טע־טע! דאָס איז, האָט מען געזאָגט, אַ יערידע, אַ פאַלן, ווי ס'איז באַקאַנט, באַ די גרויסע, איידער זיי טוען זיך אַ הייב צו דער הויכער מאַדרייגע. זאָל ער פאָרן צום "אַלטן", וועט ער אים צורעכט מאַכן... נאָר וואָס העלפט עס אָבער, אַז די צונג איז דעם מענטשנס ערגסטער סוינע — היט מען נישט די צונג, באַגראָבט זי דעם באַלעבאָס אירן!

איינמאָל זענען די כסידים געזעסן אין בעסמעדרעש אונטערן אויוון און דערציילט, ווי דער שטייגער איז, מאַיסעס פון באַלשעם, ימאָפּסים פון צאַדיקים, גוטע אידן. פּלוצלים שיסט אויס בענצע מיט א זאָג, אַז ס'איז לויטער־ליגן — ניטאָ קיין מאָפּסים! די כסידים זענען געבליבן פאַרגאַפּט, שטאַרק צעקאָכט. —סטייטש, סטייטש! — האָבן זיי געשריגן, — ס'איז דאָך א כילעל־האַשעם, ווי קען מען הערן אזוינס און שווייגן? הייבן זיי זיך אוף, פּאַטשן אים גוט אויס און וואַרפן אים אַרויס פונם בעסמעדרעש. די מאַיסע איז זיך צעגאַנגען איבער דער גאַנצער שטאָט, און לייבצע דער רויטער [בענצעס שווער] האָט זיך פאַר כאַרפּע שיר ניט באַגראָבן. אַז בענצע איז אַריינגעפאַלן אין לייטישע מיילער, האָבן זיך שוין געפונען גוטע מענטשן אזוינע, וואָס האָבן זיך ניט געפוילט צוצולייגן אים קנייטלעך, פאַרברייטן איבער אים שרעקלעך מיעסע זאַכן, אַזוי אַז ער איז געוואָרן שטאַרק פאַרופן. ס'איז אזוי ווייט געגאַנגען, ביז בענצע איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן גלופּסק.

און כאַנצע איז געוואָרן א גרושע!

---

# XII. די שטורעם־צייט.

## 1. א מין מילכאָמע.

אינם יאָר תר״מ... לפ״ק. צו די ערשטע סליכעס פאַרטאָג.

די מאַיסע איז געווען אַזוי:

טייקעף נאָך סליכעס גיי איך מיר פון דער שול מיט אַ רואיק געמיט און פיל זיך גאָר ניט שלעכט, ווי געוויינטלעך אַ איד, וואָס האָט אַראָפּגעפּאַטערט דאָס דאַוונען און איז ניט געבליבן שולדיק דעם ריבוינע־שעל־אוילעם גאָר ניט. אַזאַ איד פילט זיך, אַקוראַט ווי ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון די פּלייצעס אַ שווערן אָל, אַקוראַט ווי ער האָט אָפּגעצאָלט א דערעסענעם כויוו. ער האָט נאָך דערביי אַ פּיסכן־פּע צו זאָגן: „דערבאַרעמדיקער גאָט! איך האָב אָפּגעטון מיינס, אַלצדינג אַזוי ווי דו האָסט מיר געהייסן, איצט טו־זשע דו דיינס און באַצאָל מיר מיין סכאַר, וואָרום וואָס נאָך קענסטו פאַרלאַנגען פון אַזאַ קאָשערן אידן, ווי איך?״ — — — ... איך גיי מיר אַזוי אַריינגעטאָן אין דידאָזיקע געדאַנקען. כאַפּן זיך איז ניטאָ וואָס, גיי איך מיר פּאַמעלעך, טריט באַ טריט, און פיל אַליין ניט, ווי איך ברום: „במוצאי יום מנוחה״. איך קום נעענטער צו מיין דירע, דערזע איך פונווייטן עפּעס א רייטער אַף אַ פערד, טראַכט איך מיר: מיסטאָמע זענען אָנגעקומען סאָלדאַטן אין שטאָט אַריין, און מיר האָט מען דאָס אַריינגעשטעלט דעם רייטער פאַר אַן אוירעך. בלייב איך שטיין א צעטראָגענער און טראַכט מיר: „מער פעלט מיר ניט, ווי אַזאַ אָנשיקעניש אַף מיין קאָפּ. ס'איז אַזוי אויך, באָרעכאַשעם, אָסיען, סע ווערט קאַלט, סע גייט א סעדרע הויצאָעס: דעם קינד אַ פּאָר שיכלעך, דעם אַ ריעקל, א שאַלעכל, אַ וואַרעם שטיקל בעגעד; אַפילע לאַטעס, משטיינס־געזאָגט, קאָסט אויך געלט; היינט, קיין איינאָרע זאָל זיי ניט זיין, דאָס עסן, היינט האָלץ. אינם שטיבל מוז מען אַריינבראָקן עטלעכע קערבלעך: סע רינט דער דאַך, איין וואַנט האָט זיך שטאַרק אָנגעבויגן, וויל פאַלן קוירים; אין די פענצטער פעלן טאַפליס. מיינע שיך האָבן שוין פון אַ שטיק צייט אויך געעפנט די מיילער; אַז איך גיי אין אַ בלאָטע, קוויטשען זיי, פּישטשען, בעטן זיך ראַכמים: וואָס האָסטו צו אונז, גענוג אונז שוין געמוטשעט, לאָז אונז שוין אויסרוען אַפן סמיעטניק. די קאַפּאָטע גיט מיר שוין אויך אָנצוהערעניש, אַז זי האָט מיר אָפּגעדינט, געטריי און ערלעך, מער ווי מע דאַרף, סע איז אין איר שוין, נעבעך, ניטאָ קיין גאַנץ אייווער, זי איז הוילע לאָך און לאַטע פון דעם קאָלנער ביז

דעם עק פּאָלע, וויפל זשע איז שוין דער שיר? — — — דער מעלאַמעד מאָנט
סכאַרלימעד פאַרן אינגל, דער קאַצעוו לאָזט ניט דורכגיין די גאַס, דער קרע־
מער האָט זיך איינגעשפּאַרט: ער באָרגט מער ניט. און דער שאַמעס מאָנט פאַר
די שטעט אין שול, מיינע און מיין אַלטערס. אוי, ריבוינע־שעל־אוילעם! קאַרג
נאָך, ווייניק צאָרעס אַף מיין קאָפּ, דאַרף איך נאָך האָבן א נייעם אומגליק, אַ
סאָלדאַט, אַ ווילד פרעמדן נעפעש, אַ זאַקוציע, און ווען? פּונקט ערעוו־יאָנ־
טעוו! — נאָר וואָס מעקעט דאָרט אַזוי די ציג? וואָס געוואַלדעוועט זי מיט אַזאַ
ראַכמאָנעס־קאָל? אַהאַ, מיסטאָמע איז זי אויך ניט צופרידן מיט דעם נייעם
גאַסט, מיסטאָמע האָט דער יאָוון זי אַרויסגעטריבן פון איר ווינקל מיט שיינע
עטלעכע קלעפּ, ווי דער שטייגער איז פון אַ יאָוון. — — — אַז איך קום נע־
ענטער צו מיין שטיבל, דערזע איך — דער טויער איז אָפן, און עפּעס אַ כעווערע־
מאַן זיצט רייטנדיק אַף אַ פערד, שמייסט עס, ציט פאַרן צוימל, אַרבעט אַף
אַלע קיילים, וויל דערמיט אַרויספּאָרן פונם טויער. טראַכט איך מיר: „באָרוך
שעפּטאָראַני! פאָר דיר צו אַלדע וויסטע פינצטערע יאָר, דו און דיין פערדל,
האַלעוואַי זאָל איך דיך שוין ניט אָנקוקן ווייל איך וועל לעבן". איך קום אַריין
אין הויף אַריין און — סע באַפאַלט מיך א פּאַכעד... — — — אוי, געוואַלד,
ס'איז דאָך מיין בידנע פערדל. מיין אויסגעדייזוערטע קליאַטשע! סע זיצט אַף
איר עפּעס אַ פרעמדער גאָי, שלאָגט זי מאַקעס רעצעך, שינדט פון איר די פעל,
זי זאָל לויפן, שפּרינגען! דאָס פערדל, נעבעך, וויל ניט, סע הירזשעט מיט אַ
באַרויגעז, סע נעמט זיך אָן מיט האַרץ און בריקעוועט און שטעלט זיך דיבאָם
דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן. צווישן די פיס פּלאָנטעט זיך באַ אים מיין
ציג, מיין קאָשערע בעהיימע, וואָס מ'האָט זי צוגעבונדן צו אים מיט א שטריק
פאַר די הערנער. וואָס טוט אַ איד, אַז ער דערזעט אַזאַ מאַיסע? שרייט ער,
מאַכט ער קוילעס. ווי נאָר איך האָב געעפנט אַ מויל, האָבן זיך באַוויזן לייט,
באָרוועסע, ווילדע, מיט אַ פייפן און אַ געשריי, מ'איז מיך באַפאַלן פון אַלע זייטן,
געקלאַפּט, געהאַרגעט, געמיימעסט, ביז איך בין אומגעפאַלן און געבליבן שטיל.

אַז איך האָב געעפנט די אויגן, איז שוין געווען גרויסער טאָג. איך ליג אַ
צעטומלטער, אַ צעמישטער. סע טוט מיר ווי יעדער אייווער, און איך ווייס ניט
אַף קלאָר, וואו בין איך. ביסלעכווייס קום איך צו זיך און איך דערזע, אַז איך
ליג אין שטאַל, אַף אַ קופּע שטרוי! איך טו אַ קוק דורך א שפּאַלט אינדרויסן
אַרויס, און סע ווערט אין מיר פאַרציטערט יעדער אייווער. דער גאַנצער הויף
איז פול מיט צעבראָכענע קיילים, צעריסענע, צעפליקטע בגאָדים, שמאַטעס און
טראַנטעס אָנגעוואָרפן איינס איבערן אַנדערן: פעדערן, קאָלדרעס, באַוול, צע־
ריסענע ליילעכער, אופגעטרענטע קישנס; שטרוי און בינטלעך האָלץ און
רומל־ספאָרים, איניינעם מיט צעבראָכענע טעפּ, צעהאַקטע מעבל, צעקלאַפּטע
גלעזער און אַלערליי אַנדערע זאַכן פונם באַלעבאַטישקייט: איבערבעטן, ביינק־
לעך, צעברעקלטע רעדער פונם ביידל, שערבלעך, קאַלך, אַש, איבערגעמישט
מיט דער טונקעוואַניע פון די ווענט; אינמיטן־דרינען אַ פעסל געזייערטע אור־
גערקעס מיט אַ פעקל טכינעס פון סאָרע־באַס־טויווים, אַ צעשפּאָלטענע מולטער
מיט א געלעכערטער מאַקרעטע, אַ לאָקשן־ברעט מיט בינטלעך ציצעס און אי־

בערגעהאַקטע רעצועס, אַ זיפּ, אַ רעשעטע, אַ קעסל, אַ קאָרב, אַ בעזים אינ־מיטן. אַן איבערקערעניש, משטיינס־געזאָגט, אַ בעהאָלע, א כורבן, ווי נאָך אַ ערד־ציטערניש אָדער נאָך אַ סרייפע; אַרום־און־אַרום הער איך קוילעס, גע־שרייען, געוואַלדן, מאַמעש סע לעכערט דעם מויעך. אינדערלופטן פליען פע־דערן, שטיקלעך שיימעס, בלעטלעך פון ספאָרים, סע שמעקט עפּעס זייער שארף, סע זעצט אין דער נאָז אַ פּאַסקודנער רייעך. איך שריי—קיינער הערט ניט, איך רוף — מע ענטפערט מיר ניט אָפּ. איך האָב דערזעען, מע קומט מיר ניט צו הילף, האָב איך זיך אָנגעטאָן אַ קויעך און האָב געפּרואווט אַליין אופ־שטיין. לאָמיך זיך כאָטש דערשלעפּן אינדרויסן, האָב איך מיר געטראַכט, עפּ־שער וועל איך געוואויר ווערן, וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַיסע. איך האָב זיך אָבער קוים אופגעשטעלט אף די פיס, האָב איך זיך געגעבן אַ בויג־אָן צוריק און בין ווידער אומגעפאַלן און געבליבן אַ פאַרשמאַכטער.

אַ שטיק צייט בין איך געלעגן קראַנק, געווען אויסער זיך, מאַמעש ניט בא די געדאַנקען. — — —

די בעניי־באַיס מיינע — זיי האַלטן איין זייערע ווייטיקן און סטאַרען זיך שמייכלען צוליב מיר. האָב איך זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנים צו דער וואַנט-- און געוויינט... — — —

ס'איז נאָך אַ נעס, וואָס ס'איז אונז אָפּגעגאַנגען גלאַט, וואָס מ'האָט נאָך אונז ניט גערופן צום מישפּעט, אַזוי האָט אונז געגעבן צו פאַרשטיין איינער פון די באַוואוסטע אַדוואָקאַטן. און דער סייכל: איז טאַקע מעכאַיעוו, אַז ער איז גערעכט. וואָרום ווען באַשטראָפט מען דען אַ גאַנעוו און ווען קערט מען אום די גנייווע דעם באַלעבאָס אירן?—בעשאַס ס'איז „עולם כמנהגו", דער גאַנעוו פירט זיך ווי אַ גאַנעוו, ד. ה. ער טוט אָפּ דאָס שטיקל אַרבעט שטי־לערהייט, אין דער פינצטער, קיינער זאָל ניט זען, דעמאָלט איז אַף אים דאָ אַ מישפּעט און אַ פּסאַק. אָבער ווי איז דער דין, אַז מע טוט די אַרבעט פראַנק און פריי, אינמיטן העלן טאָג, אַז מע שלאָגט אויס די פענצטער און מע טוט זיך אַ לאָז איבער די גאַסן מיט העק און מיט דרוקעס און מע באַלאַגערט די שטאָט, ווי די סאָלדאַטן, איז דאָס דאָך שוין א מ י ן מ י ל כ אָ מ ע. — — —

האַקיצער, וואָס זאָל איך לאַנג בריינען: מיר האָבן געבענטשט גוימל, וואָס מיר זענען אָפּגעקומען מיט דער ציג און מיט דעם פערד: זאָלן זיי פאַר אונז זיין אַ שיינע, ריינע קאַפּאָרע.

איך האָב אַביסל מעקאַצער געווען די פּראָטים פון דער מאַיסע, וואָרום מ'האָט וועגן דעם שוין געשריבן באַריכעס אין די קינעס, וואָס איינער פון אונזערע נייע פּאָעטן־קלאָגמוטערס האָט מעכאַבער געווען לעקאָוועד קאַבצאַנסק.

## 2. אין יענע שווערע טעג.

אין יענע שווערע טעג איז מיר פלוצלינג נימעס אומאָעס געוואָרן אַלצ־דינג: אי די אָרעמע שטעטלעך, אי די מעשונעדיקע אידן, וואָס וואוינען דאָרט, אי ד ע ר ג אַ נ צ ע ר ו ו ע ג, וואָס איך האָב זיך געשלעפּט אַף אים אַזוי פיל

יאָרן. אַלצדינג האָט אין מיינע אויגן באַקומען אַן אַנדער צורע, אַלצדינג איז מיר מיטאַמאָל געוואָרן פרעמד,—גאָר ניט דער וואַלד, גאָר ניט די פעלדער, וואָס פריער. פלוצלינג איז גאָטס וועלט מיט מיר געוואָרן אויס כּאַוועך, אַקוראַט ווי אַלצדינג אַרום־און־אַרום וואָלט געשעפּטשעט: ניט פון דיינעטוועגן, איד, סוידען זיך דאָ די בוימער, וואַקסן די גראָזן, באַדעקן זיך מיט טוואוע די פעלדער, צייטיקן זיך די פּרוכטן! ניט פון דיינעטוועגן זינגען די פויגעלעך, וואָרקען די טויבן; ניט דיר שמעקן די קווייטן, גיסן זייער רייעך אַלערליי בּסאָמים! אַפילע די זון, אוי־ווײ, וואַרעמט אויך ניט ווי אַמאָל. דעריבער, אַז ס'איז אַרויס אַ קלאַנג וועגן אידישע קאָלאָניעס אין ערעץ־איסראָעל, איז דאָס מיר שטאַרק אַריין אין דער מאַכשאָווע; דערצו האָבן נאָך אונזערע קאַבצאַנסקער יונגעלייטלעך געהאַלטן וועגן דעם איניען פייערדיקע דראָשעס, אָנגעשפּיגעוועטע מיט מעליצעס און צוגעשמאַלצענע מיט פּסוקים און טרייסט־ווערטער פון דער טוירע און די נעוויאים, האָבן מיר די דראָשעס אויך אונטערגעגעבן כּיישעק. די פאַנטאַזיע האָט מיר אָנגעהויבן פליען, איך האָב שוין געזעען פאַר זיך דאָס הייליקע לאַנד, וואו עס רינען טייכן פון מילך און האָניק און ציגן עסן באָקסערן און פייגן. וואָס איז דער כידעש? אַזוי איז דאָך די טעווע פון אַ מענטשן, אַז אין אַ אייס־צאָרע הויבט ער אָן האָפן אַף ניסים. — — —

אַ מעהומע, אַ יאַריד אין קאַבצאַנסק! אידעלעך, צוין־קאָדאָשים, שטופּן זיך, יאָגן זיך, קלייבן זיך צונויף אין טשערעדעס; ס'איז אַ געוואַלד, אַ געשריי, אַ געפילדער, אַז סע דערגרייכט אַד לעור־האָשאָמאַים. עטלעכע באַראַנעס, וואוילע יונגען, וואָס ס'האָט זיך זיי עפּעס אויסגעדאַכט, זיי ווייסן אַליין ניט וואָס, שפּרינגען אַרויס, שטעלן זיך פאָרנט, לאָזן זיך גיין,—די טשערעדע נאָך זיי. גאַנצע וואָלקנס שטויב הויבן זיך פון אונטער די קאָפּיטעס, שפּרייטן זיך, פאַרבלענדן די אויגן, אַזוי אַז קיינער זעט ניט דעם וועג. אַלע יאָגן, לויפן, איילן אין גרויס אימפּעט מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַקוראַט ווי עמעצער שלעפּט זיי, ווי עמעצער שמייסט זיי פון הינטן, און איך, אַלטער צאַפּ, בין אויך בעסויכעם. די שאָף רוישן, מעקען, ברומען—וואָרום זיי זענען נעבעך הונגעריק; זיי לויפן אין איין אָטעם, וואוהין די פיס טראָגן, וואָרום זיי רעכענען: עפּשער וועלן זיי פאָרט געפינען אַזאַ שטיקל אָרט, וואו ס'איז דאָ אַביסל פּאַשע... אַז איך דערמאָן מיר יענע צייטן, שוועבט אַ שמייכל ניט ווילנדיק אַף מיינע ליפּן, אָבער אינעווייניק וויינט די נעשאָמע; איך לאַך מיט טרערן, און דאָס האַרץ טוט מיר אַזוי וויי.

דאָס ראָוו טשערעדע זענען געווען אַלטע צאַפּעס, דאַרע, קוואַרע, וואָס אַפּילע צו דער שכיטע טויגן זיי אויך ניט, ס'זאָל זיי צו קיין ביזאָען ניט זיין. די ציקעלעך—די יונגעלייטלעך מיט די פלאַמענדיקע דראָשעס—האָבן זיך דאַוועקע פונעם אָרט ניט גערירט; סטייטש, זיי האָבן דאָך געדאַרפט מינטערן אַ נ ד ע ר ע, איינריידן דעם אוילעם, אַז ס'איז ניטאָ קיין בעסערס, ווי נעמען די פעקלעך אַף די פּלייצעס און גיין; זיי האָבן געדאַרפט מעזאַקע זיין דעם קלאַל מיט זייער שליכעס. געערדט האָט מען, אַז אין אָדעס איז דאָ מיליע־מיליאַסן גאָל־

דענע רענדלעך: פון קאַרעס, פון צדאָקע־פושקעס, פון עסרויגים אוכעדוימע. געלט איז דאָ אַריבער גענוג, מע זיצט נאָר און מע וואַרט, סע זאָלן קומען אידן, נעמט מען באַלד און מע שיקט זיי אָפּ קאָמפּאַניעסווייס מיטן יאַם און מיט דער יאַבאָשע, מע ניאַנטשעט זיך מיט זיי אין וועג און מע ברענגט זיי בעשאָלעם „אל המנוחה ואל הנחלה". פון די קלאַנגען האָט זיך דאָס גענומען די גאַנצע מעהומע.—גיכער, גיכער!—האָבן אידן געריפן איינער צום אַנדערן,— ס'איז טייער יעדע מינוט: טאָמער ועט נאָך כאָלילע פאַר אונז ניט בלייבן קיין אָרט.

אָט אין יענער צייט האָב איך זיך דאָס צונויפגעקאָמפּאַניעט מיט לייב דעם מעלאַמעד.— — —

אין גרויס איילעניש זענען מיר אָנגעקומען קיין גלופסק. דאָרט האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין דער באַן און מיט אַ טראַסק אַריינגעפאָרן קיין אָדעס.

## 3. נאָך א נאכלע אין ערעץ־איסראעל.

נאָר וואָס מיר זענען אַריין אין דער אַכסאַניע, מיד און אויסגעמוטשעט פון דער נעסיע, דערפילן מיר: אַהא, סע טאָרקעט שוין, סע שטופּט אונז: זיצט ניט, פּעטערס, גייט, טוט, זייט זיך מישטאַדל,—ס'איז אַ רענדל אַ מינוט. — — —

וואוהין גיין, צו וועמען גיין? דאָס האָב איך אַליין אויך געוואוסט זייער גוט, דאָס האָב איך פאַרשפּאָרט צו פרעגן. ס'איז דאָ, האָט מען געשמועסט, אַזוינע מינע כעוורעלייט, וואָס זענען פריער געווען אַפּיקאָרסים און איצט האָבן זיי פּלוצלינג דערפילט אין זיך אַ אידישע נעשאָמע—אין אונזערע מע־קוימעס האָט מען זיך אָנגעדערציילט וועגן זיי גאַנצע פעק מיט מאַיסעס, איינע וואונדערבאַרער פון דער אַנדערער,—אָט די באַלע־טשואווע בענקען שטאַרק נאָך אַ אידן, זיי גייען פאָשעט אויס נאָך אַ אידנס טריט. זיי וועלן זיך דאָס מעראַכעם זיין איבער אונז „פרחם אב על בנים". זיי האָבן שוין אָנ־געגרייט פאַר אונז אַ מאָקעם־מענוכע, זיי וועלן אונז פאַרזאָרגן. — — —

פון די קאַבצאַנסקער יונגעלייטלעך האָבן מיר געהאַט בעשוטפעס עטלעכע בריוו צו אייניקע פון די היגע כעוורעלייט. זענען מיר קוידעמקאָל אַוועק זיך זען מיט זיי.

---

אַ שיינע שטאָט, אַז אָך און וויי! געהערט אַ קעהילע, וואו קיינער קען ניט די כאָשעווסטע מענטשן, די שענסטע מאנהיגים. ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז דאָס איז אַן אויסגעלאַסענע שטאָט, אַ פאַרשייטע, אָן אַ פּיצל דערעכערעך פאַר עלטערע! דערוויל איז אונז טאַקע ניט נימעס געוואָרן זיך אַרומדרייען אין די גאַסן, מ'איז שוין געווען מיד אויך. אַ גליק, וואָס גאָט האָט אונז צוגעשיקט אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט אַף אונז ראַכמאָנעס געהאַט און אונז צוגעפירט בעשאָלעם צו דעם הויז, וואו איינער פון אונזערע אדויגים האָט געוואוינט. — — —

אַז מיר זענען אָבער אַריינגעקומען אינעווייניק, איז מיר געוואָרן זייער קאַלעמוטנע. אינעווייניק האָבן מיר דערזעען אַ יונגנמאַנטשיק פון אַ יאָר עט־לעכע און צוואַנציק, אַ דאַרן און אַ לאַנגן, מיט שיטערע האָר און אַ קורץ בערדל; דאָס פּאָנים איז בײַ אים געווען בלייך, קראַנק, ווי בײַ איינעם, וואָס איז נאָר־וואָס איבערגעקומען דעם פּריזעוו. — — —

— מיר האָבן אַ בריף... אַ בריף האָבן מיר צו אײַך, פּאַני!

דער יונגערמאַן לייענט איבער דעם בריף, נאָכדעם דרייט ער זיך אויס צו אונז, גיט אונז אָפּ שאָלעם, דערלאַנגט אונז בײַנקלעך און זאָגט מיט אַ פריילעך פּאָנים:

— זיצט, ליבע אידן. מע שרייבט מיר דאָ אין בריף, וואוהין איר קלייבט זיך פאָרן. וואויל, זייער וואויל! שוין לאַנג צייט. דאָס וויסטע לאַנד, די פאַר־לאָזטע אַלמאָנע, וואָס קוקט שוין אַזוי פיל יאָרן אַרויס אַף אירע פאַרטריבענע קינדער, רופט איצט צו אייך, שטרעקט אויס אירע אָרעמס. וואויל איז אייך, וואָס איר קערט זיך אום צו איר מיט אייער אייגענעם גוטן ווילן. אַזוינע אידן, ווי איר, מעג מען רופן „גבורי הדור", גיבוירים זענט איר, וואָס האָבן בעקוי־עך אויפצוטאָן גרויסע, וואונדערלעכע מאַיסים לעקאָוועד אונזער פאָלק איסראָעל.

— מיט דעם אויבערשטנס הילף! ער, באָרוך־הו, איז אַוואַדע דער גרוי־סער באַל־יעכוילעס. ער האָט דעם קויעך, און מיר די גוטע קאַוואָנע, — זאָגט רעב לייב דער מעלאַמעד מיט גרויס נאַכעס־רועך און ענדיקט מיט אַ פּאָסוק: — „רצו עבדיך את אבניה ואת עפרה יחוננו" — אַוואַדע ווילן מיר באַקומען אַ נאַכלע אין ערעץ־איסראָעל.

— מיט דעם אויבערשטנס קויעך און מיט אידיש געלט, — מיש איך זיך אַריין, קעדיי צו געבן אָנצוהערעניש, אַז מע מיינט דאָ טאַקע די קלינגערס, וואָס מע דאַרף האָבן צום איניען.

— דערפאַר זאָלט איר גאָר ניט האָבן קיין דאַיגעס, ס'וועט שוין זיין רעכט, אימירצעשעם, — זאָגט דער יונגערמאַן און שמייכלט דערבײַ ווי איי־נער, וואָס ווייסט אַ סאָד, נאָר ער טאָר אים ניט אויסזאָגן. — געלט וועט זיין, קלאַל איסראָעל איז ניט אָרעם, און מע טוט טאַקע, באַרעכאַשעם, אויך. מע אַרבעט אין דעם אייסעק בעעמונע.

בעשאַס מיר זענען אַזוי געזעסן און געשמועסט וועגן אונזער איניען, איז אָנגעקומען נאָך אַ יונגערמאַן און נאָך איינער, ביז ס'האָט זיך ביסלעכוויס אָנגעקליבן אַ שטאַרקער מיניען. אויך כעוורע־לייט פון איין קלייזל, מיט איין האַרץ און איינע דיבורים. אַ קוק טאָן אַף זיי, האָט מען באַלד דערקענט, אַז סע טוט זיי שטאַרק האַנאָע, זיי קוועלען מאַמעש אָן... די אַלע יונגעלייט האָבן אונז אָפּגעגעבן דעם שיינעם באַרעכאַבע און האָבן זיך אריינגעלאָזט מיט אונז אין אַ ברייטן שמועס וועגן אישעוו. ביסלעכוויס האָבן זיי זיך צעהיצט, פאַרפלויגן גאָר הויך, אָנגעהויבן שיטן מיט נעוויעס: נאָך אַביסל וועט געהאָלפן ווערן יעהודע, און דאָס פאָלק איסראָעל וועט רוען, ווי פריער, אַף זיין ערד, יעדער איד אונטער זיין ווײַנשטאָק און זיין פייגנבוים, מיט דעם אויבערשטנס

הילף. מ׳האָט געקלערט, געקליגט זיך, וואו נעמט מען געלט. יעדערער האָט געהאַט זיין פּלאַן, זיינע פּראָעקטן, מ׳האָט געציילט, געכעשבנט, און ס׳איז אויסגעקומען גאָר אַ שלאַל, עפּעס גאַנצע בערג מיט גאָלד. ווער סע וויל זיך באַקענען מיט די אַלע אייצעס און פּלענער און גרויסארטיקע כעשבוינעס ביפּראָטוס, — פאַרשפּאָר איך אים דאָס דערציילן: מע קען זיי אַלע געפינען אין די וואונדערבאַרע מאמאָרים, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אַביסל שפּעטער אין די אידישע גאַזעטן.

אַרום האַלבע נאַכט זענען מיר געקומען צוריק אַף דער סטאַנציע. איך זיץ און שווייג, ס׳איז מיר דאַווקע ניט שטאַרק אויפגעלייגט אַפּן האַרצן; רעב לייב, פאַרקערט, איז זייער קאָנטעט און האַלט אין איין ריידן. סע שיט זיך פון אים, ווי פון אַ זאַק, ער קען זיך ניט איינהאַלטן פאַר גרויס האַנאָע, וואָס ער האָט פון זיך אַליין. ער איז מיטאַמאָל געוואָרן כאָשעווער באַ זיך אין די אויגן, אַקוראַט ווי ער וואָלט בעעמעס געווען איינער פון די אַמאָליקע גיבוירע־איס־ראָעל, אַקוראַט ווי ער וואָלט פון אַ מעלאַמעד געוואָרן פּלוצלינג אַ פּאָריץ, אַ פּאָמעשטשיק. ער פּלאַפּלט, וואָס סע קומט אים אַף דער מאכשאָווע.

— וויפל, — האָט ער געזאָגט, — איז דאָ באַ אונז אידן! — פרעגט מיך לייב און קוקט מיט אַזוינע אויגן, ווי אַ מענטש, וואָס איז פאַרטאָן אין אַ טיפן איניען.

— איך געדיינק ניט, וואָס ער האָט דאָרטן געבעבעט, — ענטפער איך קאַלט און לאָז אַרויס אַ געַעץ. — וואָס דאַרפט איר, אשטייגער, וויסן, וויפל אידן ס׳איז דאָ? זאָל גאָט העלפן, ס׳זאָל זיין נאָך טויזנט מאָל מער. אייער דאַיגע...

— מיר דאַכט, יאָ... אַזוי, אַזוי. ער האָט אויסגערעכנט עפּעס א פינף מיליאָן, — זאָגט רעב לייב, פאַרבייסנדיק די אויבערשטע ליפּ און קנייטשנדיק דעם שטערן, — ווערדליק איך פארשטיי, דאַרף זיין נאָך מער. נאָר לאָמיר רעכענען אַפּן ערגסטן פאַל — פינף־זעקס מיליאָן. נו, שטעלט אייך פאָר, אַז יעדער איד צאָלט אַלע יאָר נאָר איין קערבל, האָט איר זעקס מיליאָן קערבלעך אַ יאָר, אין אַ מעשעך פון פופציק יאָר — דרייהונדערט מיליאָן, היינט פּראָצענט פאַר דער גאַנצער צייט, האבן מיר א קאַימעלאָן עפּשער פון טויזנט מיליאָן. ס׳איז דאָך אַ פּאָשעטער כעשבן, קלאָר ווי דער טאָג. וואָסער אַ איד וועט זיך דאָס אָפּזאָגן צו געבן אַ קערבל אַף אַזאַ גרויסן איניען? האַ? איך בין באַטועך, אַז אונזערע נעגידים וועלן דאַווקע געבן הונדערט מאָל אַזוי פיל. וואָס־זשע דאַרפט איר נאָך, רעב מענדעלע? וואָס שווייגט איר, רעב מענדעלע? רעדט ווערטער!

— איר קלייבט זיך, ווייזט אויס, אוף זיין היינטיקע נאַכט, — ענטפער איך. — איר האָט ניט קיין אַנדער אַרבעט, ווי באַרעכענען דעם קלאַל־איסראָעל? פאָלגט מיך, לאָמיר זיך בעסער לייגן שלאָפן. איך בין מיד און ס׳איז שוין טאַקע שפּעט. אויף מאָרגן דאַרף מען פרי אופשטיין און זיך נעמען צו דער אַרבעט.

— וואָס זאָגט איר, רעב מענדעלע? מיר וועלן ענדיקן מאָרגן אונזער אייסעק? — פרעגט מיך רעב לייב. נאָר איך ענטפער אים ניט, פאַרדעק זיך מיט דער קאָלדרע און שלאָף.

## 4. באם באלעבאָס פון די קאָלאָניעס.

אַף מאָרגן, אַז רעב לייב דער מעלאַמעד איז אופגעשטאַנען, איז ער גע־וועזן זיכער, אַז היינטיקן טאָג ווערט ער פּארטיק מיטן גאַנצן איניען און אין אַ צוויי־דריי טעג אַרום קלייבט ער זיך איבער אין אַ גוטער שאָ צו זיך אין דער נייער גאַכלע און הויבט אָן צו לעבן אין אוישער און אין קאָוועד, ווי אַ בען־מעלעך, מיט אַ לויטערן קאָפּ און א רואיק געמיט, ווי אַ פּאָריץ. אַ באַלעבאָס פון מאַ־יאָנטקעס, האָט ער זיך גענומען זיינע אינסטרומענטן, דאָס הייסט, דעם טאַלעס מיט די טפילן און איז אַוועק צו דער אַרבעט, דאָס הייסט, צו דאַוונען — שיקן אַ שוואַך און אַ לויב זיין ליבן נאָמען איינינעם מיט אַנדערע אידן, און אַגעוו טאַקע באַקענען זיך מיט געוויסע מענטשן, וואָס מיר האָבן זיי געדאַרפט האָבן צו אונזער אייסעק. מיך, זאָל מיך גאָט ניט שטראָפן פאר די זינד, — האָט ניט שטאַרק געצויגן אין בעסמעדרעש אַריין, האָב איך מיר מאַטער גע־וועזן צו דאַוונען ביכידעס און עס דאַווקע געמאַכט בעקיצער, ווי מיין שטייגער איז.

דערפאַר האָב איך נאָכדעם מאריך געווען אין דער מיצווע פון אי־בערבייסן. איך האָב מיר געקויפט פּיירעס פון ערעץ־איסראָעל — באָקסערן און פייגן און אונטערגעפוילטע פּאָמעראנצן, — אַ סכוירע, וואָס מע קריגט אין אָדעס בעכאָצי־כינאָם, און האָב זיך גענומען צו דער אכילע מיט דער גרעס־טער קאַיואָנע. איך בין נאָך ניט געווען פּארטיק, ווען רעב לייב דער מעלא־מעד האָט זיך אומגעקערט און מיר אָנגעזאָגט די גוטע בסורע, אז ער ווייסט שוין אַף געוויס, מיט וועמען מיר דארפן ריידן און וואָס מיר האָבן צו טאָן. קוידעמקאָל, זאָגט ער, דארפן מיר זיך זען מיט דעם קאַרלינער — דאָס איז דער ארי שעבאכוואורע, דער קאָפּ, דער מאנהיג. ער איז א גרויסער געלערנטער, באָקי אין אסאך כאָכמעס און האָט דערצו א אידיש האַרץ. אָן אים ווענדט זיך אַלצדינג.

דער קאַרלינער האָט אונז אופגענומען, שטייענדיק נעבן אַ שרייבטיש מיט אַסאַך שרייב־געצייג. אַף יענער זייט טיש איז געזעסן איבער אַ פּאַק מיט בריוו איינער אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק, מיט אַ לאנגער באָרד, ווייזט אויס, אויך אַן איידעלער נעפעש, אַ קאָפּ־מענטש — דאָס האָט מען דערקענט אין זיין פּאָנים און אין זיינע אויגן. דער קאַרלינער האָט זיך אין אונז איינגעקוקט און ווינקט אונז, מיר זאָלן זאָגן, וואָס מיר דאַרפן.

— מיר זענען קאַבצאַנסקער, זענען מיר, און ווילן פאָרן אין די קאָלאָ־ניעס. — זאָגט רעב לייב און פאַרנויגט זיך דערביי מעשונעדיק און דאָס פּאָנים ווערט בא אים מאָדנע אויסגעקרומט, ווי בא א אידענע.

— און וואָס האָט איר געטאָן ביז אַהער?

— אַ מעלאַמעד בין איך געווען, געלערנט אידישע קינדער האָב איך.

— ווילט איר, הייסט עס, זיין א מעלאַמעד אין די קאָלאָניעס? — זאָגט דער קאַרלינער און באַטראַכט רעב לייבן מיט איין אויג פונם קאָפּ ביז די פיס. — די קאָלאָניעס זענען נאָך ערשט אַ פּראָעקט, זיי זענען נאָך גאָר ניטאָ

אַף דער וועלט, און מעלאַמדים קומען שוין זיי מעזאַקע זיין מיט זייערע כאַדאָרים!...

— די טוירע איז געווען פאַר בריעס־אוילעם, אַ קאָלשקן פאַר די קאָלאָניעס, — רופט זיך אָן דער, וואָס זיצט באַם שרייבטיש און הייבט אוף דעם קאָפּ פון די בריוו און באַטראַכט מיך פונדערווייטן.

— ניין, פּאַני, — ענטפערט רעב לייב און קוועטשט דעם „ניין" מיטן נוסעך פון אַ שאלשעלעס. — איך וויל ניט זיין קיין מעלאַמעד, איך וויל באַקומען אַן אייגענע נאַכלע אין ערעץ־איסראָעל.

— גייט אייך בעסער צוריק צו דער טוירע און צום טייטל, — ענטפערט דער קאַרלינער מיט אַ שמייכל. — פאַר אייך איז, דאַכט זיך, ניטאָ קיין בעסערער מאָקעם, ווי קאַבצאַנסק.

— איך שווער אייך, פּאַני, אָט האָט איר מיין העז צעדעק, אז איך בין מוכן־אומזומען אַוועקצוגעבן מיין נעשאָמע פאַר דעם פאָלק איסראָעל, איך וויל זיך מאַפּקיר זיין פאַר זיין קאָוועד, אַבי מע זאָל מיר נאָר געבן אַ שטיקל פעלד מיט א וויינגאָרטן אין ערעץ־איסראָעל.

דער קאַרלינער פאַרבייסט די ליפּן און קוקט אַף רעב לייבן מיט שפּאָט, ווי איינער רעדט: וואָס טוט מען מיט אַזאַ שלאַק? ער שווייגט א ווײלע, נאָכדעם רופט ער זיך אָן צו מיר:

— און וואָס זענט איר? אויך א מעלאַמעד?

— איך בין אַ איד. — פּלאָפּל איך א צעטומלטער און א דערשראָקענער פון דעם קוקן, וואָס דער קאַרלינער און דער אַנדערער האָבן אַף מיר געקוקט. איך פיל אַליין, אַז ס'איז נאַריש, און לאָז פאַר דער כאַרפּע אראָפּ דעם קאָפּ. ווען די ערד עפנט זיך אונטער מיר און שלינגט מיך איין אפן אָרט, מעגט איר מיר גלויבן, אַז ס'וואָלט מיר דעמאָלט געווען מער ניכע, איידער שטיין און פירן אָט דעם שמועס.

— דאָס פרעג איך אייך ניט, — ענטפערט דער קאַרלינער, — דאָס זעט מען אין אייך. איך וויל וויסן, וואָס איז אייער פּאַרנאָסע.

— ער איז מיין שוטעף! — העלפט מיר רעב לייב ענטפערן דעם קאַרלינער. רעב לייב, זע איך, האַלט זיך פאַר וועלטלעכער פון מיר, פאַר מער „מעורב עם הבריות". — דער איד איז מיט מיר שוטפעס אין דער נאַכלע, וואָס מיר וועלן, אימירצעשעם, באַקומען. מיר האָבן אַפילע א שוטפעס־קסאַוו קאָסעוו־וועכאָסעם.

זינט איך לעב האָט מיר קיינער ניט אָנגעטאָן אַזוי פיל יעסורים, ווי רעב לייב מיט אָט דעם ענטפער. איך בין מעוואולוול געוואָרן נאָך מער ווי פריער, טראָפּנס קאַלטן שווייס זענען מיר אַרויסגעטראָטן אפן פּאָנים. ווען מע גיסט אַף מיר אויס אַ זודיקן אָקראָפּ, וואָלט בא מיר געווען בעסער, איידער דער געלעכטער, וואָס דער קאַרלינער, ווי איך האָב געמיינט, וועט פון מיר לאַכן. דאַנקען גאָט, וואָס ס'איז דערצו ניט דערגאַנגען. דער קאַרלינער האָט א טיפן זיפץ געטאָן און געפרעגט מיט ראַכמאָנעס:

— וואָס־זשע ווילט איר, ראַבויסאַי?

— מיר זענען געקומען אייך בעטן, אזוי ווי איר זענט דער באַלעבאָס פון די קאָלאָניעס, זאָלט איר אונז אויסהעלפן מיט געלט, וויפל מיר וועלן דאַרפן. באַ אייך איז דאָס דאָך אַ קלייניקייט, און אונז וועט איר טאָן די גרעסטע טויווע, — זאָגט רעב לייב מיטן נוסעך פון „יקום־פורקן״: ער הויבט אָן מיט אַ באַקאָשע און לאָזט אויס מיט אַ דאַנק, — דער אויבערשטער וועט אייך דערפאַר געבן אַריכעס־יאָמים און וועט אייך העלפן, וואו איר וועט זיך קערן און ווענדן.

— איך קען אייך איצט ניט העלפן, זאָל אייך גאָט העלפן, — ענטפערט דער קאַרלינער מיט אַ זיפץ און טוט אַ מאך מיט דער האַנט, מיר זאָלן אַרויסגיין.

רעב לייב מאַכט זיך אָבער ניט ווויסנדיק און רירט זיך ניט פונם אָרט. ער גרייט זיך ערשט פאַרפירן אַ לאַנגן שמועס, ווישט די נאָז, רייבט דעם שטערן. איך נעם אים אָן פאַר דער פאָלע און שלעפּ אים צו דער טיר. אַזוי גייען מיר אַרויס: איך פריער, ער נאָך מיר.

---

# XIII. יאָנטויוים, מינהאָגים, איינגלויבענישן.

## 1. שאַבעס.

שמוליק איז אַ טאַנדעטניק. אַ גאַנצן טאָג פון פרי ביז אין דער נאַכט לויפט ער אַרום מיט אַלטע זאַכן, שלאָגט אָפּ די טירן צו קויפן און צו פאַרקויפן זיין סכוירע. ער איז געקרומט, געבויגן, מיט אַ בלייך פּאָנים, געקנייטשט, געעלטערט פאַר זאָרג און צאָרעס. אָנלויפנדיק זיך ווי אַ הונט, קומט ער מיד, צעבראָכן אין זיין וויסט שטיבל — אַ קאַנורע, מיט עטלעכע גראָשן פאַרדינסט, און אַמאָל גאָר מיט אַ ליידיקע קעשענע, כאַפּט אָפּ עפּעס, וואַרמעס מיט וועטשערע איינגעם, און טוט זיך אַ וואָרף שלאָפן. ער ליגט, נעבעך, ווי אַ דערהאַרגעטער, פילט אין זיך נישט קיין גאַנץ אייווער. גאַנצפרי שטייט דער טויטער אויף, משטיינס-געזאָגט, טכיאַס־האַמייסים—אין ווייטער לויפן, ווייטער אַרומיאָגן זיך. אַזוי פאַרברייגגט ער זיין הינטיש לעבן די גאַנצע וואָך.

פרייטיק־צו־נאַכט באַקומט די קאַנורע עפּעס גאָר א אנדער פּאָנים — אויסגעשמירט, אויסגעוואַשן ריין אין איטלעכס ווינקעלע. דער טיש געדעקט מיט אַ ווייסן טישטעך, אף אים דריי מעשענע, אויסגעשייערטע לייכטער מיט די בענטש־ליכט, און צוויי שיינע קוילעטשן, אָפּגעשמירט מיט געלכן פון אַ איי, שיינען פונדערווייטנס, פאַרנעמען די אויגן. אין שטוב הערשט עפּעס אַ זיס רואיקייט, עס שמעקט א רייעך פון צוגעדעמפּטע שפּייזן, וואָס שטייען אַפן פריפעטשיק איבערגעדעקט מיט אַ קישן. די מאמע, א גאַנצע וואָך פאַרשמירט, פאַרפּינצטערט, לויכט אין דעם שאַבעסדיקן שלייער, עס רוט אף איר די שכינע. די באָרוועסע מיידעלעך, פאַרקעמט, אויסגעצוואָגן, האַלטן זיך איינגעם אין אַ ווינקעלע, און מע זעט אָן אין זייער פּאָנים, ווי זיי וואַרטן, קוקן אף עפּעס אַרויס מיט אַ פריילעך האַרץ. — שאַ, עס הערט זיך טריט ... מע גייט ... די טיר עפנט זיך אוף.

— גוט שאַבעס! — זאָגט שמוליק, קומענדיק פון דער שול, און קוקט פריינטלעך מיט אַ שיינענדיק פּאָנים אפן ווייב, אף די קינדער.

— גוט שאַבעס! — זאָגט מוישעלע הויך אף א קאָל, אַריינלויפנדיק געשווינד ווי מיט אַ גוטער בסורע.

און דער טאַטע מיט דעם זון הויבן אָן ביידע, אַרומגייענדיק איבערן שטוב, צו זאָגן אף א ניגן „שאָלעם־אַלייכעם“! דאָס נעמט מען אַזוי אוף די הייליקע מאַלאָכים, געשיקט פון דעם אויבערשטן, פונם מעלעך איבער אלע מעלאָכים, האַקאָדויש־באָרוך־הו, וואָס האָבן זיי באַלייט פון דער שול אַהיים. דער

טאַנדעטניק איז שוין נישט מער קיין הונט, ער איז א פּרינץ, עפּעס האָט ער באַ־קומען א נייע נעשאָמע, אַ נייע הויט. ער מאַכט קידעש, וואַשט זיך, זעצט זיך צום טיש, דאָס ווייב די פּרינצעסן און די קינדער אַרום אים, מע שטופּט דעם גאָפּל, דעם לעפל און מע כאַפּט א שטיקל פיש, א לאָקש, אַ ביינדל, אַביסל צימעס — אַזעלכע מאַיכאָלים, וואָס מע האָט עס אַ גאַנצע וואָך אין די אויגן נישט געזען. איטלעכס פון די קינדער עסט עס, שטאַרק היטנדיק זיך, קיין ברעקל זאָל, כאָלילע, נישט אַראָפּפאַלן, עפּעס מיט אַ גוט ערנסט פּע־נימל, וואָס וועקט אויף אין האַרצן געפילן פון ראַכמאָנעס. עפּעס נאָר ווי אַ וועווריקל, וואָס זיצט זיך אף א ביימל און קנאַקט עפּעס אַזוי שיין, אַזוי ערנסט אַ ניסל...

שמוליק שטעלט די „קיילע" צו די זמירעס און שפּילט אָפּ טשאַקנדיק אַ „מה ידידות":

„ווי ליב די רו איז דיינע,
פּרינצעסן שאַבעס פיינע!
מיר לויפן דיר אַקעגן אַלע,
מיר בעטן: קום, געקרוינטע קאַלע!...
פון אַלע מעלאָכעס איז אַן עק,
די אַרבעט לייגט מען איצט אַוועק,
זיך טאַינעג אָנצוטאָן באַם טיש,
מיט הינער, כאַלע, פלייש און פיש".

סאַמבאַטיון דער טייך, וואָס לויפט, רוט נישט די גאַנצע וואָך, בלייבט שאַבעס פּלוצלים שטיין, „עס הערן־אויף די קוילעס, געוואַלדן, ווען הויך דער איד זינגט די זמירעס זיינע. דער שרעקלעכער טייך שטערט אים נישט אין דעם שטייגער זינגען, עס שווייגן די בייזע כוואַליעס, אויס ראַש — שאַ, ס'איז רו!"...

אַזוי פרייט זיך א מעסלעס דאָס האַרץ, „אַ פרייד, אַ סימכע אף די אַלע אידן, זיי זענען פריי פון זאָרג און שטאַרק צופרידן".

אַפן אנדערן טאָג פאַרנאַכט, נאָך שאַלעסודעס, זיצט אונזער שמוליק אַראָפּ־געלאָזט די נאָז אין שול. ס'איז טונקל. אידן ברומען, זאָגן אף א קרעכצנדיק קאָל דאָס קאַפּיטל טילים „אַשרי תמימי דרך", וואָס דערמאָנט אין דעם, אַז די פּרינצעסן־שאַבעס קלייבט זיך אין וועג אריין. עס הערשט עפּעס א אומע־טיקייט און עס שמעקט מיט ראָסל פון אוגערקעס. די זון איז שוין פאַרגאַנ־גען, פייער־רויטע וואָלקנס סאַרפענען באַם עק הימל, און עס שטעלט זיך אידן פיר דער ברענענדיקער גענעם. עס קלינגט זיי אין די אויערן דאָס שרעקלעכע באַפעל: „ישובו רשעים לשאולה!" — די רעשאָים אף יענער וועלט, וועלכע מע האָט געלאָזט שאַבעס צו רו, זיך קויקלען דאָרט פריי אף בערג פון שניי, טרייבט מען עס אצינד ווידער אין כיידער אריין: גייט זיך פּרעגלען אַהין אין גענעם! — — —

אינדערהיים באַ זיך זיצט אף דער מילכדיקער באַנק דאָס ווייב, פאַר־לייגט די הענט און די פיס אונטער זיך. ס'איז פינצטער. א ליכטיקער פּאַס

פֿון דער לעוואָנע שײַנט אַרײַן דורך אַ פֿענצטערל, אָפּשלאָגנדיק זיך אַקעגן אַף דער וואַנט, אַף דער סטעליע, און שאָטנס פֿון מעשונעדיקע געשטאַלטן טאַנצן, שפּרינגען, מאַכן אָן עפּעס אַ מוירע אַף די אַלע קינדער, וואָס שטיקן זיך צונויף אײַנײַנעם, ווי די דערשראָקענע שעפּעלעך, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, אײַנס מיט דעם אַנדערן נישט צו רעדן קײן וואָרט. שאַ, שטיל! נאָר אַ פּאָר גרילן גרילצן זיך אײנע מיט דער אַנדערער איבער אין די שפּעלטלעך ערגעץ אין אַ ווינקל. דאָס ווײַב זיצט פֿאַרטראַכט, שאָקלט מיט דעם קאָפּ און נעמט זיך דערנאָך זאָגן מיט אַ געגעץ: „גאָט פֿון אַווראָהאָם... אַז דער ליבער שאַבעס קוידעש גײט אַהין“... אַף אַ טרויער־זינגענדיק קאָל. — אַן עק, הײסט עס, אַ סאָף. מע רײַבט, רײַבט מיט קונצן עפּעס אַ מין שוועבעלע, אַ צווײַטס, אַ דריטס, ביז עס ווײַזט זיך מיט אַ בײַזער אין אַ רויך, אַ געשטאַנק אַ בלוי־רויטלעך פֿײַערל, בײַ וועלכן מע צינדט נאָך פֿיל מי אָן אַ כײַלעוודיקע גראָשן ליכטל.

— גוטע וואָך! — זאָגט איטלעכער און פֿילט, ווי עס רײַסט זיך אים עפּעס אָפּ אינעווײניק אין האַרצן.

— אַ גוטע וואָך! — זאָגט שמוליק אַף אַ פֿאַרדומפּן קאָל בײַם אַרײַנקומען אין שטוב ווי אַ קעצעלע. ער דרײַט זיך אַרום ווי אַ נעכטיקער, די אויגן זײַנע וואַרפֿן זיך עפּעס, דאָס פּאָנים בלײַך, אויסגעצויגן, און מע זעט, ווי אין אים גײט פֿיר עפּעס אַ פֿאַרענדערונג.

דאָס הויבט זיך אין אים אָן דאָס איבערקערעניש פֿון אַ פּרינץ ווידער אין אַ הונט. עס שטעלט זיך פֿאָר שמוליקן די וואָך מיט דעם הינטישן לעבן: מיט דעם אָרומלויפֿעניש, מיט דעם קאָפּדרײיעניש, מיט די כאַרפּעס, ביזיוינעס און דעם זוכעניש דאָס דאַר שטיקל ברויט — און עס באַשלאָגן אים אַנגסטן. נאָר דער פּרינץ וויל זיך אָבער אַזוי גיך נישט אונטערגעבן, ער ראַנגלט זיך, לאָזט זיך נישט נעמען אין גענעם אַרײַן, פּלוצלים אין אַ הונט פֿאַרוואָרפֿן צו ווערן! ער צאַפּלט, ער זוכט אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן — טאָמער איז נאָך פֿאָרט דאָ עפּעס אַ האָפֿענונג, גאָט קען נאָך ראַכמאָנעס האָבן — און די האָפֿענונג גיט אים אַ שײַן אין דער ברענענדיקער האַוודאָלע. פֿרום, מיט פֿאַרגלאָצטע אויגן נעמט ער זיך מאַכן האַוודאָלע: „הנה אל ישועתי“ — אָט איז ער, דער גאָט פֿון מײַן הילף, „אבטח ולא אפחד“ — איך בין פֿאַרזיכערט און שרעק מיך נישט!... ער שמעקט און מינטערט זיך מיט בסאָמים, ער טרינקט פֿון קאָס און שמירט דערפֿון די קעשענעס — אַ סגולע צו אַ גוטער, מאַזלדיקער וואָך. און די האָפֿענונג שײַנט אים אויך אין די שאַבעס־צונאַכטיקע זמירעס. ער הויבט אָן אַף אַ זיס־טרויערדיקן ניגן אונטערצוזינגען „המבדיל“...

און די האָפֿענונג שײַנט אים נאָך מער אין דעם „איש חסיד“. עס צעפֿלאַקערן זיך אים די אויגן. עס פֿאַרפֿאַרבט אים זיך אַביסל רויטלעך דאָס פּאָנים. ער קוקט אָפֿן ווײַב און אַף די קינדער, און מיטן ביטאָכן אַף גאָט ברומקעט ער באַהאַרצט דאָס וואונדער־שײנע מאַיסעלע מיט דעם כאָסיד.

— אַך, גאָטעניו! — לאָזט שמוליק אויס דעם „איש חסיד“ מיט פֿאַרגלאָצטע אויגן און פֿאַרגײט זיך, ברומקענדיק אונטער זיך אַ ווײנענדיק־אידיש

שטייגערל אַף דער דינער סטרונע — אַך, טו עפּעס אַ נעס און העלף, גאָטעניו, העלף, העלף, ווי איז מיר!...

— גוטע וואָך! — זאָגט מוישעלע, אַריינקומענדיק אין שטוב, און מיט אים קומט געוויינטלעך שאַבעס־צו־נאַכט אויך הערשעלע אַף מלאווע־מאַלקע. זיי זאָגן ביידע די זמירעס — פון „ויתן לך", וואו אידן ווערט צוגעזאָגט אַלדאָס־גוטס פון פייגל־מילך: אַ גערעטעניש אין טוואוע, טשע־עדעס בעהיימעס און שאָף, די בראָכע אין דער דייזשע, אין דער ספּיזשאַרנע, אין דעם האַנדל, אוישער און קאָוועד און נאָך גרויסע גליקן — ביז נאָך די „אייליאָוס".

אַזן פריפּעטשיק ברענט אַ פייערל, די מאַמע פּאָרעט זיך עפּעס נעבן אויוון, דאָס הויזגעזינד זיצט נישט ווייט באַ א טיש, איטלעכער מיט עפּעס אַ שטיקל אַרבעט, און איינער פון די ביידע כאַוויירים, אמאָל דער, אַמאָל יענער, לייענט זיי פיר דעם „סייפער האַיאָשער", די מאַיסע דאָרט, ווי די ברידער פאַרקויפן יויסעפן אוכדוימע נאָך אַזעלכע שיינע מאַיסעס פון הייליקע סאָ־רים. דערביי שפּינט זיך אַ שמועס, איטלעכער וואַרפט אריין א וואָ־רט, מע פאַרפליט ווייטלעך, מע איז עפּעס נישט אַף דעם אוילעם — און דערווייל ווערט פאַרטיק דער באָרשטש, מיט וועלכן מע באַלייט שאַבעס־האַמאַלקע. אין שטוב זעט טאַקע אויס ווי אפן האַרצן: האַלב שאַבעסדיק, האַלב־וואָכעדיק, האַלב זיסלעך, האַלב זויער, אַזוי ווי באַם לעצטן וואַרמעס, ווען מע ריכט אויס א טייערן גאַסט אין וועג אַריין — מע זופט און מע טרייסט זיך, זיך אײַנ־גיכן ווידער צו זען...

## 2. ערעוו פייסעך.

ס'איז אַ טאָג אַכט נאָך פּורים. די זון קוקט פריינטלעכער, מילדער אַראָפּ פונם הימל, שיקט דורך אירע שטראַלן און דורך אַ געלינד ווינטל די ערשטע האַסראָע דעם ווינטער, אַז עס ענדיקט זיך אים דער טערמין פון דער דירע דאָ, אַף דר'ערד, ער זאָל מויכל זיין זיך אַרויסקלייבן, זיך רוקן ווייטער. און ער טוט דאָס אייגענע טאַקע וואָס אַ שלעכטער, איינגעשפּאַרטער שאָכן — בע־ריעט זיך, מאַכט פּוילע טנועס. באַטאָג, דער זון אין די אויגן, געזעגנט ער זיך, פאַרגיסנדיק ריקעס טרערן — טייכלעך וואַסער רינען אַף די גאַסן. — איך גיי, גיי, הייסט עס, לאָזט מיך נאָר זיך פּאַקן, פאַרנעמען מינע בעבעכעס, דעם שניי מיינעם, „פאַרשוואַרצט" איז ער, נעבעך, געוואָרן! קוים אָבער מאַכט די זון צו אַ אויג, גייט פאַרנאַכט אין איר רו אַריין, שטעלט ער מיט אַ פאַר־כמורעט, בייז פּאָנים איר אַרויס פייגן — סוסולקעס פאַרגליווערטע, און בלייבט באַ זיינעם טאַקע, אייז־קאַלט ווי פריער. נאָר אַד־אָך און־ווי איז צו אים! ער איז שוין פאַרביי, מע איז אים שוין מעוואַטל — באַ אידן איז שוין פאַר פיי־סעך, די צייט פון עפּענען טיר און טויער, אַרויסטראָגן אַף דער גאַס טיש און ביינק, שייערן, וואשן און קאַשערן אַלצדינג אַף פייסעך!

אין שטעטל ק. קאָכט זיך, טאַראַראַמט זיך אַ שרעק. אַלע האָבן צו טאָן מיט דעם ליבן פייסעך. אידישע קינדער, ווייבער און מאַנסבלען לויפן אַרום

אַף דעם מאַרק צווישן פורלעך מיט ווייץ, קאַרטאָפל, אייער און שאָר־יעראָקעס, וואָס אייסעוו כון די דערכער ברייגגט אַריין אין עכאָט יאַנקעוון אונטער אַ יאָנטעוו. אין דער מיל, הינטער דער שטאָט, פאַרוקט צווישן סאָסנאָווע וועלדער, זענען שוין געקאַשערט די שטיינער, און אידן פונם שטעטל פירן אַהין זעקלעך ווייץ, צו מאָלן עס אַף מאַצע, אָפהיטנדיק דערביי איטלעכער זיין „אָטשערעדע". די פאַבריקעס אַף מאַצע־באַקן שטייען שוין גרייט צו דער אַרבעט, מיט קנעטערנס, גיסערס, וועלגערנס, רעדלערס, זעצערס און טרעגערס מיט די גרויסע קוישן. אומעטום, אַף דעם מאַרק, אין די הייזער פילט זיך דער פייסעך, און פון די כאַדאָרים לאָזן זיך הערן קינדערשע קעלעכנס, לערנענדיק „שיר־האַשירים" אַף דעם גוטן ניגן, פון וועלכן דעם אידנס האַרץ ווערט צעשמאָלצן פאַר מעסיקעס...

## 3. „יאָמים־נוראָים".

פונם כוידעש טישרע הייבט זיך אָן אַ צעטל יאָנטויווים: דיביידע ערשטע טעג פונם כוידעש איז ראָשעשאָנע. דער צענטער טאָג — יאָמקיפער, זיי הייסן יאָמים־נוראָים", שרעקלעכע טעג, און איניינעם מיט די טעג, וואָס צווישן זיי, הייסן זיי אויך אַסערעס יעמיי טשואווע, — צען טעג צייט כאַראָטע צו האָבן אף די זינד: וויינען, בעטן און אויסבעטן אַ גוט יאָר. — — —

נאָך מיט אַ כוידעש פריער טוט אין די שולן אַ בלאָז דער שויפער און וואָרנט: אידן, עס גייט דער יאָם־האַדין! און אידן הויבן באַצייטנס אָן זיך אַרומקוקן, מאַכן אַ קלאָרן כעשבן פון זייערע מאַיסים אַ גאַנץ יאָר, און טוען אַלע מיטל, ווי אַרויס ריין פונם מישפעט, וואָס שטייט זיי פאָר — זיי זאָגן סליכעס, זוכן זיך גוטע אַדוואָקאַטן אין צדאָקע, אין אַלטע זכוס־אָוועס, צו זיין מעליצע־יוישער, פירשפרעכער פאַר זיין הייליקן קיסע־האַקאָוועד.

טאָן טשואווע, בעטן, מיט צדאָקע שמירן —
דאָס העלפט אַ שלעכטן פסאַק צו קאַסירן.

די אַרענדאַרעס פון דערפער אַרום און אַרום קומען מיט קינד און קייט, האַק און פאַק אין די שטעט אַריין, איניינעם מיט קאָל־איכראָעל צו עטיין דאָרט פאַר גאָטס געריכט און אויסבעטן פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער וועלט מענטשן, גאָר אָן אַ שום כילעק, אַ גוט יאָר, אַ דערלייזונג פון אַלדאָס־בייז.

דאָס שטעטל ק... איז גאָר נישט דאָס שטעטל, וואָס אַ גאַנץ יאָר, וואו מע זעט קיין כרישן מענטשן נישט און וואו דאָס לעבן פליסט געוויינטלעך ווי אַ שטיל וואַסערל רואיק, עפעס ווי פאַרשלאָפן. אַ פאָר טעג פאַר יאָמים־נוראָים כאַפט עס זיך אוף, עסווימלט פון נייע פאַרשוינען, וואָס קומען פונם אישעוו, פורלעך אָנגעזוצט מיט ווייבער און קינדער אַף גאַנצע בערג בעבעכעס, איבערבעטן, זעקלעך שפייז, און שטייגן מיט אויפעס ציען זיך איבער די גאַסן. באַלעבאַטים, אינגלעך, ווייסע כעוורע, גייען און לויפן אַקעגן, איטלעכער אַקעגן זיין אַרענדאַר, וואָס שטייט באַ אים יאָנטעוו אַף סטאַנציע. פון ביידע זייטן שיטן זיך רייד הויך אַף אַלערליי קוילעס — פון דאַנען שאַילעס:

פאַר וואָס אַזוי שפּעט? פאַר וואָס אַזוי און פאַר וואָס אַזוי? און פון דער אַנ־דערער זייט מאַיסעס, וואונדער און ניסים גרויסע: עס האָט געלאָפּנעט אין וועג אן אַקס, געפאַלן אַ פערד, אָפּגעריסן אַ בריק, אַ מעובערעס ווייבל האָט זיך פאַרוואָלט אינמיטנדרינען גיין צו־קינד, זיך איבערגעקערט אַ וואָגן, מע באַדאַרף גוימל בענטשן, קוים מיט דעם לעבן אַרויס... דאָרפּס־הינט באם אָנקומען מיט זייערע באַלעבאַטים רייצן אויף די אַלע שטעטלדיקע הינט. — — — דערטאַפּן זיי אַ דאָרפּס־הונט באַ זיך, ערגעץ אַף דער גאַס, מעג ער שוין זיך געזעגע־נען מיט דעם לעבן. זיי וואַרפן זיך אַף אים פון אַלע זייטן, שאַרפן די ציין, צופּן און רייסן. עס ווערט אַ געקוויטשעריי נישט אויסצוהאַלטן. קונדייסים מישן זיך אויך אַריין, הידען אונטער, וואַרפן שטיינער, מאַמעס שטייען אין די טירן, רופן, שרייען און שעלטן. אידן אַף דער גאַס כאַפּן אַ ציטער, ראַטעווען זיך און לויפן גאָר אין איין אָטעם, האַלטנדיק זיך באַ די פּאָלעס.

האַקלאַל, עס ראַשט זיך, עס קאָכט זיך, דאָס שטעטל איז אויף, ס'איז, ווי מע זאָגט, לאַיהודים! דאָס לעבן אין דעם שטעטל גייט שוין שטאַרקער, עס זעט אויס, ווי אַ שטייענדיק טייכל, וואָס וועסנע־צייט צעגיסט זיך עס, פלייצט גיך, האסטיק, מיט אַ גערויש.

און בעשאַס דעם גערויש ווייזט זיך פונדערווייטנס אַ לאַנגער וואָגן פול אָנגעזעצט מיט כאָנע מליניצערס [דעם מילנערס] הויזגעזינד. די אַלטע שקאַפּע, וואָס האָט אַביסל זיך צוגעשטעלט אַפן וועג, טוט זיך אַצינד אָן אַ קויעך אַריינפאָרן אַף דעם מאַרק קוימעמיוס, האָפּערלעך, מיט דער פּאָמפּע. און לע־קאָוועד דעם שטעטל ולעקאָוועד די פּאַרשוינען, האַמסובין בעקאן אפן וואָגן, פּאַרייסט זי דעם ווידל, שטעלט אויף די אויערן, הייבט פּיסלעך און העצקעט זיך לעבעדיק־פריילעך מיט אַ טאַראַראַם, אַ געקלאַפּעריי פון די רעדער. צוציק לאָזט זיך פאָרויס מיט דער בסורע — אַז מע פאָרט! היטנדיק זיך, פונדעסט־וועגן, די ביינער באַ אַ באַגעגעניש מיט זיין גלייכן, אין הינטישע מיילער נישט אַריינצופאַלן. יענע אים אַ שמעק — שאָלעם־אַלייכעם, און ער יענע אַ שמעק — אַלייכעם־שאָלעם! מאַכט ער אָפּ בעקיצער, אַ שמעק נאָר פון יויצע וועגן, דרייט זיך באַלד טאַקע אויס און לויפט ווייטער, די „זקיינע״ נאָך אים, האָץ־האָץ באַ רעב כאַימס שטוב, וואָס פון אַ היפּשע צייט יאָרן שטייט דאָרט איין כאָנע פון דער מיל מיט ווייב און קינדער — אַ גרויס פעקל, אָן איינאָרע!

פּאַר שלוימעלען שטעלט זיך דענסטמאָל אַ וועלט מיט נייע אַסאָקים, ס'איז דאָ באָרעכהאַשעם וואָס צו טון, אַף וואָס צו קוקן, וואָס צו באַטראַכטן...— — —

שלוימעלע אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט די נייע מינע דאָרפּס־פּאַרשוינען, אַלצדינג אין זיי קומט אים אויס עפּעס מעשונע. מיידלעך אין נייע גראָבע שיך און זאָקן, אין נייע סיטצענע קליידעלעך פון אַ מיסע־מעשונע־קאָליר, מיט גרויסע רויטע קווייטן, גלאָצן אויס גרויסע קעלבערנע אויגן, אַ פינגערל אין דעם מויל — און קוקן. אינגלעך אין כאַלאַטלעך, אין נייע קנאַקנדיקע לייבסערדאַקלעך אין לייוונטענע פּלידערלעך, בלאָזן זיך, שעמען זיך, קאַלופּען די נאָז — און שיסן פּלוצלים אויס, אין קולאַק, אַ געלעכטער, ווישנדיק בעשאַס־מאַיסע טאַקע מיט דעם אַרבל, מיט דער פּאָלע די נאָז,

מעכילע. היינט דאָס רעדן זייערס, דאָס עסן, איז אויך עפּעס אומגעלומפּערט — דאַכט זיך, גערעדט, און ס'איז עפּעס גאָר געבעבעט, דאַכט זיך, געגעסן, און ס'איז עפּעס גאָר געפּרעסן. אַ קייען אַביסל, משטיינס־געזאָגט, אַ מאַכן מיט די באַקן, אַ זופּן מיט אַ הילך! דאָס אייגענע פּאָנים, דאַכט זיך, דאָס אייגענע פלייש, און פאָרט עפּעס נישט אזוי ווי בא שטאָטלייט — עס שמעקט עפּעס מיט דאָרף. — — —

כאָנע אַקעגן דעם טאַטן האָט גאָר עפּעס קיין פּאָנים נישט! ס'איז אויך אַ גרויסער כילעק צווישן טויבע־סאָסין, כאָנעס ווייב, און דער מאַמע זיינער. טויבע־סאָסי איז אַ ברייטביינערדיקע, אַ יאָדערדיקע; אירע הענט, איר פּאָנים זיינען עפּעס מעגושעם: פאַרברענט, פאַרבראָטן פון דער זון. גייט זי — איז געגאַנגען, מע פילט, אַז זי שטעלט אַ פוס, רעדט זי — איז גערעדט מיט לעפצן, אָף דער געמבע. זי איז גוט, נאָר אָבער פּראָסט. זי איז פּרום, וויינט בא ליכט־בענטשן, כליפּעט ווי באַלד זי דערהערט פון דער פּירזאָגערן אַ קאָל, כאָטש זי פאַרשטייט ניט קיין וואָרט. אַקעגן־זשע סאָרע, די מאַמע זיינע, איז אָן איידעלע, אַ שוואַכע. האָט קליינע, ווייסע הענט מיט דינע בלויע עדערלעך, אַ פאַרפרומט בלייך פּאָנים מיט דינע ליפּן — אינגאַנצן עפּעס אַ רוכניעס, און אַז זי גייט, דאַכט זיך, זי שוועבט. זי איז אַ וואוילקענענדיקע, קען אַלע טכי־נעס פון ערעץ־איסראָעל, ווייסט אויך דעם „מעין־טהור", אַלע דינים פון „חנ״ה", וואָס געהערן זיך אָן מיט אַן אישע, לייענט דעם „צאינה־וראינה׳", דעם „מנורת־המאור" און נאָך אַזעלכע ספאָרים. ווייזט ווייבער אין שול צו דאַוונען, וואָס צו זאָגן, ווען צו שפּרינגען „קאָדויש", לייענט זיי אויך פאָר, און האָט מיט זיך דאָרט, אין דער ווייבערשער שול, אַ לימענע אָדער טראָפּנס אַזוינע, אופ־צומינטערן אי זיך אי אַנדערע בעשאַס דעם כאַלעשן.

און בעעמעס טאַקע, אַז סאָרע פלעגט לייענען, האָט מען געקענט טאַקע כאַלעשן. איר לייענען איז געווען פול מיט געפיל, איר ניגנדל דערבייַ האָט גערירט, געצופּט בא דער נעשאָמע, אַ שטיין אפילע וואָלט פון אירע טרערן אויך צעגאָסן געוואָרן. ס'איז קעדאַי אָף אַ ציקאַוועשט צו שטעלן דאָ כאָטש אַביסל פון דער טכינע ערעוו יאָמקיפּער בא די וועקסענע ליכט מאַכן.

סאָרע לייגט קנייטלעך. ווייבער, שכיינעס מיט געבראָכענע הערצער שטייען אַרום איר. זי לייענט און לייענט זיי דערבייַ פיר מיט אַ רירנדער שטימע טיף פונם האַרצן:

„ריבוינע־שעל־אוילעם, דערבאַרעמדיקער גאָט! די ליכט, וואָס מיר וועלן מאַכן אין שול אריין פאַר דיין הייליקן נאָמען וועגן און פאַר די הייליקע ריינע נעשאָמעס, זאָלן דערוועקן די הייליקע אָוועס וועאימאָעס, זיי זאָלן אויס זייערע קוואָרים פאַר אונז בעטן, אַז קיין בייז, צאָרעס, קיין לייד זאָלן אָף אונז נישט קומען, און אונזער ליכט און אונזערע מאַנענס ליכט און קינדערס ליכט זאָלן נישט אויסגעלאָשן ווערן פאַר דער צייט, כאַס־וועשאָלעם... ווי איך וועל לייגן דעם פאָדעם פון די קנייטלעך פאר אונזער פאָטער אַווראָהאָם, וואָס דו האָסט אים מאַצל געווען פון דעם פייער און קאַלכאויוון, אַזוי זאָלסטו אונז רייניקן פון זינד, אונזער נעשאָמע זאָל קומען ריין פון שולד צו דיר, ווי זי

איז געקומען ריין אין אונזער גוף אריין. — אין דעם זכוס, וואָס איך לייג דעם פּאָדעם פאַר אונזער מוטער סאָרע, זאָל גאָט באָרוך־הו אונז געדיינקען דעם זכוס פון איר צאַר, אַז מע האָט איר ליבן זון איצכאָק געפירט צו דער אַקיידע, לאָז זי אַ גוטע מייליצע זיין, אַז מע זאָל ניט כאַפּן בא אונז אונזערע קינדער־לעך, זיי זאָלן פון אונז נישט אַוועקגענומען ווערן און נישט פאַרוואָרפן ווערן ווייט פון אונז ווי די בלודנע שעפעלעך. — אין דעם זכוס, וואָס מיר לייגן דעם פּאָדעם פאַר אונזער פאָטער איצכאָק, זאָלסטו זיך איבער אונז דערבאַרעמען, אַז מיר זאָלן קענען מעגאַדל זיין אונזערע קינדער, זיי קענען האַלטן בא אַ רעבן, עס זאָלן, ווי דאָס ליכט, אונזערע קינדערס אויגן לייכטן אין לערנען, אין דער ליבער טוירע... פאַר דעם פּאָדעם, וואָס מיר לייגן פאַר אונזער פאָטער יאַקויוו, וועלכן דו האָסט געהאָלפן פון די סאָנים, בייגעשטאַנען אים אין זיינע נויטן, אַזוי זאָלסטו אונז העלפן פון קאָל האַמאַשכיסים וועהאַמקאַטרייגים, זיי זאָלן נישט קענען אָנרעדן אף אונז שלעכטס, אויסטראַכטן בילבולים, צו פאַר־שוואַרצן אונזער נאָמען... מיר זאָלן אין דעם יאָם־האַדין האָבן אַ גוטן מישפּעט מיט אונזערע מאַנען און קינדער, מיר זאָלן כאָלילע נישט זיין קיין אַלמאָנעס און אונזערע קינדער קיין יעסוימים... ביזכוס שלוימע, וואָס האָט געבויעט דאָס בייס־האַמיקדעש און טפילע געטון, ווען אַפילע נישט קיין איד, אַ פרעמדער גאָר פון אן אַנדער אומע, אַז ער וועט קומען אין בייס־האַמיקדעש אריין און דיך בעטן, זאָל זיין געבעט אויך אָנגענומען ווערן — אין דעם זכוס, ריבוינע־שעל־אוילעם, זאָל נישט פאַרשלאָסן ווערן דער טויער פונם הימל פאַר מיין געבעט, און לאָמיר געדאַכט ווערן מיט מיין מאַן און מיט מיינע קינדער און מיט אלע לייט צום גוטן אין דעם נייעם יאָר. אָמיין!״

## 4. דער קאַבצאַנסקער באַלבעכי.

צו דערציילן דאָ, ווי לייזער־יאַנקל האָט ראָשעשאָנע שטאַרק געאַרבעט אין דאַוונען, וואָלט געווען אַ שטיקל אומרעכט אַקעגן דעם איבעריקן אוילעם פונם קלייזל, ווייל דער אוילעם אידן האָט פון זיין זייט אויך געאַרבעט, געשריגן מיט אים איניינעם. לייזער־יאַנקל איז עמעס כאַקע געווען דער „שאַליעך־ציבער״, דאָס הייסט, דער דעפּוטאַט, אויסגעקליבן פון קאָהאָל, צו דעם ריבוינע־שעל־אוילעם; נאָר אידישע קינדער אָבער האָבן ליב אומעטום זיך אַריינצומישן, און ווען זייער דעפּוטאַט זאָל אפילע זיין מיט הערנער, אַ אַנטיק אין דער וועלט, דאָך קוים לאָז ער עפענען אַ מויל זיך עפּעס אָנצורופן, פאַלן זיי אים אַריין אין דער מיט איטלעכער מיט זיינס, איטלעכער מיט זיין צינגל אף זיין שטייגער, טראַכטנדיק אין האַרצן: יענער מעג זיך זיין דאָרט וואָס ער איז, פאַרשטיי איך נאָך, נישקאָשע, אַ זאַך עפּשער אזוי גוט ווי ער. יענער מעג זיך הייסן מיין מענטש, האָבן פון מיר אַ „קויעך־הארשאָע״, פונדעסטוועגן קוקן אים אין מויל אריין צופיל טאָר מען נישט, מע מוז אים אַמאָל ווייזן און אַרויס מיט אַ וואָרט. קלאָמפּערשט הייסט עס, יענער איז דער אַדוואָקאַט, דער שטאַדלען, מע פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אַף אים, פונדעסטוועגן אליין מוז מען

אויך עפּעס טאָן, זיך קלאָגן אויבן, אין סענאַט פאַר דעם אויבערשטן און אָנ־בעטן הינטן־אַרום אויך די גרויסע סאָרים פּצפּציה אוכעדוימע דאָס גאַנצע פּעקל סטראַפּטשעס, סעקרעטאַרן מיט זייערע פּאַקטוירים אין בעסדן־שעל־מאילע דאָרט.

און די קינדער איסראָעל אַרבעטן, לאָזן זיך הערן אַף קוילעס ביז דעם זיבעטן הימל. ס'איז אַ ליאַרעם, אַ געפּילדער, אַז טאַקע איין גאָט נאָר קען פאַרשטיין, וואָס זיינע אידעלעך ווילן, וואָס זיי בעטן און שרייען.

דער אוילעם אידן האָט גוט געשריגן, לייזער־יאַנקל אָבער האָט זיי אַרי־בערגעשריגן, פאָרט טאַקע אויסגעפּירט זיינס — אָפּגעשפּילט דעם „מלך עליון" מיט אַ מאַרש, לעבעדיק, קנאַקנדיק, און הערשעלען איז אויך עטלעכע מאָל געראָטן צו טאָן אַ קוויטש, אַזוי אַז עס האָט געהילכט.

אָט אַזוי איז אָפּגעלאָפן דאָס דאַווגען דעם ערשטן טאָג ראָשעשאָנע. לייזער־יאַנקל, הייסט עס, איז געווען פון אויבן, ער האָט איינגענומען. דעם אַנדערן טאָג אָבער האָט שוין גרוועער געווען טאַקע דער אוילעם. עס האָט זיך געראַשט און גערוישט באַם זאָגן די שטיקלעך פּיוט מיט די טפּילעס, ווי עס רוישט זיך דער וואַלד בעשאַס אַ שטורעמווינט, אַף אַלערליי טרויערדיקע קוילעס. עס האָבן געשריגן העלזער, געזיפּצט, געקרעכצט הערצער, הענט האָבן געפּאַטשט, פינגער געקנאַקט און קעפּ האַלב־איבערגעדעקטע און אינגאַנצן ביז דעם בויך איבערגעדעקטע מיט טאַלייסים האָבן זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן, געשאָקלט אַרויף און אַראָפּ.

איינג איז געווען אין קלייזל, אַ שפּילצן קעפּל אַהין נישט אַריינצוּוואַרפן. הייס, אַ שרעק! לייזער־יאַנקל איז אָפּגעגאַנגען מיט שווייס און, כאַפּנדיק אַ בלאָז פון אַ צוג־ווינטל, האָט ער פאַרלוירן דאָס קאָל, איז געבליבן ווי דערוואָרגן, נעבעך. געראַטעוועט האָט אים נאָר דאָס אײנציקע מיטל, וואָס ער האָט, וואו ס'איז אויסגעקומען צו זאָגן מיט מויל עפּעס אַ רירנדיק שטיקל, זיך געשמאַק צעוויינט, געגאָסן טייכן טרערן, אָפּכאַפּנדיק דערווייל די ווערטער אונטער דער נאָז — און דאָס איז איטלעכן שטאַרק געפעלן.

אַף ווייַנען איז לייזער־יאַנקל געווען איין מאַיסטער אין דער וועלט, ער האָט געוויינט עפּעס מעכאיעדיק־געשמאַק: דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ נאָמען אין אונזער ווינקל, און ער האָט געהייסן „דער קאַבצאַנסקער באַל־בעכי". אַנדערע האָבן אים דרינען פאַרגליכן צו דעם באַרימטן ליטווישן כאַזן „די קלאָג־מוטער". יענער, אַזוי שמועסט פון אים די וועלט, האָט אין זיין צייט געווינט עפּעס געטלעך, באַטאַמט: אַלץ מאַמע, מאַמע! גאַנץ אידישלעך, מיט דעם זיבעטן כיין.

## 5. רעב נאָכעם רויזעווער פאָרט שטאַרבן קיין ערעץ־איסראָעל.

אַז רעב נאָכעם פונם שטעטל רויזעוו האָט אויסגעגעבן די יונגסטע טאָכטער זיינע און איז געבליבן אַף דער עלטער אַן אַלמען, האָט ער זיך פאַרנומען פאָרן בעלי־ניידער שטאַרבן אין ערעץ־איסראָעל. נאָר אַזוי ווי ביז דעם שטאַרבן באַדאַרף דאָך אַ מענטש האָבן צום לעבן, און אַ איד —

דערצו נאָך כאַסענע האָבן אויך, הייסט דאָך עס, מע באַדאַרף האָבן געלט. וואָס־זשע טוט מען? בעכיין האָט רעבֿ נאָכעם געטאָן דאָס, וואָס אַנדערע אידן אין אַזאַ פֿאַל טוען — ער איז עטלעכע יאָר אַרומגעפֿאָרן צווישן אידישע קינ־דער, פֿון איין שטאָט אין דער אַנדערער, זיך צו געזעגענען, דאָס הייסט, נעמען שיינע נעדאָווועס און מאַכן באַשטעלונגען, אויבֿ עס לאָזט זיך נאָר, אַף ווייטער אויך, אימירצעשעם. אַזאַ פֿאַרנאָסע, ווי „געזעגענען זיך", רעכנט זיך באַ אידן שוין גאָר נישקאָשעדיק, אַזעלכער, וואָס פֿאָרט אַהין שטאַרבֿן, איז בעקאָוועדיקער פֿון אַלע אַנדערע מינע מעקאַבלים, באַטלאָנים און אויך פֿון ניסראָפּים, אַשטייגער, ער שמעקט שוין מיט קוואָרעס־בלעטלעך — מיט ערעץ־איסראָעל, ער איז שוין אַ קאַנדידאַט אַף אַ יערושאַלמי!.., רעבֿ נאָכעם איז אַרומגעפֿאָרן אַזוי עטלעכע יאָר און האָט צו אידן, כאָלילע, נישט דערלייגט. מע האָט אים פֿאַרבעטן דער אַף אַ וועטשערע, יענער אַף וואַרמעס, און באַם געזעגענען זיך אים געגעבֿן אין האַנט אריין אויך. רעבֿ נאָכעם פֿון זיין זייט האָט זיי צוגעזאָגט דערפֿאַר זייער פֿיל האַווטאָכעס — דעם אַזוי, יענעם אַזוי, איינעם — בעטן פֿאַר אים אַפֿן קייווער פֿון מייער באַלנעס, און דעם אַנ־דערן — ערעץ־איסראָעל־ערד... רעבֿ נאָכעם האָט נישט פֿאַרשעמט דאָס שטעטל ק..., וואו ער האָט געהאַט באַקאַנטע און עטלעכע ווייטע קרויווים, און אין אַ שיינעם זומער־טאָג איז ער געקומען זיך געזעגענען אַהין.

געוויינטלעך עסט מען זומער אין שטעטל וועטשערע באַ דער שיין פֿון דער לעוואָנע, אויבֿ זי איז דאָ, און אויבֿ ניט — באַ א כיילעוודיק גראָשן ליכטל. מע מאַכט עס בעקיצער, און אַ גוטע נאַכט — שלאָפֿן! באַלד טאַקע, אָדער נאָכ־דעם ווי מע לופֿטערט זיך אין דרויסן אַביסל אויס. אין איין זומער־נאַכט אָבער, זייער א ליכטיקע, כאָטש פֿערל צו קלייבן, איז באַ רעבֿ כאַימען אין הויז געווען אַ פֿאַרענדערונג: דער טיש איז געגרייט גאַנץ פֿיין, ליכט ברענען אין מעשענע לייכטער, עפֿעס יאָנטעוודיק — דאָס האָט רעבֿ כאַים פֿאַרבעטן צו זיך רעבֿ נאָכעם דויזעווער אַף וועטשערע. עס האָט זיך געצויגן באַם טיש אַ לאַנגער, אַ ברייטער שמועס איבער דעם קויסל־מאַראָווי און דער מעאָרעס־האַמאַכפּײלע, איבער דעם האַר־האַזייסים און דער מוטער ראָכלס קייווער, איבער כורווע און קוואָרים, און מע האָט פֿאַרבײסן מיט א שמועס איבער פֿייגן, טייטלען, מילגרוימען און באָקסערן. אַלע האָבן זיך באַלעקט, די אויגן האָבן געפֿלאַמט, געפֿינקלט פֿאַר גרויס האַנאָע. רעבֿ נאָכעם איז זייער באַריידעוודיק, רעדט און רעדט, גלייך ווי ער איז שוין דאָרט געווען, אַלצדינג געזעען מיט זיינע אויגן, און אַלע קוקן אים אין מויל אַריין, קוקן מיט ליבשאַפֿט, מיט גרויס דערעכע־רעץ און זיינען אים אין האַרץ שטאַרק מעקאַנע, וואָס אים איז באַשערט דאָרט צו זיין. עפֿעס אַזוי גרינג זאָגט זיך עס: ערעץ־איסראָעל, יערושאָלאַים! דאַכט זיך, אין פֿלוג, אַ לאַנד — אַ לאַנד, א שטאָט — אַ שטאָט: הייזער, ערד, שטויבֿ, מיסט, בלאָטע. נאָר ניין! עפֿעס איז עס אַנדערש. וואָס אַנדערש, ווי אַנדערש? דאָס לאָזט זיך גאָר ניט זאָגן. עפֿעס איז עס נישט מעגושעם גראָבֿ, נאָר א רוכניעס. מע באַדאַרף עס פֿילן. היינט נעמען — אַף לאָשן־קוידעש, שטעט, ערטער, וואָס שטייען אין דער טוירע!

דער שמועס איז דערנאָך איבערגעגאַנגען אַף אַנדערע, פּראָסטע זאַכן. רעב נאָכעם איז דאָך אויסגעווען עפּעס אַ וועלט, זיך געזעגנט מיט אַזוי פיל אידן, אָן איינאָרע, און אָנגעזעען, אָנגעהערט זיך זאַכן גאָר א יאַם! ווילנע האָט אין דעם שמועס געשפּילט די הויפּט־ראָלע, מער ווי פון אַנדערע שטעט האָט מען זיך אינטערעסירט מיט איר. רעב נאָכעם האָט דערציילט כידושים פון אירע מעשונע־באַרימטע ראַבאָנים, פון אירע ווילדע קצינים און שרעקלעך גרויסע גווירים, פון קלויזן, יעשיוועס און אָרעמע באָכורים — אַי־אַי! אויסלאָזנדיק מיט האַלבע מאַלכעס עפּעס, אין אַ געסל ערגעץ דאָרט, וואו ס'איז סאַקאָנעס, און מע שייעט זיך גיין דאָרט באַנאַכט — שוין אף א נידעריק אומעטיק קאָל: אָי־אָי! און גאָר צום סאָף איז ער ארויס שטאַרק אָנגעלאָדן אף בערלינער עפּעס.—אָט די אידן פון די שקאָלעס דאָרט פון לייליענטאַלס קנופּיע,—האָט ער געזאָגט, פאַרדרייענדיק מיט דער נאָז, געמומען דערציילן מאַיסעס, כויזעק מאַכן פון זיי, אַז דאָס זענען עפּעס ווילדע ברואים, זיצן באַ זיך, ווען קיינער זעט נישט, אָן היטלען און עסן אָן געוואַשן! די טוירע זייערע באַשטייט אין לאָשן, אין קורצע שורעלעך מיט מעליצע, אַלץ: אַהה, אַהה, ווייגעשריגן!... איינער, דער עלטסטער זייערער, עסט, זאָגט מען, שנויצן מיט ברויט. מע זאָגט, ער שטעקט אַריין אַ כיילעוודיק ליכט אין דער קאַשע און עסט... — אָה־האָ־האָ!

## 6. וואָס הייסט אַן אוויירע?

דענסטמאָל האָב איך נאָך נישט גוט געוואוסט ביכלאַל צו אונטערשיידן, וואָס מע מעג און וואָס מע טאָר נישט. אַן אוויירע האָט באַ מיר געהייסן: קוקן, אַשטייגער, אף די קויהאַנים בעשאַס דוכענען; נישט שלאָגן קיין קאַפּאָ־רעס, נישט גיין צו טאַשלעך; שניידן די נעגל קעסיידער, נישט איבערהיפּערן א פינגער איבער א פינגער; נישט צולייגן צו די אָפּגעשניטענע נעגל דריי פּיצלעך האָלץ, אָפּגעשניצט פון א סטענדער צי פון אַ טיש, זיי זאָלן אף יענער וועלט דאָרט דינען פאַר קאָשערע איידעס; נישט גלויבן אין אַ באַלשעם; נישט גלויבן אין אַ לעץ; נישט גלויבן, אַז אין דער גרויסער שול דאַווענען באַנאַכט מייסים; נישט גלויבן אין אוילעם־האַטויהו — דאָס הייסט: נישט גלויבן, אַז אַסאַך מענטשן גייען אַרום צווישן אונז, דאָ אף דעם אוילעם, זיי האַנדלען, דאַכט זיך, זיי מאַכן געשעפטן, זיי פאָרן אַף יאַרידן, קויפן און פאַרקויפן, הו־האַ־הו! און בעעמעס זענען זיי נאָר מייסים, טויטע־געשטאָרבענע, נעבעך, אף דעם אוילעם־האַטויהו... נישט גלויבן, אַז צום בעזליודעווער פלעגן קומען מיי־סים צום מישפּעט, געפירט פונם מאַלעך־האַדוימע מיט אַ קאָמאַנדע מאַלכע־כאַ־באָלע, ווי אַרעסטאַנטן, אָדער נישט צו גלויבן, אַז „ער״ טאַקע, אָלעוו־האַשאָלעם, האָט געהאַט קפיצעס־האַדערעך — פונדאַנען אין הימל איז באַ אים געווען אַ שפּיי, ער איז דאָרט געווען א כאָשעוו, געהאַט אין דער האַנט דעם שליסל פון קינדער, פון שניי און רעגן; נישט גלויבן, אַז מענטשן ווערן מע־גולגל אין בעהיימעס, כאַיעס און אויפעס? — — — קורץ, אָט אַזעלכע מינע זאַכן האָבן באַ מיר געהייסן אַווייראָס. — — — —

דאָס, וואָס איז נישט שיין, פּאַסט נישט פאַר אַ אידן, אַ באַוויבטן, אַ טאָרוד אין דער פּאַרנאָסע, קען מען עס נאָך ווי ס'איז מאַטער זיין אַ אינגל: מייכעטייסע, שפּאַציר דיר אַמאָל הינטער דער שטוב — אַף דער נאַטור, ווי הייסט עס באַ זיי דאָרט, וואַלגער זיך אַף דער ערד, אַפּן גראָז און קוק דיר אָפּ, אָט איז אַ זשוקל, אַ מוישע־ראַבייינוס קיעלע, אַ פייגעלע, אַ שמייגעלע! פּאָרט נישט מער ווי אַ נאַריש אינגל, אָבער אַלצדינג, שייגעץ, מיט אַ מאָס. פּאַרגעס נישט, יונגאַטש, אַז אַ אידיש קינד באַדאַרף לערנען, אַ אינגעלע, דו שנעק איינער, באַדאַרף אין זינען האָבן די געמאָרע, עפּעס איז דאָך, שקאָץ, אַ געמאָרע „ביצה", „כתובות" אויך דאָ אַף דער וועלט!.. יאָ, ווען אַזוי, וואָלט מען צו שלוימעלען גאָר ניט געקענט האָבן. מיילע, איז ער זיך אַביסל... ווייס איך וואָס? גאָר נישט! די צאָרע טאַקע איז דאָך אָבער, וואָס ער האָט נישט געוואוסט קיין מאָס, האָט זיך אַביסל טאַקע פּאַרגעסן, פלעגט פּאַרפאַלן ווערן אַמאָל און פאַרשפּעטיקן אַהיים צו מיטאָג. דער טאַטע האָט עס נישט באַמערקט, ווייל שטענדיק איז ער באַשעפטיקט, פלעגט טאָמיד, כוץ שאַבעס און יאָנטעוו, עסן באַזונדער, נישט אינאיינעם מיט דעם הויזגעזינד. די מאַמע ווידער האָט געהאַט צו טאָן מיט דעם באַלעבאַטישקייט, פּאַרנומען געווען מיט אירע זאַכן. און אַז זי איז אַקעגן אים איינמאָל אַרויס מיט דער שפּראַך: וואוהין ווערט עס אַ אינגעלע פּאַרפאַלן? דערביי אים געשראָקן, אַז זי מוז עס, נישקאָשע, דערציילן דעם טאַטן — האָט שלוימעלע זיך געמאַכט טאַם, גע־ענטפערט מיט אַזאַ מינעלע, ווי איינער, וואָס איז גאָט די נעשאָמע שול־דיק, סטייטש, ער איז דאָך געזעסן די גאַנצע צייט אויבן, הע־הע, אין דער ווייבערשער שול און געלערנט!

אָט דענסטמאָל ערשט, אַז שלוימעלע איז שוין פּאַרקראָכן אַביסל וויטלעך, האָט דער שלימעזאלניק, דער ייצער־טאָוו זיינער, זיך אויסגעשלאָגן אים גוט אויסשייגעצן — אַזוי און אַזוי, קונדעס איינער! לוי־דאַי וואָס גייסט אַרום שלינג און שלאַנג, אָפּגעריסן זיך פונם לערנען, ביסטו נאָך צו אַלע צאָרעס אַ ליגנער אויך — נאַרסט אָפּ. וו ע מ ע ן נאָך? אַן אייגענע מאַמען! דער גענעם איז דאָך פאַר דיר קאַרג.

אוי, אַ ווייטיק אַ גרויסער, דעם גענעם האָט דאָך שלוימעלע גוט געקענט פונם „שבט מוסר" און נאָך אַזעלכע ספאָרים, ווי יענע באַשרייבן די זיבן מי־נע העלישע פייערן, אין וועלכע עס פּרעגלען זיך, עס קומען אָפּ די אָרעמע באַלע־אַווייִרעס; אויך די מעשונע־ווילדע מאלאכע־כאַבאָלע מיט די אייזערנע ריטער; באַשריבן איטלעכס פּיצעלע באַזונדער, גלייך ווי זיי וואָלטן דאָרט געווען אַליין, אַלצדינג געזעען מיט אייגענע אויגן! — אוי־וויי, ס'איז דאָך עפּעס גאָר ניט גוט! וואָס טוט מען? —

שלוימעלע טוט טשואווע!... ער דאַוונט, בעט, גיסט אויס זיין האַרץ פאַר גאָט שטילערהייט מיט געפיל און זאָגט אים צו „הרים וגבעות": נעמען זיך בעלי־ניידער ווייטער צום לערנען, זיין, אימירצעשעם, אַ איד, טאַקע וואָס אַ איד הייסט — כוץ דעם בעסמעדרעש נישט אָנקוקן די וועלט, פּע־פּע!...

דאָס איז אָבער נאָר געזאָגט. פאַרפאַלן! איז אין אַ מענטש דאָ געשמאַק, געפיל, באַהיט זאָל מען ווערן, לאָזט זיך עס נישט אַזוי גרינג מיט דער האַנט אַוועקמאַכן. איז אים געפעלן, מאַיסע־סאָטן, די מעגושעם־שיינע ווערק גאָטס, פּאָשעט אין דער פאָרמע, אין דער געשטאַלט ווי זיי זיינען, וועט קיין מוסער־סייפער נישט קענען עס אים פאַרמיעסן, מאַכנדיק דערפון אַש, אָפּער־וועאיי־פער... עס וועט אים, נישט פאַר אידישע קינדער געדאַכט, עפּעס גאָר ווי אַ מאַגנעט ציען, ציען, ציען... שיינע צורעס, גוטע זאַכן, זינדיקע מענטשן דער־מיט צו פאַרפירן זיינען פאַר דעם ייצער־האָרע אַף דער וועלט דאָ גענוג, אי־בערגענוג—ווילסט נישט דאָס, נאַ־זשע דיר, נעשאָמעניו, יענץ, דאָס קלאָמערשט איז פע, נאַ־זשע דיר, שלוימעלע, אַ פראַדל, אַ שיינס, אַ פיינס, מאָלע־כיין!...

פראַדל, נאָך גאָר אַ קינד, מיט שלוימעלען אין איינע יאָרן, שטאַמט פון לייטישע עלטערן, רעב כאַימס שטיקלעך מעכוטאָנים, וואָס האָבן מיט עטלעכע יאָר צוריק זיך באַזעצט אין דעם שטעקל ק... פראַדל פלעגט זייער אָפט קו־מען צו רעב כאַימען אין הויז, זיך שפילן מיט די קינדער דאָרט, איז באַליבט געווען באַם גאַנצן הויזגעזינד פאַר איר גוטסקייט, פאַר איר שיינקייט—און שלוימעלע האָט זיך אויס איר גאָרנישט געמאַכט, גלייך ווי זי איז גאָר אַף דער וועלט נישטאָ. פראַדל—פראַדל, איינע, וואָס האָט געהייסן פראַדל! מיט־אַמאָל אָבער וואַקסט פאַר אים אויס פלוצלים, ווי פון דער העלער הויט, אַ פראַדל, אַ בילד־שיינע, גאָר אַנטיק—און עס גיט אים עפּעס אַ צי, אַ טיאָכק דאָס הערצעלע, עפּעס לויפט אים ווי אַ הייסער שטראָם דורך די אַלע גלידער, רויט און בלייך ווערט ער אַף איינמאָל! עס ציט אים, עס גלוסט זיך אים אף איר צו קוקן און קוקן, נאָר געוואַלד, ריבוינע־שעל־אוילעם, וואָס טוט מען מיט דיר? ס'איז דאָך אַ גרויסע אַווירע!... ער ראַנגלט זיך מיט דעם ייצער־האָרע, ווי אַ איד, אַ ווילדער אַקשן: ניין, מע טאָר נישט, ניין, ניין, וועסט בא מיר נישט פויעלן—און כאַפּט לעסאָף נעבעך אַ קליין קוקעלע! שפּעטער אַביסל—שוין עטלעכע, וואָס ווייטער, ווייטער—ווערט דאָס ראַנגלען זיך זיינס מיט דעם ייצער־האָרע שוואַכער, די מוירע פאַר גאָט שוין נישט אַזוי ווי די מוירע פאַר לייט—אוי, לאָז כאָטש אַ זייטיקער מענטש עס נישט באַמערקן, כאָלילע. אין הונדערטן פאַל, טאָמער שטויסט זיך עמעצער אָן, איז אים ניכע באַגראָבן זיך לעבעדיקערהייט. ער האָט אָנגעהויבן פאַר מוירע זיך אַרומצוקוקן, ווי אַ גאַנעוו, כוישעד זיין בא זיך איטלעכן אין שטוב, טאָמער האָט דער עפּעס אָנגעמעקט, טאָמער ווייסט יענער וואָס אין האַרץ בא אים טוט זיך אַזוינס, גלייך ווי ער וואָלט געווען פון גלאָז, דורכזיכטיק, מע זעט זיינע געדאַנקען, זיינע געפילן, אַלצדינג וואָס אינעווייניק אין אים גייט פאָר.

## 7. דער באַלשעם.

אין דעם שטעטל ק... פלעגט צייטנווייס זיך אַ ווייז טאָן, ווי פלוצים פונם הימל אַראָפּגעפאַלן, אַ איד מיט אַ ווילדער גרויער באָרד, איין אויג אַ בלינדס, דאָס אויסזען זיינס שטאַרק־שטאַרק מעשונע, און געקוקט האָט ער בייז פון

אונטער די לאַנגע ברעמען, האַלטנדיק אַביסל איינגעבויגן דעם קאָפּ. זיין אָנ־קומען האָט זיך געלאָזט הערן אין דעם גאַנצן שטעטל, אַלע אין איין קאָל: דער באַלשעם, רעב עליע באַלשעם! אידן פלעגן ניט קענען זיך זאַט אָנדער־ציילן פון רעב עליעס גרויסע וואונדער, פון זיינע סגולעס און קאמייעס — דאָרט און דאָרט האָט ער אַרויסגעטריבן אַ גילגל, דענסטמאָל און דענסטמאָל האָט ער געהאט צו טאָן מיט „זיי״, מיט די נישט־גוטע, וואָס האָבן פאר אים דאָס נייַניעריקע, ציטערן פאַר זיין פּיפּס. דערביי איז דערקלערט געוואָרן דער טאָם פון זיין בלינד אויג אַזוי: אַז ער רופט צונויף די שיידים וועגן עפּעס אַ זאַך, שיט ער אויס אַ זעקעלע מאָן און הייסט זיי מיט אַ שפּרוך ביז איין מאָנדל צונויפקלייבן, וואָרום אָן עפּעס אַן אַרבעט, לאָזן זיי איין רעגע שטיין ליידיק, קענען זיי מאַזיק זיין. איינמאָל האָט ער זיך פארגעסן מאָן אויסצו־שיטן, האָבן זיי אים אן אויג אויסגעדראַפּעט.

אָט דעם רעב עליען, איבער וועלכן עס האָט זיך אַרומגעטראָגן אַזעלכע שרעקלעכע מאַיסעס, אַז שלוימעלע האָט דערזעען, איז אים פאַר שרעק דער מאַמעס מילך אנטפאלן. עמעס טאַקע, ווי רעב עליע פּאָרעט זיך מיט רוכעס, דערביי איז ער נישט געווען, נאָר דאָס בלינדע אויגל האָט אים באַוויזן גאַנץ קלאָר, אַז די מאַיסע, אַפּאָנים, איז טאַקע אַזוי — עלע נישט, פאר וואָס־זשע איז ער בלינד?... שפּעטער אַביסל, מיט דער צייט, איז אים באַשערט געווען צו זען אַזוינס אַליין טאַקע, מיט זיינע אויגן.

ווינטער באַנאַכט, אַרום נייַן אַזייגער, פלעגט געווינטלעך שלוימעלע און זיינע כאַווירים גיין פונם כיידער מיט פּאַפּירענע לאַמטערנדלעך אין די הענט, מיט געפּילדער און געזאַנג, פּייפנדיק אין די קולאַקעס און צופּויקנדיק מיט די באַקן. קוים איז מען אַפּן וועג צוגעקומען צו דער גרויסער קאַלטער שול, וואו עס דאַוונען אַלע נאַכט מייסים, לויט אידן מיט בערד זאָגן, האָט פּלוצים עפּעס ווי אָפּגענומען דאָס לאָשן. מע איז אין איין שרעק איבערגעלאָפן דאָס שטיקל וועג פאַרביי איר, האַלטנדיק זיך באַ די ציצעס און שרייענדיק, באַ זיך אין האַרצן, „שמאַ־איסראָעל!״ דערנאָך, אַז גאָט האָט געהאָלפן, מע איז פון דער סאַקאָנע אַרויס, האָבן אידישע קינדער, ווי דער שטייגער איז, זיך געשטאַרקט, געעפנט אַ מויל און געזונגען שירע האָפּערדיק באַהארצט.

איינמאָל, אין אַ שטאַרק קאַלטער ווינטער־נאַכט, אַז שלוימעלע איז באַ־האַרצט, ווי געווינטלעך, אַריינגעלאָפן אין שטוב, האָט מען אים באַלד אָפּגע־שטעלט מיט אַ בייז־אומעטיקער מינע, און דער „גוטן אָוונט!״ איז אים גע־בליבן שטיין ווי אַ ביין אין האַלז. ער וויל ארויס מיט עפּעס אַ וואָרט, נאָר מע ווייזט אים ווינקענדיק מיט אַ פינגער אַפן מויל — שאַ! ער זעט, ס'איז עפּעס נישט גלאַט. אין שטוב איז טונקל, די מאַמע איז נישטאָ, פון די מאַנ־סבלען אויך קיינער נישטאָ, די קינדער זיצן צעשטערט, איטלעכער פאר זיך אין אַ ווינקעלע. וואָס זאָל ער נעבעך טאָן? ער גייט, פון קיינעם נישט באַ־מערקט, אַף די שפּיץ־פינגער און קלעטערט אַרוף שטיל ווי אַ קעצעלע אַפן אויוון, כאָטש צו דערוואַרעמען אַביסל די נעשאָמע פאר קעלט. פונם אַלקערל אַף יענער זייט אויוון — אַ כיידערל פאר אַ פּאָר־פּאַלק, פאר דעם עלטערן

בּרודער מיט דעם ווייב — טוט אים עפּעס שטאַרק אַ שיין. ער ציט ליגנדיק זיך אויס מיט דעם קאָפּ אַהין, גיט בּיגנייוועַ אַ בּליק און בּלייבּט פאַרגאפט, נישט קענען אַ ריר זיך צו טאָן מיט אַן אייווער. דאָס ווייבּערשע בעט דאָרט איז פאַרהאַנגען, זעט ער, מיט אַ פאָרהאַנג, אָנגעזעצט פון אויבן בּיז אַראָפּ מיט בּריוולעך שפּילקעס, וואָס פינקלען אַקעגן דער שיין פון אַ וואָגיש ליכט (אַ גראָבּכיילעוודיק ליכט מיט אַ בּאַוולענעם קנייטל). די בּאַנק, וואָס נעבּן דער רובּע דאָרט, איז אָפּגערוקט, און אַף איר אָרט איז אויסגעגראָבּן אין דער ערד אַ גריבּל. איינער עפּעס פון אַ ווילד אויסזען האלט אַ שוואַרצן האָן, רויכערט קרייטיכער אַזוינע און מאַכט מעשוגענע האוואיעס, טוט אַ זעץ דעם האָן אין קעפּל און לאָזט ארויס אַף מעשונע קוילעס עפּעס נישט קיין מענטשלעכע ווערטער: „איה־בּיה סטיטיה, אַגרפּטי, מרום, שמריאל", ער דרייט מיט די אויגן, בּלאָזט, שעפּטשעט: „מצפּץ, מצפּץ, מצפּץ, מצפּץ, מצפּץ, מצפּץ, מצפּץ, מצפּץ", אַ טופּ געבּנדיק מיט די פיס, אַ מאַך מיט די הענט, ווי ער ראַנגלט זיך מיט עמעצן, און בּא איטלעכעס „מצפּץ" דערלאַנגט ער אַ דריי, אַ זעץ דעם האָן אין קעפּל אַזוי, אַז ער פאַרגייט זיך נעבּעך כאָרכלענדיק. פון אונטער דעם פאָרהאַנג הערט זיך אויך אַ שרייען, אַ קרעכצן, וואָס רייסט אויס אַ שטיק האַרץ. דער ווילדער פאַרשוין צעשאָקלט זיך שטאַרק בּייז, ציט איין דעם אָטעם אין זיך, קוועטשט זיך און לאָזט ארויס ווי פונם בּויך עפּעס מעשונע־דיקע ווערטער: „תלמכא חישא ובּסוסבּיק פּסלמניא", כאַפּט דעם האָן בּאם גאָרגל, דרייט מיט אים, ווי צו קאַפּאָרעס, טוט אים אַ וואָרף אין גריבּל... פאַרשיט און — דאָס בּיינקל שטייט בּאַלד טאַקע ווידער אַף זיין אָרט... פון אונטערן פאָרהאַנג גייט אַרויס אַ בּיטער געשריי, צוגלייך טאַקע אַ קוויטשעלע, אַ געוויין.—מאַזלטאָוו!—זאָגט עפּעס אַ אידענע און די מאַמע, צענעמענדיק אַבּיסל דעם פאָרהאַנג און אַרויסשטעקנדיק די קעפּ,—אַ אינגל, האלעוואי אַף לאַנגע יאָר!

— מאַזלטאָוו! — מאַכט יענער פאַרשוין, סאָפּענדיק ווי אַ גאַנז — איך האָבּ געהאַט היינט מיט „זיי" אַ גוט שטיקל אַרבּעט. פון היינט אָן וועלן שוין בּאַ דער קינפּעטאָרן די קינדער זיך האַלטן, און קיין „בּאנעמעניש" וועט זיך, גאַנץ זיכער, מער נישט טרעפן.

דעם פיירעש פונם דאָזיקן איניען און פון „בּאַנעמעניש" איז שלוימעלע אין עטלעכע טעג אַרום געוואָר געוואָרן דורך „גרויסע", וואָס האָבּן וועגן דעם צווישן זיך געפירט אַ בּרייטן שמועס און דערבּיי גאַנץ ערנסט מיט אויסגע־צויגענע פּענימער דערציילט אַ געשריבּענע מאַיסע, וואָס די האָר שטעלן זיך קאַפויר זי הערנדיק.

„אין דעם קליין שטעטל גאַלינג, נישט ווייט פון כעלעם, איז געוועןן איי־נער מיט דעם נאָמען רעבּ גאַווריעל. אַז דאָס ווייבּ זיינס איז געלעגן געוואָרן לעמאַזל מיט אַ אינגל, האָט ער געשיקט בּעטן דעם כעלעמער ראָוו, רעבּ עליע בּאַלשעם, ער זאָל קומען מיט זיין קאָוועד מאַל זיין דאָס קינד. די מאַיסע איז געשען אין כוידעש סיוון, דאָנערשטיק. רעבּ עליע איז אין דעם טאָג טאַקע אָוונט־צייט געקומען נאָענט צום שטעטל, האָט ער דערזען מעכאַשיי־פים און מאַכשייפעס מער פון הונדערט טויזנט. איטלעכן פונם מויל גייט

אַרויס אַ פלאַם פייער, אַרום זיי ברענט אויך אַ פייער, און זיי אַלע שפּילן זיך אָט מיט דעמדאָזיקן קינד טאַקע, וואָס איז געבוירן געוואָרן. אַז דער ראָוו האָט אַ קוק געטאָן, ע־הע, אַזוי איז די מאַיסע! —טוט ער אַ זאָג דעם מעשאָרעס זיינעם: גיכער גיב מיר אַהער וואַסער פון מיין פלעשל! פאַרן וואַשן די הענט האָט ער געזאָגט אַ שפּרוך מיט דעם שעם און גענומען זיבן מעסערס, זיבן ברעטלעך, צוויי כאַלעס מיט זיבן שיך, אין איטלעכן שוך אַריינגעשטעקט אַ מעסער, דערנאָך טוט ער אויס די שיך פון זיינע פיס, וואַשט צוויי מאָל די הענט, שטעלט אוף דעם גראָבן פינגער פון דער רעכטער האַנט און זאָגט אַזוי: מיט דעם קויעך פונם הייליקן שעם, אַזעלכן און אַזעלכן, בין איך מעוואַטל דעם קישעף פון די מענער און ווייבער, די מעכאַשפים און מאַכשייפעס, עס זאָל נישט שאַטן דעם קינד, און מיט דעמדאָזיקן שעם האָט רעב עליע דערהאַרגעט אַלע מעכאַשפים. באַלד טאַקע נעמט ער דאָס קינד, אָפּפירן עס צו זיין פאָטער און מוטער, און טייקעף ווי ער קומט אריין צו זיי רעדט ער אַרויס דעם הייליקן שעם „שמשיהו״. האָבן אלע מענטשן אין שטוב דערזעען, אַז יענץ קינד, וואָס ליגט נעבן דער קינפּעטאָרן, איז גאָר שטרוי און קלאָטשע — אַ פאַרבלענדעניש, באַהיט זאָל מען ווערן! עס האָט זיך גאָר געדאַכט, אַז אַ מענטש, משטיינס־געזאָגט. ער נעמט דאָס עמעסע קינד, וואָס ער האָט מאַצל געווען פון די קליפּעס, און גיט עס אָפּ צוריק דער מוטער״.

## 8. יאַכנע־סאָסיע מיט אירע מאַיסעס.

אַ מייסטערן שרעקלעכע מאַיסעס צו דערציילן איז געווען יאַכנע־סאָסיע, אָדער לייבציכע, ווי זי האָט געהייסן. — — — לייבציכע פלעגט, ווי אַ נאָענטע שכיינע, קומען צו סאָרען, רעב כאַימס ווייב, לייען אַמאָל דאָס, אַמאָל יענץ, און קימאַט אַלע פרימאָרגן נעמען פונם פּריפּעטשיק אַ קויל פייער בא איר. שוועבעלעך, ווי היינט, האָט מען דענסטמאָל וויייניק געוואוסט, מע פלעגט געברויכן אַנדערע מינע מיטל און פייערגעצייג. לייבציכע פלעגט דאָס קויל פייער אריינשאַרן אין אַ טעפּל, בלאָזן עס צווישן די קאַלטע קוילן דאָרט, און דערביי אויסשיטן גאַנצע זעק רייד. איינמאָל אין וואָך האָט געמוזט צווישן דידאָזיקע צוויי שכיינעס זיך מאַכן אַ רויגעז. געוויינטלעך פלעגט דער רויגעז אַרויסשפּרינגען אין אַ מאַרק־טאָג, איבער עפּעס אַ מעציע, נאָר מער פון אַ טאָג האָט ער קיינמאָל נישט געדויערט. מאָרגן גאַנצפרי איז שוין לייבציכע מיט דעם פייערטעפּל געקומען, איז געווען זיס ווי צוקער, געבלאָזן אין טעפּל און גערעדט אַ שרעק.

אין די לאַנגע ווינטער־נעכט פלעגט זי אָפט קומען זיצן בא סאָרען מיט עפּעס אַן ארבעט, מייסטנס מיט אַ זאָק אין דער האַנט, און האַלטן זיך אייצעס, צי ס׳איז שוין צייט אָנצוהויבן די פּיאַטע, אָדער אף וויפל אייגלעך אָפּצולאָזן די זאָק. דערביי האָט זיך איר נישט צוגעמאַכט דאָס מויל, גערעדט, באַרעדט, דערציילט מעשונע־וואונדערלעכע מאַיסעס, וואָס זיינען זיך פאַרלאָפן אין דער וועלט, אויך מיט איר אליין און מיט איר ייִדן, אָלעוו־האַשאָלעם, שווערנדיק

זיך מיט קאָל האַשוואָועס, אַז אַלצדינג, וואָס זי דערציילט, איז עמעס. פון איין מאַיסע איז זי איבערגעגאַנגען אין דער אַנדערער, און אַמאָל האָט זי אויסגעמישט צוויי מאַיסעס איניינעם. פון וואָס מע זאָל נישט געוועזן רעדן, איז זיך עס נישט אויסגעגאַנגען אָן לייבציכעס אַ מאַיסע. האָט מען גערעדט פון עפּעס אַ שלאָפּקייט, קאַדאָכעס, אַשטייגער, איז לייבציכע אַרויס מיט דער שפּראַכע:

— שאַ, אָט האָט איר אייך, אידישע קינדער, גאָר אַ פרישע מאַיסע! פייסעך קלאָץ, אָט דער אישוואָוניק קלאָץ, אַ רויטער, אַ געזונטער, גאָר טאַקע אַ פויער, זיצט ער זיך, פייסעך, איבער אַ גרויסער שיסל זויערמילך, אַריינ־געטאָן אינגאַנצן מיט כיישעק אין דער אַכילע. וואָס דען־זשע זאָל אַ גראָבער יונג טאָן? ווי פייסעך זיצט זיך דאָ אַזוי, די נעשאָמע זיינע אין שיסל, קומט אריין אין קרעטשמע צו אים עפּעס אַ פרישער פּאַרשוין. ווער דער פּאַרשוין איז? דאָס וועט זיך שוין אַרויסווייזן ווייטער, שפּעטער אַביסל. שטייט ער זיך, דער פרישער פּאַרשוין, אַקעגן קלאָצן, קוקט, קוקט, נישט אַראָפּצונעמען פון אים די אויגן. און ווי פייסעך שעפּט אָן אַ גרויס לעפל זויערמילך און טראָגט עס צום מויל, אַז מיין פּאַרשוין טוט אים אַ פּאַטש איבער דער האַנט, און דאָס לעפל מיט דעם זויערמילך פאַלט אריין--באַך--אין שיסל.—דו זעסט, מאַכט דער פּאַרשוין צו אים,—אָט דאָס קלייניטשקע שוואַרצינקע פינטעלע, וואָס שווימט דאָ אַרום אין שיסל? ניין, דאָס איז נישט קיין פּראָסטע פינטעלע. ס׳איז דיין מאַזל, וואָס איך האָב מיר דאָ באַצייטנס אונטערגעכאַפּט איידער דו האָסט עס אַראָפּגעשלונגען. דאָס גוטיטשקע פינטעלע איז עס. ווילסט וויסן, ווער, וואָס? — נאַ! דאָס קאַדאָכעס האָט זיך עס פאַרוואָרפן אין אַ שוואַרץ פינטעלע און געוואָלט מיט דעם זויערמילך איניינעם דיר אין בויך אריין. ער נעמט באַלד טאַקע אַ פּאַכירל, גיסט אַהין אינעווייניק אריין דאָס זויערמילך מיט דעם פינטעלע און היינגט עס אויף איבער דעם אויוון. פייסעך קלאָץ שטויסט זיך שוין אָן, ווער דער פּאַרשוין איז, איינער פון דער גוטער קנופּיע איז ער. ער האָט אים זיי׳ער שיין באַדאַנקט. דערנאָך איז פייסעך קלאָץ גע־פאָרן אין שטאָט אריין און געבענטשט גוימל... וועט איר דאָך מיך פרעגן, וואָס איז, יאַכנע־סאָסיע, דער סאָף מיט דעם פּאַכירל? אוי, אוי, אַזאַ סאָף מיט אַלע אונזערע סאָנים געזאָגט געוואָרן! עס איז אויסגעטריקנט געוואָרן ווי אַ שפּענדל, פון אַ מינדסטן בלאָז האָט עס מיט אים געוואָרפן ווי אַ קאַדאָכעס. דער רוך האָט שיר נישט צוגענומען דאָס קאַדאָכעס, אַזוי האָט עס געליטן, ליגנדיק דאָרט פאַרשפּאַרט. באַדאַרף זיך מאַכן, אַז מע זאָל מיט אַ שפּילקע אַ שטאָך טאָן אין דעם פּאַכירל, איז דאָס קאַדאָכעס ווי אַ רוך אַרויסגעפלויגן. אַזוי פליען זאָל איך, ריבוינע־שעל־אוילעם, אין פיל גוטס, אָמיין!

איינמאָל אין אַ ווינטער־נאַכט זיצט זיך סאָרע מיט לייבציכען נעבן אויוון און פליקן ביידע פעדערן. אַקעגן זיי אַף דער באַנק זיצט די קאַץ, פאַרלייגנדיק אונטער זיך די הינטערשטע פיס, מאַכט מיט דעם ווידעלע און קוקט מיט אַ פּאָר גרינע אויגן. אַפּן „לוטשניק" ברענט אַ פייערל, די קינדער, אַמאָל דער, אַמאָל יענער, וואַרפן־אונטער דאַרע שפּענדלעך. אין שטוב איז וואַרעם מעכאַיע, עס רעדט זיך עפּעס געשמאַק, אַזוי געשמאַק.

— וואָס, פון דער קו, סאָרע, רעדסטו? —פאַלט לייבציכע אַריין סאָרען אין די רייד — די קו גיט עפּעס ווייניק מילך, זאָגסטו, די קו? דאָס נעמען די מאַכשייפעס צו דאָס מילך. איין מיטל דערצו איז קאָכן דאָס „צעדעלקע“ (אַ שטיקל לייוונט אַף איבערזייען דאָס מילך). אַז איך בין נאָך אַ מיידל געווען, האָט זיך געטראָפן באַם זיידן, מיר אַף צו לאַנגע יאָר, אַ מאַיסע, אין דעם יאָר טאַקע, וואָס מיט דעם גאָנער, אַ ליכטיקן גאַניידן זאָל ער האָבן — דער זיידע. ס׳איז נאָך אַזאַ מאַיסע נישט דערהערט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט. מע האָט אים נישט געקענט רירן פונם אָרט, אַזוי שווער איז דער גאָנער געווען, אַ הונדערט פונט, און עפשער נאָך מער. ער האָט באַדאַרפט געבן אַוואַדע עטלעכע טעפּ שמאַלץ, און גריוון גאָר אָן אַ צאָל. צוריקטראָגנדיק אים פונם שויכעט, אַ געקוילעטער שוין, גיט ער זיך פלוצים אַ שטעל אַף די פיס, טוט זיך אַ לאָז מיט אַ פייף איבער דער גאַנצער גאַס און ווערט פאַרשוואונדן. ווער גאָנער, וואָס גאָנער — אַ גילגל איז דאָס גאָר געווען!... טפו, איך מיש איין מאַיסע מיט דער אַנדערער, פליישיקס מיט מילכיקס, פון מילך וויל איך דאָ גאָר דערציילן. אַ מיידל אַז איך בין נאָך געווען, האָט די רויטע קו דעם זיידנס, אָלעוו־האַשאָלעם, אופגעהערט קימאַט צו געבן מילך, איז געוואָרן מאָגער, דאַרקוואַר מיט ליידיקע אייטער. די באָבע טעמע, זאָל אַ גוטע מייליצע זיין, האָט זיך שטאַרק געערגערט. גיי, זאָגט זי, גיב פרעסן אַ קו, אַז זי וויל נישט געבן קיין מילך. מאַקעס איר... פעטריכע זאָל זיך מיען־נישט־מיען דאָרט האָט, צעקריגנדיק זיך מיט אירע אַ כאַווערטע, אַ מאַכשייפע, אויסגעזאָגט דעם סאָד, אַז דאָס איז איר מעלאָכע, און פאַר אַ טרונק בראַנפן געהייסן אָט וואָס: „טעמע, מאַכט זי, נעם צעלייג אָוונט־צייט אַפן פריפּעטשיק אַ פייער, שטעל אַרוף דאָרט אַף אַ טרינישקע אַ טעפּל, אין טעפּל טו אַריין די „צעדעלקע“ און די האָר פון אַ פלעדערמויז מיט די קרייטעכצער, וואָס איך גיב דיר דאָ. טיר און לאָדן זאָלן זיין גוט צוגעמאַכט, כוץ דיר זאָל קיינער אין שטוב ניט זיין. אויב דו האָסט שטאַרק מוירע, מעג יאַכנע־סאָסיע מיט דיר בלייבן. אַז דאָס טעפּל וועט אָנהויבן קאָכן, וועסטו הערן אַ קלאַפּ אין דער טיר, שפּעטער אַביסל קוילעס מיט אַ געבעט: טעמע, עפן די טיר! און דו — שאַ. דאָס וועט די מאַכשייפע, קייקלענדיק זיך אַפן בויך, קומען בעטן זיך, און אָנעמען דאָס קאָל פון דיין מאַן, און נאָך אַנדערע אַלערליי קוילעס, דו אָבער — ציט... עפן ניט לעמאַנעשעם, לעמאַנעשעם“. קאַכאווע. איך געדיינק עס, ווי היינט. ס׳איז אָוונט־צייט, אין שטוב איז פינצטער, איך מיט דער באָבען, מיר אַף צו לאַנגע יאָר, שטייען מיר באַם פריפּעטשיק. דאָס טעפּל אַף דער טרינישקע, אונטן ברענט אַ פייער, קוים הויבט אָן דאָס טעפּל טיאָך, טיאָך, הערט זיך אין דער טיר קלאַפּ, קלאַפּ. די באָבע ציטערט, שטשירעט אויס אַף מיר אַן אויג, פאַרבייסנדיק מיט די ליפּן. מיר אין האַרצן קלאַפּט אויך — טיאָך, טיאָך, נאָר גאָרנישט — שאַ! פלוצים הערט זיך אַ קאָל ווי פונם זיידן. אָבער אַקוראַט אַזוי, מע האָט געמעגט שווערן, מיט אַ געבעט: טעמע, לאָז מיך אַריין, טעמע! די באָבע פאַרבייסט נאָך שטאַרקער מיט די ליפּן, ווינקט מיר מיט אַ פינגער אַפן מויל, דאָס הייסט — שאַ, יאַכנע־סאָסיע! איך לייג אַלץ אונטער שפענדלעך. דאָס טעפּל קאָכט, פון

דרויסן הערן זיך קוילעס: ווידער ווי דעם זיידנס קאָל מיט גוטן און מיט בייזן. דאָס איז געווען זי, די מאַכשייפעטע, עס האָט איר אַפּאָנים גוט געדרייט אין בויך פונם קאָכעניש אין טעפּל. שפּעטער אַביסל—אַ כריוקען פון אַ כאַזער, אַ היילן פון אַ הונט, אַ מעקען פון אַ ציג, אַ מיאַוקען פון א קאַץ. דערנאָך, דער־נאָך... הערסטו, סאָרע, וואָס איך וועל דיר בעסער זאָגן—טוט פּלוצים אַ זאָג לייבציכע, פאַרקוקנדיק זיך אַף דער קאַץ, וואָס ליגט זיך אויסגעשטרעקט אַקעגן אַף דער באַנק, דרייענדיק דעם ווידל און מאַכנדיק מיט די פאָדערשטע לאַפּ־קעס—דו הערסט, עס געפעלט מיר עפּעס נישט דיין קאַץ. איך האָב מוירע, אוי, אַ וויטיק איז מיר נישט, דאָס איז אַ גילגל!... אַ־קאָטאַ!

— אַ־קאָטאַ, אַ־קאָטאַ, אַ־קאָטאַ!...

די קאַץ דערשרעקט זיך, לויפט און פאַלט אַריין אין דעם טאָפּ פּעדערן, שפּרינגט געשווינד אַרויס, איינגעטונקט אין פּעדערן, ווי אַ שוואַרץ־יאָר. עס ווערט אַ געשריי, אַ יאָגעניש, זי—פּוּץ אַף טיש און אַף ביינק, און אַלע נאָך איר. ס'איז אַ צאָרן, אַ מעהומע אף דער בידנער קאַץ נעבעך גאָר פּלוצים, אומגעריכט!

---

# XIV. מאן און ווייב, עלטערן און קינדער.

## 1. דאָס הויזגעזינד.

היינט, אין די עלטערע יאָרן, ווייסט אונזער הערשעלע שוין, אז אידן צווישן אלע מענטשן אַף דער וועלט זענען די העגער, וואָס ליגן שטענדיק אונטערן פעקעליק נעבן ווייב און קינדער. ד אָ ס ה ו י ז ג ע ז י נ ד איז באַ אַ אידן דאָס גאַנצע לעבן, טיף איינגעבאַקן אים אין האַרצן, און דער טאַטע זיינער איז דערינען געווען אַ איד שעבעאידן, אַ האָן שעבעהענער. ער ווייסט היינט וואויל, אַז דער טאַטע האָט אים זייער ליב געהאַט, נאָר דאָס איז געווען אַ פאַרבאָרגענע ליבשאַפט אינעווייניק אין האַרצן, אַפן אידישן שטייגער, אין פּאָנים אָבער האָט מען עס אים נישט אַרויסגעזעען. פאַרקערט, אַפן פּאָנים איז אים שטענדיק געלעגן אַ פינצטערע כמאַרע. ער האָט געקוקט עפּעס ווי בייז, אָנגעלאָדן, מיט אַ ביטער־זויערער מינע. ס'איז אים עפּעס ווי נישט אָנגעשטאַנען צו רעדן, לאַכן, נאַריש צו מאַכן זיך מיט די קינדער, האַלטנדיק אין דער סוואָרע, אַז פאַר אַ טאַטן פּאַסט נישט אַזעלכע זאַכן, קינדער באַדאַרפן פאַר אַ טאַטן מוירע האָבן, וויסן דערעכערעץ, אין זיינע אויגן נישט אונטערשטעלן זיך הויך רעדן, אַ לאַך צו טאָן, כאָלילע, און באַדאַרפן גיין אַף די שפּיץ־פינגער. האָט זיך אמאָל אַ קינד פאַרזינדיקט מיט אַ הויך קאָל, מיט אַ געלעכטער און עפּעס אַ פרייע באַוועגונג, איז אים עס, נישקאָשע, באָקאָם אויסגעפאַלן פון טאַטנס אַ בליק, וואָס האָט אים דורך־און־דורך געשטאָכן. מיט דעם ווייב האָט ער פאַר פרעמדע, אויך פאַר אייגענע מענטשן קאַרג וואָס גערעדט, זי נישט גערופן באַ דעם נאָמען, נאָר געזאָגט געוויינטלעך: ד ו, ה ע ר ס ט ו! און אַמאָל אויך: טיפּשע. אין האַרצן איז ער געווען צו איר טאַקע זייער גוט, גוט ווי די וועלט, נאָר ארויסווייזן עס באַשיינפּערלעך האָט ער עס פאַר זיך געהאַלטן פאַר אַן אומקאָוועד, עפּעס פּריקרע, נישט שיין פאַר אַ אידן. ער — איז דאָך ער, אַ מאַנספּאַרשוין, אַ איד, און זי איז אַ זי, נאָך אַלע זאַכן פאָרט נישט מער ווי אַ נעקייווע, אַ אידענע... ער איז געווען אין דעם הויזגעזינד טאַקע אַן עמעסער האָן, וואָס פירט זיך שטענדיק ארום מיט דער הון און מיט איר פּליד, זוכט, קראַצט פאַר זיי אויס ווערעמלעך, שפּייז פון אונטער דער ערד, נאָר זאָל פּרואוון אַ הינדל עפּעס טאָן נישט ווי זיין ווילן, גיט ער עס אַ פּיק אין קעפּל. ער גייט פאַריסן דעם קאָפּ אין דער הייך, די אייגלעך פייערן אים, קוקט מיט גאַדלעס, און ביכדיי צו באַווייזן, וואָס אַזוינס ער איז, טוט ער אַ קלאַפּ מיט די פליגל, מאַכט אַ „האמעלעך", אַ ברייטן, גרויסן קוקוריקו! דאָס באַטייט: טאַרבוס, הינער, ווייסט, ווער עלטער איז!...

צוגעלאָזט און באַרעדעוודיק איז דער טאַטע געווען נאָר אין אזעלכע געווויסע פעל, ווען אַ קינד, אַשטייגער, איז קראַנק געווען. דענסטמאָל איז ער פון אים נישט אָפּגעטראָטן אַף אַ טריט. האָט עס געגלעט, געטאַפּט באַם שטערן, איינגענומען מיט גוטע רייד און צוגעזאָגט מאַטאָנעס, שיינע שפּילכלעך וויפל דאָס האַרץ גלוסט: אַ שיין הילצערן שווערדל אַף טישעבאָוו אָפּגעפאַרבט מיט שוואַרצע יאַגעדעס, אַ גראַגער, אַ דריידל, אַ פאָן מיט אַ רויטן עפּל, ארופגעשטעקט אויבן, דערביי טאַקע נאָכגעמאַכט ווי אַ גראַגער גראַגערט, ווי אַ דריידל דרייט זיך, זשומזשעט און ווי אינגלעך מיט פאָנען גייען צו די האַקאָפעס, קוויטשען: „עוזר דלים הושיעה נאָ״! אָט אַזוי, אַזוי... ביכדיי ארויסצובאקומען דערמיט באַם קראַנקן קינד, נעבעך, כאָטש א קליין שמייכעלע. איז עס אים געראָטן, איז ער געווען איבערגליקלעך. אָדער, אַשטייגער, ווען עפּעס אַ סימכע, אַ יאָנטעוו און מיינסטנס פייסעך צום סיידער, אַז ער איז געזעסן אָנגעלענט, ווי אַ פּאָריץ, אף דער עסעבעט אין קיטל, דאָס ווייב קלאָרוויס אָנגעטון נעבן אים, ער האָט זי גערופן מאַלקע, זי אים — מעלעך.ביידע האָבן געלויכטן, געקוקט מיט שיינענדיקע אויגן, דאָס איינער אַפן אַנדערן, דאָס אַף די אויסגעצוואָגענע קינדערלעך אַרום דעם טיש, און דאָס אַף די קויסעס, אַף דעם טעלער, אין וועלכן עס ליגן שיין, פיין אויסגעלייגט ווי געהעריק: די זריע אין דער רעכטער האַנט, אונטן כארויסעס, דאָס איי אין דער לינקער האַנט, אונטן קאַרפּאַס, גרינס פון פעטרישקע, און צווישן זיי מאָרער, געריבענער כריין, גאָר מעכאַיע.—אנו, הערשעלע, — פלעגט מאכן דער טאַטע, אָנעמענדיק דאָס קינד פאַרן בעקעלע, — פרעג מיך, הערשעלע, די פיר קאַשעס. הערשעלע האָט זיך צעשאָקלט, אָנגעהויבן הויך אַפן ביי־קעלעכן, מאכנדיק דערביי מיטן גראָבן פינגער: טאַטע! איך וועל דיך פרעגן, טאַטע! פיר קאַשעס! און אָפּגעקנאַקט לעבעדיק איין קאַשע נאָך דער אנדערער. דענסטמאָל איז מען פריי געווען צו רעדן, צו לאכן וויפל מע וויל. העפקער א וועלט. די קינדער פלעגן זיך אָנשיקערן מיט גאַנצע קויסעס לאַקריצע, וואָס די מאמע האָט אָנגעקאָכט אין יענעם גרויסן פייסעכדיקן טאָפּ, און פלוידערן אף וואָס די וועלט שטייט.

אַכוץ דידאָזיקע פעל איז די מוירע פאַרן טאַטן געווען גרויס. אין שטוב איז אונזער הערשעלע, ווי די אלע איבריקע קינדער, געווען שטיל, נאָר אָבער ווי א שטיל וואסערל, וואָס גראָבט טיף. צווישן זיך פלעגן די קינדער שטילערהייט אָפּטאָן מאַיסים, קריגן זיך, נאָכקרימען זיך אפן וואונק, איינער דעם אַנדערן אַרויסשטעלן פייגן, דערלאַנגען אַ זעץ, אַ קניפּ און — שאַ. איטלעכער האָט געוויינטלעך געהאַט זיינעם אף צו קריגן זיך. הערשעלס צעלאָכעסניק איז געווען כאָנע־לעמל. זיי זיינען געווען פייער און וואַסער, צוויי נישט קיין גלייכע מענטשן. כאָנע־לעמל האָט געוואָלט, ווי א עלטערער ברודער, וואָס אָט באַ־ד אַ כאָסן־באָכערל, לערנען דעם יונגערען דערעכערעץ. עס האָט אים געברענט, פאַר וואָס דער טאַטע זעצט שאַבעס באַם טיש הערשעלען נאָענט נעבן זיך און שמעלצט זיך גאָר הערנדיק, ווי ער טערעלייקעט „קאָל־מעקאַדעש״ און האַלט אים אונטער אין די זמירעס אַף אַ דין־קוויטשיק קעלעכן. ער פלעגט דעריבער אלץ קריכן צום טאַטן אַף הערשעלען מיט מעסירעס, ביכדיי צו פאַר־

מיעסן אים אין זיינע אויגן, און שטילערהייט צווישן זיך פלעגט ער נאָכקרימען הערשעלען ווי ער טערעלייקעט, אַריינשטעקן דערביי אַ פינגער אין גאָרגעלע, שאָקלען דאָס קעפּל און אָנבלאָזן זיך ווי אַ אינדיק. הערשעלע פלעגט זידן ווי אַ קעסל, ארויסשטעקן דאָס צינגל און מיט אופגעשטעלטע קולעקלעך מאַכן אין איין קאָס: פּיקע זיך, כאָנקע־לעמלדריק! אָבער אַלץ שטיל, מע זאָל נישט הערן.

## 2. די שאָפּעלע לאַגע פון דער פרוי.

— אַ, רעבּ מענדעלע! וואָס מאַכט איר גוטס? — ווענדעט זיך צו מיר די רעבּעצן, נאָכדעם, אַז דער ראָוו איז אַרויסגעגאַנגען — שוין אַ לאנגע צייט טאַקע, רעבּ מענדעלע, זיינט איר הי באַ אונז נישט געווען, האָט איר אונז, ווייבער, עפּעס געבראַכט ספאָרים?

— פאַר ווייבער ספאָרים? — טוט אַ שמייכל איינער פון די נעגידים, וואָס מיט אַ פאַרקרומטע עסיק־זויערע צורע.

— די מאַנסבּלען מיינען, אַז נאָר פון זייערטוועגן באַדאַרף מען דרוקן ספאָרים — רופט זיך אָן מיט פאַרדראָס די רעבּעצן — אַלצדינג פון זייערטוועגן, ווייבער האָבן גאָר קיין נעשאָמע נישט, זענען גאָר קיין מענטשן נישט און באַדאַרפן אף דער וועלט קיין זאַך נישט האָבן. גענוג פאַר זיי איז דאָס, וואָס זיי לעבן, וואָס זיי טראָגן, וואָס זיי האָבן קינדער און האָדעווען זיי, וואָס זיי קאָכן וואַרמעס, היטן־אָפּ די מאַנען און ווערן פאַרשוואַרצט.

— געלויבט איז דער אויבערשטער, וואָס מע זעט זיך געזונט — ענטפער איך — נישקאָשע, רעבּעצן, איך האָב אין אייך נישט פאַרגעסן. איך האָב אייך געבראַכט אַ „טכינעס ערעץ־איסראָעל", גאָר אַ שפּאָגל־נייע. זעט איר, רעבּעצן־קרוין, איר באַשולדיקט אומזיסט די מאַנספאַרשוינען, מע האָט אייך, כ'לעבּן, אויך אין זינען. קומט, זייט מוֹיכל, און באַטראַכט די טכינעס, וואָס מע מאַכט פאַר אייך אָן. וואָס ווילט איר האָבן? מיר דאַכט זיך, מע האָט שוין גענוג, איבערגענוג אייך, ווייבער, אָנגעמאַכט... נישט דאָס בין איך אויסן.

— אַי, אַי, רעבּעצן! — כאַפּט זיך אָן אַ נאָגיד מיט אַ זיס שמייכעלע — איר ווילט, כ'לעבּן, מאַכן אַ מערידע אונטער די ווייבער! הערנדיק אייך, וועלן דאָך אונזערע ווייבער פאַררייסן די נעז, אָנהייבן פאָדערן עפּעס גאָר נייע זאַכן און אונז נאָך כאָלילע וועלן געטן! נאָר איך פרעג אייך, רעבּעצן, אַז ס'איז שוין יאָ געקומען צו רייד, זאָגט־זשע, זאָלט איר מיר געזונט זיין, פאַר וואָס־זשע האָט פאָרט שלוימע האַמעלעך אָנגעשריבן, אַז אפילע אונטער טויזנט ווייבער האָט ער ניט געפונען אי איינע אַ רעכטע?

— טאַקע דעריבער האָט ער נישט געפונען — איז די רעבּעצן אַרויס מיט אַ טערעץ — וויל ער האָט געהאַט, מעכילע, טויזנט ווייבער. מאַנסבּלען, וואָס זוכן צו האָבן אַסאַך ווייבער, קענען טאַקע איינע אַ רעכטע אויך נישט האָבן. זאָגט מיר, איר וואָלט אף זייער שטעלע בעסער געווען, מאַנסבּלען?...

— נאָר פאַר וואָס אָבער — האָט נאָך איינער זיך אָנגערופן — שטייט אין אונזערע ספאָרים, אַז די גאַנצע כאָכמע פון א אישע באשטייט אינגאַנצן נאָר אין דעם שפּינדל?

— ס'איז דעריבער — ענטפערט די רעבעצן — ווייל דאָס האָט אָנגעשריבן אַ מאַנסבל. אַוואַדע זענט איר די כאַכאָמים, אז איר, מאַנסבלען, געוועלטיקט און האַלט די ווייבער, נעבעך, אין אייערע הענט! דער שטאַרקער בלייבט טאָמיד דער קלוגער, דער גערעכטער, ווי זאָגט מען עפּעס: דער מאַלכאַמאָוועס שעכט און בלייבט גערעכט. נאָר ווערטלעך אין דער זייט. איך פרעג אייך נישט מער, ווי קענט איר אונז אָפּאַסקענען אַזעלכס, וואָס מיר ווייסן און וואָס מיר זעען מיט אונזערע אויגן, אַז ס'איז נישט אַזוי! וויניק ווייבער נעוויעס אי כאַכאָמעס זענען בא אונז אידן געוועזן אמאָל אין די אלטע צייטן, און וויניק ווייבער כאַכאָמעס, בעריעס, זענען דאָ בא אונז אויך היינטיקע צייטן, וואָס שטייען אַסאַך העכער פון אַנדערע מאַנסבלען? מיר דאַכט זיך, אַז טאַקע דאָ, בא אונז, אין דער שטאָט, קען מען אופציילן פיל ווייבער, וואָס נאָר זייער בעריעשקייט און כאָכמע אַליין האָבן די מאַנען צו פאַרדאַנקען אַלצדינג, זייער קאָוועד, אי זייער אַשירעס. ווען נישט די ווייבער זייערע, וואָלט פון זיי גאָרנישט געוואָרן. פונדעסטוועגן, זאָל אויסקומען אַמאָל עפּעס בא א שטאָט־זאַך, אָדער באַ עפּעס אַן אנדערן וויכטיקן איניען, ווייסט מען נישט מער ווי דידאָזיקע באַלעבאַטים, וואָס טויגן נישט, מעכילע, אַ קאָץ אַן עק צובינדן. ווייבער זענען פאַרעכנט ווי גאָרנישט, די דייע האָבן נאָר באַלעבאַטים. אַלץ באַלעבאַטים. אַף אַסיפעס — באַלעבאַטים, אין שול — באַלעבאַטים, אַפילע אין מערכעץ אַריין, מעכילע, רופט מען אויך נאָר באַלעבאַטים — באַלעבאַטים אין באָד אַריין!...

— עפּעס זענט איר מיר הייגט, רעבעצן, זייער אופגעבראַכט — האָט דער נאָגיד ווייטער זיך אָנגערופן — עפּעס רעדט איר מיט פאַרדראָס, ס'איז אייך, אַפּאָנים, עפּעס נישט גוט אַפן הארצן, און איר לאָזט אויס אייער קאַס צו די מאַנסבלען, נעבעך!

— וואָס זאָל איך טאָן? — ענטפערט די רעבעצן מיט אַ זיפץ טיף פונם האַרצן — אַז ווען עס קומט צו רייד פון אונז, ווייבער, און איך באַטראַכט אונזער פינצטערע, ביטערע לאַגע, קאָכט זיך טאַקע אין מיר איבער דאָס בלוט.

— נאַט, רעבעצן! — כאַפּ איך מיך אונטער און גיב דער רעבעצן אַ טכינע, וועלכע איך האָב אַרויסדערטאַפּט פונם פּעקל — איך ווייס, אַז די טכינע איז פאַר אייך גוט. פאַר אייך, רעבעצן, איז טאַקע, כ'לעבן, גוט די טכינע...

— עמעס טאַקע, רעב מענדעלע! — האָט די רעבעצן זיך אָנגערופן, צורשאָקלענדיק מיטן קאָפּ — פאַר אונז, בידנע ווייבער, איז טאַקע נאָר גוט טכינעס, איין איינציקע רעפוע צו הערצער פול מיט מאַקעס, מיט וואונדן; אייך־איינציק מיטל אויסצעוויינען זיך כאָטש אַמאָל און אויסצעגיסן דאָס שווער ביטער געמיט אין הייסע וואַרעמע קוואַלן טרערן... ס'איז נאָר א ווייטיק, אַ

צעזעצעניש, ווי די מאַנסבלען, וואָס פאַרשטייען נישט און ווילן גאָר נישט פאַרשטיין אונזער האַרץ, ווי זיי לאַכן, שפּאָטן פון די ווייבערשע טכינעס און פאַרגינען אונז נישט אויך דידאָזיקע איינציקע רעפוע. זיי זאָלן זיצן אמאָל אין דער ווייבערשער שול, אַ שאַבעס אָדער א יאָנטעוו, און צוזען דאָרט ווי אַסאַך אומגליקלעכע ווייבער, וואָס האָבן זיך קוים אַרויסגעריסן פון דער היים: די מיט אַ פינצטערע דאָליע פון איר מאַן, יענע א וויסטע אַגונע, איינע מיט אַ שווער טראָגן, די אַנדערע מיט א פאַרביטערט געמיט פון אירס אַ זייגנדיקס קראַנק קינד, וואָס לאָזט זי דורך די נעכט נישט שלאָפן און פאַרמאַטערט זי, נעבעך, די מיט געשוואָלענע, אָפּגעבריטע הענט פונם שטיין באַם אויוון, און יענע מיט אַ פאַרזאָרגט, אויסגעבלייכט פּאָנים פון דער שווערער פּאַנשטשינע, פונם שטענדיקן גיין אין יאָך, — ווי דידאָזיקע אַלע פאַראומערטע דערשלאָגענע, נעבעך, שטייען אַרום דער זאָגערן דאָרט, יאָמערן, קלאָגן מיט אופגעהויבענע אויגן צום באַרעמהאַרצעדיקן, געטרייען פאָטער אין הימל, באַוואַשן זיך מיט טרערן און וויינען פון זיך אַרויס די נעשאָמע — ווען זיי, די מאַנסבלען, זאָלן עס באַטראַכטן און צוזען מיט זייערע אייגענע אויגן, וואָלט, כ'לעבן, זיי זיך נישט געעפנט דאָס מויל צו שפעטן פון די ווייבערשע טכינעס... — — —

אַלע מענטשן אין דעם שטיבל זענען געבליבן שטיל, ווי דאָס לאָשן האָט זיי אָפּגענומען. די רעבעצן מיט אירע רייד האָט אף מיר אָנגעוואָרפן עפּעס אַ מאָרעשכוירע. איך בין געזעסן אומעטיק אין אַ ווינקל און צעקייט דער רעבעצנס איטלעכס וואָרט. אירע ווערטער זענען געווען אָנגעזאָפּט ווי אַ שוואָם מיט שאַרפע, ביטערע געפילן. — — — איך בין זיך מוידע, דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן איז מיר אויסגעקומען ערנסט צו באַטראַכטן די שאָפעלע לאַגע פון די ווייבער, צו פאַרשטיין זייער האַרץ...

## 3. צעשטערטער שאָלעם־באַיס.

— אָט אַצינד קענען מיר שמועסן גאַנץ אָפן — זאָגט לייבצע, אָנעמענדיק זיך באַם בערדל, און שטשירעט אויס איין אייגל אף רעפאָעלן, — צו וואָס לאָמיר זיך דאָ נאַרן, קיין סוידעס אין דער וועלט איז נישטאָ... די מאַיסע דערפון איז אַזוי: ס'איז, פאַרשטייט איר מיך, א צעשטערט לעבן!... אַדעראַבע, זאָגט, איר קענט דאָך אים, מיין איידעם. נו, וואָס? א יונגערמאַן א פיינער, אַ טאַטנס אַ קינד, אַ צאַצע. איך פון מיין זייט האָב אים ליב, אין מיינע אויגן האָט ער דעם זיבעטן כיין, בין פון אים צופרידן. איז דאָך, דאַכט זיך, גוט. נאָר וואָס העלפט עס אָבער, אַז זי, דאָס ווייבל, איז א נאר!... איר פאַרשטייט וואָס? זי, אַ טריאַטער, כ'לעבן! זי איז נישט צופרי'...

לייבצע דערעדט נישט דאָס וואָרט און ווארט, קוועטשנדיק זיך, ווי אַ געווינערן, מיט אַזאַ מינע, אַז רעפאָעל זאָל אים דאָס וואָרט פונם מויל אַרויסנעמען.

— נישט צופרידן — כאַפּט רעפאָעל און רעדט אַרויס דאָס גאַנצע וואָרט. — — —

— אָ־אָ־אָט!... נישט צופרידן. נישט ליב, זאָגט זי — זאָגט לייבּצע, אויסשפּייענדיק דריי מאָל — פּע! איך דערקען גאָר עפּעס נישט פון א צייט מיין טאָכטער, אַזוי געענדערט האָט זי זיך. זי רעדט עפּעס אַזוינס, וואָס פּאַסט גאָרניט פאַר אונז, פאַר אונזער שטאַנד. האָט איר געהערט אַ זאָג אַביסל — פיינט א מאַן! און ווער, נאָך ווער? אַ געלעכטער, כ'לעבּן, אַזאַ... אַזאַ... אינגאַנצן, איך בּעט אייך מעכילע, אַזאַ... עס איז נאָר עפּעס ווי א קישעף, איינעמס אַ אָפּגעטאָנענע זאַך. איר ווילט עס עפּשער נישט ליידן, אייך איז עפּשער נישט איינגענעמען אַזוינס צו הערן?... אַדעראַבּע, זאָגט, זייט מויכל, זאָגט, זאָגט! — — —

— אַהאַ, איר שווייגט! — מאַכט לייבּצע נאָכדעם, אַז בּיידע האָבּן אַ ווײַלע געשוויגן — אַיאָ, איר האָט מיר ניט וואָס צו ענטפערן?... נו, הערט־זשע אויס מיך. מיילע, זאָגסטו, הייסט עס, טעכטערל — פיינט! נו, שאַ, האָבּ זיך פיינט און בּאַ דיר בּלייבּ עס. ווּעמעס אייסעק איז דאָס, צו וויסן דיינע כעפּציעס? ליבּ־שמיבּ, פיינט־שמיינט — נאַרישקייטן!... זאַכעניש אַזוינע, נישט ווערט די רייד, וואָס צווישן מאַן און ווייבּ, ווער גיט עס אַרויס? — שאַ!... איז דער קישעף אָבּער, צו אַלדע רוכעס, עפּעס אַזוי גרויס, אַז ניין! איך קען מיט אים, זאָגט זי, אין איין שטובּ נישט זיין. זיצן, זאָגט זי, מיט אַ מענטשן, וואָס מע האָט פיינט, איז אַ אַווײרע, בּריינגט מיך נישט, זאָגט זי, צו קיין זינד. איך בּין נישט קיין בּעהיימע. אַ מענטש, זאָגט זי, בּין איך, אַ מענטש מיט אַ ווילן, מיט אַ דייע!... איר הערט אַבּיסל אַ זאָג פון, מעכילע, אַזאַ, אַזאַ... בּעקיצער, אַזוי לאַנג, אַזוי בּרייט — בּיז ס'איז געקומען דערצו, מע זאָל נעמען דאָס בּאַלעבּעסל, נעבּעך, אים מיט האַקל־בּאַקל, האַק און פּאַק, אָפּשיקן צו די עלטערן זיינע אַהיים. — אוי, האָבּ איך עס היינט אַ טאָג פון מיינע, פון דער טאָכטער און פון דער מאַמען, קאַלט און וואַרעם!... ווייסט איר וואָס — לאָזט אויס לייבּצע מיט אַ געבּעט — פאַר אייך, רעבּ רעפּאָעל, האָט מען זיך נישט צו שעמען, איר זייט דאָך אַ היימישער מענטש, אונזערער אַ גוטער פריינט. אָט, כ'לעבּן, קומט, לאָמיר אַריינגיין צו כאַנצען, ס'איז אַצינד דאָרט בּאַ איר כּוישעך. איר וועט זי, אַזוי טאַקע ווי איר קענט, אַבּיסל אויסשטראָפן, געבּן איר צו פאַרשטיין, אַז זי איז אַ שויטע, אַ נאַריש ווייבּל, ווייסט אַליין נישט, משטיינס־געזאָגט, וואָס זי וויל. אייערע ווערטער, נישקאָשע, וועלן ווירקן. איר זייט בּאַ איר — דאָס זאָג איך אייך בּעסאָד, צווישן אונז — אַ גרויסער כאָשעוו, היינט וועט איר דאָך מעקאַיעם זיין טאַקע א מיצווע אויך — אַריינלייגן זיך אין שאָלעם צווישן מאַן און ווייבּ, צונויפירן אַ פּאָר־פאָלק... אָט, קומט, כ'לעבּן, קומט.

---

# XV. פון כיידער ביז דער יעשיווע.

## 1. דער כיידער. באַהעלפערס.

די מאַמע מיינע האָט מיט דעם מעלאַמעד עפּעס אַלץ גערעדט, גערעדט, דערנאָך האָט זי מיך צוגערופן און געזאָגט: זעסטו, איצכאָק־אווּרעמצי, רעב אַזריעל נעמט דיך צו, באַ זיך אין כיידער, פאַר א באַהעלפערל! — דערביי האָט זי געמאַכט צו דעם מעלאַמעד: איך כידעש מיך מער נישט, רעב אַזריעל, ווי אַזוי דאָס איז מיר ביז אַצינד נישט אַרוף אַפן מויעך! זיין טאַטע, אָלאָוו־האַשאָלעם, ווי איר ווייסט, איז געווען אַ מעלאַמעד, זאָל דער זון זיינער, אים צו לאַנגע יאָר, אויך זיין אַ מעלאַמעד. נאָר אויך די אייגענע מאַיסע טאַקע, זאָלט איר מיר געזונט זיין, אַז דער מויעך, נישט פאַר אייך געדאַכט, נישט פאַר קיין אידן געדאַכט, ליגט מיר, סאָנע־ציען, אין דער ערד. איר האָט דאָך מיינעם, אייך אַף צו לאַנגע יאָר, געקענט. אויך די אייגענע מאַיסע, מיסטאַמע איז דאָך אַזוי אָנגעשריבן געוואָרן, דער זון זאָל אויך בלייבן באַם טייטל. אַז זיין ליבן נאָמען איז ניכע, איז מיר אויך ניכע. נימערערגער, זאָל זיין מיטן טייטל.

ס׳איז אָבער נישט געווען, ווי די מאַמע האָט געזאָגט, מיטן טייטל, ס׳איז גאָר געווען מיט דער וויג, מיט דער ציג אוכעדוימע מיט אַזעלכע זאַכן! רעב אזריעל מעלאַמעדס ווייב האָט מיך גענומען אין אירע הענט אַריין, מיט מיר געשמאַק געקנעלט און מיך מעכאַבעד געווען מיט אַלערליי מעלאָכעס. איך בין באַ איר געווען אַ פארשטעקל, אַ קאָרעק, מיט וועלכן זי האָט פאַרשטאָפּט אַלע לעכער. אַלע טאָג אין דער פרי האָב איך באַדאַרפט, ווי אַ איד פאַרפעלט נישט דאַוונען, אָפּפירן די ציג אין דער טשערעדע. זעלטן, זעלטן אַז רעב אַזריעל פלעגט זי, די ציג, הייסט עס, מיט זיין קאָוועד אַליין פירן פאַר די הערנער, און איך פלעג זי מיט אַ ריטל פון הינטן אָנטרייבן. אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט דער ציג, איז געגאַנגען אַ סעדרע פון אָנטראָגן האָלץ, צונויפקלייבן אין הויף, אַפן מיסט, דאַרע שפּענדלעך, אויסגיסן די פּאַמוינעצע, אויסקערן די שטוב און האַלטן אַף די הענט דאָס קליינע קינד מיט אַ נאַס כאַרקאַטשעט העמדל, וואָס האָט געוויינט, זיך געריסן נאָך דער ברוסט, געצאַפּלט מיט הענטלעך אי מיט פיסלעך, זיך פאַרגאַנגען, פאַרקייכט און, מעכילע, געפייפט מיטן נעזל. איך האָב עס באַדאַרפט איינעמען, אויסטראַכטן שפּילעכלעך, בלאָזן אין קולאַק ווי אַף אַ טרומייט, קנאַקן מיט דער צונג, מאַכן „סאָראָקע־וואָראָנע“ און זינגען „פּי־פּי־פּי“, „ציגעלע־מיגעלע“ און נאָך אַנדערע קינדערשע לידלעך. כאָלילע, אָפּצר־

שטעלן זיך אַ רעגע! די רעבעצן האָט געעפֿנט אַ פּיסק און אויסגעגאָסן אַף מיר אַ טויכעכץ, האַלטנדיק די קאָטשערע נאָר אַף צו פּלעטן מיר דעם מויעך.

איבערגעקומען בעשאָלעם אָט דידאָזיקע מעלאָכעס, בין איך געלאָפֿן צונויפנעמען קינדער אין כיידער אַריין. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן גאָר אַ נײַ קאַפּיטל — דער „מוידע־אַני״ מיט אַלע באַהעלפֿערשע מעלאָכעס: פּוצן שטיוועלעך, שיכלעך, אַרויסנעמען נאַסע אינגלעך פֿון אונטער די איבערבעטן, אויסזוכן זײַ דאָס אָנטאָן, פֿאַרשפּילען שפּענצערס, אָפּרײַסן שלומפּערס, אָפּבלאָזן פּעדערן פֿון יאַרמעלקעלעך, אָפּווישן נעזלעך, שלעפּן מיט גוואַלד פֿון דער שטוב און ארויסשטופּן אין דרויסן... אָט אַזוי בין איך געגאַנגען פֿון שטוב צו שטוב ביז איך האָב צונויפגעזאַמלט די גאַנצע קאָמאַנדע. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דער מעשונע־ווילדער מאַרש, וואָס מע האָט אים געמעגט אַף כידושים אָנקוקן. פּאָרויס און הינטער מיר לויפֿן, שפּרינגען, קריכן אינגלעך אין דער „פּאָלנער פּאָרמע״, מיט אַרויסגעשטעקטע העמדלעך אונטן פֿונם שפּענצער. דער גייט טרויערדיק מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, ווי צו דער שכיטע, יענער האַלט אַ שטיק ברויט מיט אַן איי און עסט, איינער מאַכט קוקוריקו! און דער אַנדערער — ציגעלע מע־מע־מע! איך אַליין גיי האָפּערדיק אינדערמיט, אָנגעלאָדן אין די קעשענעס, אין דעם בוזעם, אין אַ קוישל אָפּן אָרעם פּלעצלעך מיט פּוטער, ברויט באַשמירט מיט שמאַלץ, ריפּטלעך ברויט מיט אַ ווײַדל פֿון אַ הערינג, מיט טעפּלעך קאַשקע, זויערמילך, קעז, ציבעלעס, קנאָבל און שאָר־יעראָקעס, און פֿיר פֿון בײַדע זײַטן באַ די הענטלעך אַ האַלב טוץ אינגלעך. אַ טייל אינגלעך כליפּען, סמאָרען מיט דער נאָז, אַ טייל שפּאַרן זיך אײַן און ווילן נישט גיין, אַ טייל פֿאַרדרייען דעם קאָפּ אַהינטער, וויינען, שרײַען מאַמע, מאַמע! הויך אַף אַ קאָל איבער דער גאַנצער גאַס...

אָנקומענדיק אין כיידער, האָט דער רעבע מיט דעם עלטערן באַהעלפֿער איבערגענומען דעם גאַנצן עטאַפּ קליינע אַרעסטאַנטלעך און זיך גענומען צום שמײַסן, איך האָב באַדאַרפֿט דערלאַנגען ריטער און האַלטן פֿאַר די פּיסלעך. אָפּגעשפּילעט און געלייגט אָפּן בײַנקל האָט דער רעבע מיט זײַן קאָוועד אַליין, אַז די אָפּגעשמיסענע קינדער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן שפּילן אָפּן בערגל מיסט אין דרויסן, האָב איך מיך געזעצט אָפּרוען — וויגן דאָס קינד, רעב אזריעל דעם מעלאַמעדס קאַדיש, זינגען אים דערבײַ „אונטער כאַיקעלעס וויגעלע שטייט אַ ווײַס־קלאָר ציגעלע״, אָדער אופּלאָנטען אַמאָל אַ מאָטיק פּאָדים, גיין אופזוכן די הינער, שרײַען א־קיש! און טרײַבן דעם האָן מיט זײַן פּעקל ווײַבער, די לעפּטשיכעס, אַראָפּ פֿונם בוידעם אי פֿונם דאַך. אין אַ פּאָר שאָ אַרום האָב איך מיך אײַנגעשפּאַנט גיין ברײַנגען די אינגלעך וואַרעמעס אין כיידער אַרײַן, און אַזוי האָב איך מיך געדרייט אַהין־אַהער, אָנגעטופּעט ביז פֿאַרנאַכט.

פֿאַרנאַכט איז געקומען די צײַט אָפּצופֿירן די כאָפּטע קינדער אַהיים. מײַנע צוין קאָדאָשים זענען לוסטיק געלאָפֿן, געשפּרונגען, דער מיט אַ אונטערגעשלאָגן אויג, יענער מיט בלויע צייכנס אַף דער באַק, איינעם האָט געפּלאַמט אַן אויער, דעם אַנדערן איז אַביסל אויסגעצופּט געוואָרן אַ פּייע. קיינער אָבער האָט פֿאַר סימכע דערויס זיך גאָר נישט געמאַכט. אַלע האָבן געשטיפּט,

געאײלט, געיאָגט לעבעדיק־פרײלעך. אין דער צײט איז אויך די טשערעדע קי צוריק געגאַנגען פונם פעלד מיט די פאַרשײטע ציגן פאָרויס. איך האָב אָפּגעלאָזן מײנע צוין־קאָדאָשים און געגאַנגען מעקאַבל־פּאָנים זײן רעב אזריעל דעם מעלאַמעדס ציג, האָב זי אַ כאַפּ געטאָן באַ די הערנער און אָפּגעפירט אַהײם אין איר רו אַרײן. דערמיט האָב איך זי אָפּגעהאַלטן פון אַ גרויסער מיעסער אַווײרע — שפּרינגען ערגעץ אין אַ פרעמדן גאָרטן אַרײן, און מיר האָב איך פאַרשפּאָרט אַ קאָפּדרײעניש זי צו זוכן, ווי עס פלעגט זיך מאַכן אַמאָל, ביז שפּעט אין דער נאַכט.

מיקויעך מײן עסן איז דער מעדובער געווען אַזוי: רעב אזריעל האָט מיר צוגעזאָגט קעסט באַ זײנע באַלעבאַטים, באַ אײנעם אַכטאָג, באַם אַנדערן צווײ וואָכן, אָדער אַ כוידעש, ווי עס האָט זיך געלאָזט. נאָר בעעמעס בין איך געווען אַף קעסט נישט באַ די באַלעבאַטים, נאָר וואָס דען? — באַ זײערע קעכנס, וואָס האָבן געהאַט אַ מיגו נישט צו האַלטן רעב אַזריעלס היסכאַיוועס און מיך לאָזן פּאָשעט הונגערן, און וואָס דאָס האָבן זײ זײער אָפּט טאַקע געטאָן. איך ווידער, פון מײן זײט, האַגאַם אין מײנע טנאָים איז נישט געשטאַנען צו טאָן דאָרט עפּעס א מעלאָכע, פונדעסטוועגן האָב איך פאָרט נישט געקענט אזוי גראָב זײן, אָפּצוזאָגן זיך, ווען מע האָט מיך מעכאַבעד געווען מיט אַרבעט. איך פלעג רײבן כרײן, שאַרפן מעסערס, שײערן, רײניקן די שאַבעסדיקע מעשענע לײכטער, גײן צום שויכעט קוילען אויפעס, לויפן אין דער דינסטס שליכעס אין קלײטל נאָך פעפער, נאָך אינגבער מיט צימערינג צום קוגל, אוכעדוימע נאָך זאַכן אין דעם באַלעבאַטישקײט.

ס'איז געווען אַרום טישעבאָוו־צײט. איך האָב מיך שטארק מײכן געווען, אָנגעגרײט קלײזאַיען — הילצערנע שווערדלעך פאר מײנע אינגלעך, אָפּגעפארבט זײ, די שווערדלעך, הײסט עס, מיט שוואַרצע יאַגעדעס און מיט אנדערע מיסע־מעשונע־פארבן און געהאָפּט דערפון צו האָבן אַ שײנעם גראָשן. נאָר פּלרצלים האָט אַף מיר זיך אָנגערוקט א כמארע און צעשטערט מײנע האָפענונגען. רעב אזריעל האָט אין יענער צײט באדארפט גראָד שלאָגן טויט־שלעק עפּעס אײנעמס א נאָגידס א אינגל, אַ בעניאָכידל, וואָס איז געווען שטארק ציטעריק באַ די עלטערן. דאָס אינגל איז פארשלאַפט געוואָרן און געלעגן קראנק אין בעט. די מאמע מיט דעם טאטן האָבן געליארעמט, געשריגן און געזאָגט: זײ מוזן דעם רעב אזריעלן גוט אָנלערנען און צונעמען באַ אים דעם גאנצן כײדער. רעב אזריעל האָט זיך שטארק איבערגעשראָקן, געזוכט א וועג ווי זיך צו רײניקן און ארופגעלײגט די גאנצע שולד אף מיר. דאָס איז, האָט ער זיך פארענטפערט, דעם באהעלפערס מעלאָכע. ער איז, האָט ער געזאָגט אף מיר, א גרויסער שײגעץ, א ווילדער אכבראָש! דאָס אינגעלע פון זײן זײט האָט געשוויגן, שטארק מוירע געהאט, ווי געוויינטלעך, אויסצוזאָגן פונם כײדער. עס איז אָנגענומען געוואָרן, אַז איך בין שולדיק, און באַ בײדע צדאָדים איז געבליבן מיך גוט אויסצופּאַטשן און אַרויסצוטרײבן פונם כײדער. איך בין געוואָרן דאָס קאַפּאָרע־הינדל און מע האָט מיט מיר, שלימאַזל, טאַקע באלד געשלאָגן קאַפּאָרעס.

## 2. דער טאכשיט.

— אַנו, הוישיקעלע, — — — רעב מענדעלע וועט דיך פֿאַרהערן, שעם דיך נישט. נישקאַשע, דער פעטער וועט דיך נישט אופעסן.

הוישיקעלע האַלט אַ פינגער אין דער נאַז, קוקט אין דער זייט אַנבלאָזנדיק זיך, פֿאַרציט דעם אַקסל און מאַכט:

— איך סעם מיך, סעם מיך...

— וויפל איז אַלט אייער הוישיקעלע, זאָל לעבן? — פרעג איך דער מאַמען.

— מיין הוישיקעלע, זאָל לעבן, איז אין ועסנע געוואָרן בארמיצווע — ענטפערט די גליקלעכע מאַמע.

— נו, הוישיקעלע — נעם איך דעם באָכערל אָן פֿאַרן בעקעלע — זאָג, שעם דיך נישט, וואָס גייט היינט פֿאַר אַ סעדרע?

— זאָג, זאָג! — טרייבט מען הוישיקעלען אָן פון אַלע זייטן. ער שטעלט אויס אַ פּאָר אויגן און שווייגט.

— ב... ב... ב... — מאַכט דער רעבע מיט די גראָבע ליפּן.

— ב־ב... בהאַי! — לאָזט הוישיקעלע אויס אַף אַ קאָל, קוקנדיק צום רעבן.

— נו, באָלעק, באָלעק... — זאָג איך אונטער און גיב וויטער הוישיקעלען אַ פרעג, — וואָס האָט אַזוינס באָלעק געשיקט זאָגן?

דער רעבע לעקט דעם פינגער, ביכדיי דער טאַלמיד זאָל זיך דערמיט אָנשטויסן.

— לעקן — טוט הוישיקעלע א געשריי מיט אימפעט.

— ווער, ווער? — טרייבט הוישיקעלען אונטער דער רעבע, און עס ווערט אים גרינגער אַפן האַרצן, מיינענדיק, אַז ער האַלט שוין מיט דעם טאַלמיד זייענעם אַף א שטיקל דערעך — ווער, האַ?

— דער רעבע! — שרייט הוישיקעלע אויס אַף אַ קאָל.

— דו פארשטאָפּטע קאָפּ איינער! — צעהיצט זיך דער רעבע מיט קאַס — וועד, זאָגט באָלעק, וועט לעקן?

— אידן!... — טוט הוישיקעלע גיך אַ זאָג אַף א קוויטשיק קעלכן.

— די אידן, די אידן... הוישיקעלע! — זאָג איך, אַ גלעט געבנדיק אים דאָס בעקעלע — זייער וואויל, דו קענסט.

די מאַמע איז גאָר איבערגליקלעך, האַלט די הענט אַפן בויך און קוועלט: אַז וואויל איז, כ׳לעבן, דעם בויך, וואָס האָט אזא טאכשיט געבוירן! דער טאַטע קייעט די צונג און האָט שטאַרק האַנאָע.

## 3. די טאַלמוד־טוירע.

געלערנט האָב איך אין דער טאַלמוד־טוירע. וואָס אַ טאַלמוד־טוירע איז, ווייסט איר זייער גוט אַליין, און איך פארשפּאָר עס אייך צו שילדערן. דאָס איז אַ קייווער אַף צו באַגראָבן אָרעמע אידישע קינדער, צו פארשלאָגן זיי די

קעפּ און אָפּצוריִיסן פון דער וועלט; דאָס איז אַ פאַבריקע אַף צו פאַבריצירן טויגעניכטסן, ליידיקגייער, בידנע, פאַרוואָרלאָזטע אומגליקלעכע נעפאַשעס; דאָס איז אַ וויסטע גרוב, אַ לאָך, אַן אומריינע כורווע אַף היִנערשע פיסלעך, ווי געוויינטלעך באַ אונז אין די שטעטלעך, וואָס איז אַ כאַרפּע, אַ בושע, זיי זאָלן טראָגן אַף זיך אַזאַ טייערן, הייליקן נאָמען... ווי מיר דאַכט זיך, בין איך נישט געווען אַ גראָב אינגל. באַ אַכט יאָר לעערעך האָב איך שוין געלערנט כומעש מיט ביבער, מיט אַלע אויסרעדענישן פון ראַשע, כאָטש איך בין נאָך שטומפּיק געווען אַף דער איוורע. אַפּאָנים, מע קען זיך זיין אַ לאַמדן, און פונדעסטוועגן פאָרט אַ גרויסער נאַר, איינס צום אַנדערן האָט נישט...

די מאַמע מיינע פלעגט מיך רופן שלימאַזל און איז בעעמעס טאַקע זייער גערעכט געווען. אין דער טאַלמוד־טוירע בין איך שלימאַזלדיקער געווען מער פון אַלע אַנדערע קינדער. דער רעבע, וואָס פאַרדינט אָסער נישט אַזוי צו הייסן, האָט זייער ליב געהאַט דעם איניען פון שמייסן, עפּשער נאָך מער ווי דעם ביטערן טראָפּן. ער האָט פאָשעט גרויס האַנאָע געהאַט צו פייניקן, גלאַט אַזוי זיך, די פאַרוויסטע, פאַרוואָגלטע קינדערלעך, נעבעך, וואָס זענען אָן דעם אויך געגנוג אָפּגעקומען און קוים וואָס די נעשאָמע האָט זיך אין זייער דאַרן אויסגעדייוועטן גוף געהאַלטן. ער האָט געבראָכן די צעבראָכענע ביינער, געצופּט, געריסן דאָס דאַרע שטיקל לייב, און דער בעסטער כיילעק קלעפּ איז מיר, שלימאַזל, אָנגעקומען. ער האָט צום סאָף אַף מיר זיך שטאַרק פאַרעסן מאַכמעס אַ זאַך, מיך געהאַרגעט־געשלאָגן אַזוי, אז איך בין פון זיינע הענט קוים לעבעדיק אַרויס און געמוזט אופהערן צו גיין אין דער טאַלמוד־טוירע. די מאַיסע איז אַזוי געשעען:

דער רעבע האָט מיט מיר אין דער סעדרע „בראשית“ אויסגערעדט אַף אַף דעם פּאָסוק „ויאמר למך לנשיו“ אַזוי: לעמעך איז געווען אַ בלינדער, טוואַל־קאַיִן האָט אים געפירט, און אז ער האָט דערזעען פונווייטן זיין זיידן קאַיִן, האָט אים זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז אַ כאַיע (דער רעבע האָט געזאָגט אַ פוקס, בכדיי דאָס בעסער מאַסביר צו זיין), האָט ער צו דעם בלינדן, צו לעמעכן, געזאָגט, אַז ער זאָל צילן אַף דעם פוקס, האָט ער געצילט און אים געהאַרגעט. און אַז לעמעך איז געוואָר געוואָרן, אַז דאָס איז גאָר קאַיִן זיין זיידע, האָט ער געפּאַטשט איין האַנט אין דער אנדערער האנט און ער האָט דערוויִל זיין זון טוואַל־קאַיִן צעקלאַפּט אַף טויט. האָבן זיינע ווייבער דערפאַר פון אים זיך פוירעש געווען, דאָס טייטש — אָפּגעשיידט, האָט ער זיי איבערגעבעטן, ויאמר — און ער האָט געזאָגט, לנשיו — צו זיינע ווייבער, עדה וצלה — אידאָ ווּעצילאָ, שמען — הערט, קולי — מיין קאָל, נשי — ווייבער, למך — לעמעך!...

וואַיהי האַיוים איז מיטאַמאָל געקומען אין טאַלמוד־טוירע עפּעס אַ דייטש, אַ געגאָלטער, דאַכט זיך, אַזש פון פּעטערבורג. מיט אים זענען געקומען אַלע גאַבאָים פאַרהערן די קינדער. צום שלימאַזל באַדאַרף ער מיר גראָד הייסן פאַרטייטשן אַ שטיקל כומעש און נאָך דעם גוטן פּאָסוק „ויאמר למך לנשיו“! ווען האָב איך דען גערעדט מיט אַ מענטשן און ביפראַט נאָך מיט אַ דייטש,

אַ גילועך? איך האָב געפּלאַטערט, געציטערט אַזוי ווי אַ פיש אין וואַסער. עס
האָט מיר געדרוישט אין די אויערן, געקלאַפּט אין האַרץ, די האָר האָבן מיר
זיך געשטעלט קאַפּויר, און אין די אויגן איז מיר געוואָרן פינצטער און ליכ־
טיק צוגלייך, אַקוראַט ווי בעשאַס מע קוקט אין דער זון אריין. איך האָב גע־
פילט, אַז איך וועל ניט אין שטאַנד זיין אויסצודערציילן אַזאַ גרויסע לאַנגע
מאַיסע מיט לעמעכן, און דאָ שטייט מען איבערן האלז, איין קאָל: זאָג, זאָג!—
וואָס זאָל איך טאָן, מע מוז זאָגן. עס האָט מיר פאַרנומען דער אָטעם, איך
בין ארויס מיט דער שפּראַכע, מיך שטאַרק פאַרבאַלעמוטעט און אַנידערגע־
לייגט, משטיינס־געזאָגט, אַ מין טייטש: „ויאמר — אַ פוקס, למך — אַ בלינדער,
לנשיו — האָבן די ווייבער פון אים זיך אָפּגעשיידט, תובל־קין האָט אים גע־
פירט, עדה — אידאָ, וצלה — און ער האָט געהאַרגעט" — דער דייטש איז גע־
בליבן שטיין, ווי מע קאָכט איינעם אָפּ מיט אָקרעפּ, איז אָקאָרשט פון דער
הויט נישט אַרויסגעשפּרונגען פאַר קאַס. ער האָט צוגערופן דעם רעבן און מיט
אַ בייזער אים געזאָגט: האַ, וואָס הער איך? ווי זאָ לערנען זי אירע טאַלמי־
דים?! שאַנדע און שפּאָט! שעמען זי זיך, הער רעבע!... דער רעבע האָט זיך
געקראַצט, קאַלופּעט די נאָז און געטאַלעפּעטשעט מיט דער צונג: מיין האַרינ־
קע, דער קנאַב האָט זיך פאַרשראָקן, דער קנאַב זוי אַ גוטשקער אינגל אַף
געמאָנעס! נו — האָט ער דער דייטש געזאָגט צו מיר — פירכטע ניכט, מיין
קינד, עס ווירד דיר ניכטס געשעען. זאָגע מיר ויאמר, וואָס טייטש ויאמר?
איך אָבער האָב שוין ניט געוואוסט, וואָס מיט מיר טוט זיך, האָב אויסגע־
שטעלט אַ פּאָר אויגן ווי אַ ליימענער גוילעם און אַ זאָג געטאָן דעם דייטש
גלייך אין פּאָנים: פוקס!... מיין איך ויאמר, ער האָט זיך געבעטן צו די ווײַ־
בער... דער רעבע, נעבעך, איז געשטאַנען ווי אין געהאקטע וואונדן און זיך
שיר נישט באַגראָבן אין דער ערד פאַר גרויסן ביזאָיען. ער האָט געלייזט פאַר
דאָס זייניקע וויפל אין אים איז אַריין און געהאַט אַ ווייסטן, פינצטערן טאָג.
זיין שווער ביטער האַרץ האָט ער דערנאָך צו מיר אויסגעלאָזן. פון יענער צייט
אָן פלעגט ער טאָמיד צו מיר זיך טשעפּען און מיך שלאָגן, מיימיסן אַף וואָס
די וועלט שטייט, ביזוואַנען מיר איז שוין אומעגלעך געווען אויסצוהאַלטן. איך
בין פאַרשלאַפּט געוואָרן און אופגעהערט צו גיין אין דער טאַלמוד־טוירע.

## 4. אַ טאַלמוד־טוירע־אינגל.

אין שטוב איז הערשעלע געווען ווי אַ שטאַרק אָנגעבלאָזן פּאַכירל, זיך איינ־
געהאַלטן, קיין פּאַרע זאל מען פון אים נישט הערן, אַקעגן־זשע אָבער אין
דרויסן האָט דאָס פּאַכירל געלאָפּנעט און ס'איז אַרויס פריי אַלצדינג, וואָס אי־
נעווייניק אין אים האָט זיך געשטיקט. דאָרט איז ער געווען אַ פייער, אַ שפּירט,
איין קונדעס אין דער וועלט. ער האָט זיך איבערגעשלאָגן מיט אַלע אינגלעך
און אַרויסגעוויזן זיין גרויס בעריעשאַפט. אין שטיינער וואַרפן, כאַפּן אַ ציג פאַר
די הערנער און זעצן זיך אַף איר רייטנדיק, אָנעמען פלוצים דעם קאַבצאַנס־
קער קאָהאָלשן צאַפּ פאַר דער באָרד און אויסרייסן אים אַ פולן הויפן האָר,

שטעכן כאָסן־קאַלע אונטער דער כופּע מיט שפּילקעס, נאָכלויפן אַ מעשוגענעם אַף דער גאַס, אונטערכאַפּן זיך הינטער אַ וואָגן, בעשאַס פאָרנדיק געשווינד,— דערצו איז ער געווען איין בעריע טאַקע. ווייסע־כעוורע האָט דעריבער פון אים שטאַרק געהאַלטן און אים מעכאַבעד געווען מיט קויהען אין אַלע קונדייסקע זאַכן. אין די מילכאָמעס צווישן די קונדייסים איז ער געווען דער גענעראַל, מיט עפּעס אַ פּאַפּירן שאַרמיצל פֿון אַ בסאָמים־קרעמל אַפן קאָפּ, אַרומגעשטעקט מיט פֿעדערן. די גוואורע און דאָס גאַנצע גרויסקייט זיינס איז באַשטאַנען אין פּיטשקען, וואָס ער האָט געהייסן איטלעכן מעקאַים פּסאַק זיין, גלאַט אַזוי־זיך פֿון זיין קאָוועד וועגן, און אַז דער גענעראַל, הערשעלע לייזער־יאַנקלס, האָט באַפּוילן—איז מעכויעוו געווען איטלעכער, פֿון דעם קלענסטן ביז דעם עלטסטן, באַלד צו פֿאָלגן. בעשאַס פֿרידן, נישט קיין מילכאָמע־צייט, פלעגט אונזער הער־שעלע מיט דעם גאַנצן פֿעקל אינגלעך זיך אָפּגעבן מיט אַנדערע געשעפֿטן, און געשעפֿטן זענען געווען זייער פיל, באָרעכאַשעם, אין איטלעכער צייט.

זומער באַטאָג פֿלעגט ער פירן ווייסע־כעוורע באָדן זיך אין קאַבצאַנסקער טייך — אַ גרויסער רינשטאָק מיט אַ פאַרשימלטער בלאָטע באַם ברעג, וואו שטאָט־כאַזיירים זענען געלעגן איינגעזונקען טיף ביז איבער די אויערן, אַרויס־שטעקנדיק נאָר דאָס פּיסקל. דער גאַנג אַהין איז געווען לעבעדיק־ראַשיק, טאַקע ווי מע זאָגט, ביגראַנדע, ניט אויסגעלאָזן איין זאַך אַפֿן וועג מע זאָל עס נישט באַרירן. יונגע געגנזלעך צעלויפֿן זיך, אונטערפֿליענדיק אַ ביסל מיט די קליינע, נאָך נישט גוט באַפֿעדערטע פֿליגעלעך; דער גאָנער סאַפּעט, סמאָרעט מיט די נעזלעכער, אויסקרימענדיק דעם האַלז ווי אַ שאַלשעלעס. דאָס קעלבל דאָרט איז זיך מאַטריעך אופצושטיין פונם גראָז, שטעלט אויס אַ פּאָר אויגן, רוקט זיך אַף עפֿלעכע טריט אָפּ, וואַרפֿנדיק מיטן קאָפּ און אָנבייגנדיק דעם שטערן צו דער ערד, פּאַרייסט דערנאָך דעם וויידל און אַוועק, אַוועק... כעוורע שפּילעט זיך אָפּ, קנעפּלט זיך אָפּ, נאָכגייענדיק אין איילעניש, אַזוי אַז צוקומענדיק צום ברעג טייך, פֿאַלט פֿון איטלעכן דאָס אָנטאָן פּלוצים אַראָפּ — און פּוץ אין וואַ־סער אַריין, בול־בול־בול!—

צווישן פֿינפֿע און מאַירעוו איז ווייסע־כעוורע זיך צונויפגעקומען אַפן יאַריד אין בעסמעדרעש, אין פּאָלעש דאָרט, איטלעכער מיט זיין מין סכוירע, און מע האָט געהאַנדלט געשמאַק. איינער בייט אַ קרומען, אַלטן טשוואָק אַף אַ מעשע־נעם קנאָפּ אָן אַ אויערל. דער אַנדערער טוט אַ ווייז אַ ניסל, אַ סווישטש, און עס געפינט זיך דערוף צוויי שטאַרקע קוינים, מיט שטיקלעך שפּיגל־גלאָז, פאָר־צעלייענע שערבלעך פולע קעשענעס. יענער מיט אַ גרינער פּאַטשערקע איז פאַרטיפט אין אייסעק מיט דעם כאַווער, וואָס באַרימט זיך מיט זיין נאָדל־טעשל און אַ צינערן אויער־לעפעלע. הערשעלע אונזערער איז דאָס געווען דער שאַ־צער און געכאַפּט פון אויבן פאַר זיין מי. געוויינטלעך לאָזט זיך דער יאַריד אויס מיט אַ קריג: קיינער איז נישט צופרידן, איטלעכער טאַינעט, ער האָט זיך מיעס אָפּגענאַרט. עס האַלט שוין באַם פּאַטשן זיך; עפּעס אַ קונדעס, מיט אַ פּריש גענזן געגעלע, טרומייטערט־צו, אַ טאַראַראַם, אַ געפּילדער, ביז דער

שאַמעס לויפט אין איין קאַס אַרויס מיט אַ היק: שקאָצים! — און כעוורע צעלויפט זיך ווי די מייז, איטלעכער אין זיין ווינקעלע.

כאַנוקע־צייט האָט געפלאַקערט דאָס געשעפט מיט דריידלעך, פורים־צייט — מיט מאַטעריאַל אַף האָמען־קלעפּלעך, שווועס־צייט — מיט אויסגעבלאָזענע אייער, צו מאַכן פייגעלעך. האַקלאַל, איטלעכער יאָנטעוו מיט זיין מין סכוירע... צייט אַף צו האַנדלען איז, באָרעכאַשעם, געווען גענוג. ווייל דער מעלאַמעד פון דער טאַלמוד־טוירע, וואו אונזער הערשעלע האָט געלערנט, איז אַליין געווען שמענדיק פאַרנומען מיט זייער פיל געשעפטן, אָן איינאָרעס. ער איז געווען אַ שטיקל שאַדכן, כול געווען אַף אַלע כאַסענעס, בריסן און לעוואַיעס, געווען אַ באַשטענדיקער איידעס אַף געטן. כוץ דעם האָט ער באַדאַרפט אָפּשפּרעכן איינאָרעס, איבערקוקן מעזוזעס און פון אַלע מעלאָכעס זיך אָפּרייסן צייט דאָנערשטיק און פרייטיק מיט אַ פושקעלע אין די הייזער אַרומצוגיין. נאָר שוואך מעג מען אים נאָכזאָגן, אַז די שאָ צייט, וועלכע ער האָט זיך גענומען צום קנעלן, האָט ער געאַרבעט געשמאַק מיט אַלע קיילים. דידאָזיקע קורצע צייט איז אים גאַנץ גענוג געווען אַף איבערצושמייסן אַלע קינדער און ס'איז אים נאָך איבערגעבליבן עטלעכע לײַדיקע מינוט צייט אויך אַף צושפּאַרן זיך מיטן קאָפּ צום טיש, אַביסל זיך אויסצורוען, אָדער קראַצן די באָרד, קרעכצן, גענעצן אוכעדוימע אַזעלכע מעלאָכעס. אַף הערשעלען פלעגט ער זאָגן: הערשעלע איז אַ גרויסער קונדעס, אָבער אַ וואויל אינגל מיט אַ גוט קעפּל. די מאַמע פלעגט, הערנדיק אַזוינס, זיך דערמאָנען אין איר כאָלעם, ווי גדאַליע־הערש, אָלעוואַשאָלעם, האָט, ווייזנדיק אַפן קינד, געזאָגט: „ער וועט זיין אַ גוט שטיקל אַרבעט, אַ שאַרפע נאָדל מיט אַ שפּיצעכיק קעפּל”, און פאַר נאַכעס זיך געשמאָלצן.

## 5. א שטוב־מעלאמעד בא א באַלעבאָס.

ליפּע־רואָוונס איז געווען א דאַרער, אַ קורצזיכטיקער. מיט א בלייך פּאָנים, אַ שטילער, אַ גוטער און זייער באַליבט באַ איטלעכן אין דעם שטעטל. זיין כאַראַקטער, זיין וואוינונג, זיין שטייגער לעבן, זיין טאָן און אלץ מיט אַנאַנדער האָט באַשיינפּערלעך געוויזן, אַז אין אים איז דאָ דאָס פּינטעלע, דער ברען פון א קינסטלער. ער האָט געהאַט אַ האַנט צו שניצן, צו מאָלן, צו שרייבן און צו קריצן אַף קופּער און אַף שטיינער, נישט צו מאַכן זיך דאַרויס אַ פּאַרנאָסע, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל דאָס איז געווען זיין בעסטער פאַרגעניגן, ווייל עס האָט אים דערצו עפּעס געטריבן און ער האָט באַדאַרפט, געמוזט מייסטערן. באַ דעם שטעטלדיקן אוילעם אידן האָט ער געהייסן א בעריע צו אַלצדינג, אַ קענער, עפּעס גאָר אַ שרעק — און זיי האָבן באַ איטלעכער געלעגנהייט זיך מיט זיין בעריעשקייט באַנוצט. מע האָט אים מעכאַבעד געווען מיט שניצן דעם אָרן־קוידעש, מאָלן א „מיזרעך”, שלאָגן מאַציייוועס, קריצן כסימעס. מיידלעך, קאַלעס, פלעגן אים מאַטריעך זיין, מיט זיין גוטן ווילן, צו מאַכן פאַר זיי מרסטערן אַף קייטלשטיכלעך, אַף העמטן, אויסניייען פאַר זייערע כאַסאַנים טפילן־

זעקלעך. און אַז ער טויג שוין יאָ צו אַלע זאַכן און איז דערצו נאָך אַ גוטער מענטש אויך, טוט איטלעכן צוליב, אַזוי זיך, אומזיסט, פאַר וואָס־זשע זאָלן ווייבער, נעבעך, אַזוי זינדיק זיין, נישט צו באַנוצן זיך מיט אים אויך — צו קאַדאָכעס, אַשטייגער? מע האָט אים געבעטן, האָט ער געשריבן עפּעס אַזוינס אַף מאַנדלען, אָדער אַף טעלער מיט טינט, וואָס צעפירנדיק עס דערנאָך מיט וואַסער, גיט מען עס דעם קראַנקן טרינקען — און עס העלפט!... צו די אַלע זאַכן האָט ליפּע רוואוונס נאָך צוגעקנעלט אויך.

פאַר א מעלאַמעד האָט אים געמאַכט רעב כאַים.

שלוימע רעב כאַימס, א אינגעלע פון א יאָר זיבן, האָט פון דער קינדערהייט זיך געוויזן פאַר א וואוילס, אַ לעבעדיקס, מיט א שאַרף קעפּל צום לערנען. אין איין יאָר האָט ער זיך אויסגעלערנט באַ מוישע שלייען גוט איוורע, געלייענט גיך ווי א וואַסער און אָנגעהויבן כומעש, ווי דער שטייגער איז, פון „ויקרא”, וואָס אַנדערע קינדער באַדאַרפן דערוף אַוועקזיצן אין כיידער אַ צוויי־דריי יאָר. באַם גאַנצן הויזגעזינד רעב כאַימס, ווי אויך בא פרעמדע, אַריינגייערס צו אים אין שטוב, איז שלוימעלע געווען זייער באַליבט פאַר זיין לעבעדיקייט, פאַר זיין פאַלן אַמאָל אַף קלאָץ־קאַשעס, און נאָך מער — פאַר זיינע אָנשטעלן. ס'איז אין אים געלעגן בעטעווע עפּעס אַזוינס, אופצוכאַפּן באַלד באַם ערשטן בליק יענעמס א מינע, א וואָרט, וואָס עפּעס נישט אַזוי, מעשונע ווי בא אַנדערע. ער פלעגט וואונדער־שיין נאָכמאַכן אַבי ווער מיט אַלע פּאָ־סטעמקעס — ווי יענער שטייט און גייט, אַזוי אַז מע פלעגט זיך האַלטן באַ די זייטן פאַר געלעכטער, זעענדיק און הערנדיק אים. באַזונדערס ליב האָט ער געהאַט נאָכצומאַכן גיטל די זאָגערן, ווי זי קושט די מעזוזע באַם אַריינקומען אין שטוב, אָנגעטאָן אין דער יופּע אַף איין אַרבל; ווי זי פאַרציט די ליפּעלעך, זאָגט: „אַ גאָט העלף!” מיט כיין; ווען זי גיט אַ בייג דעם רוקן ווי אַ קעצעלע, אַזוי אַז איין אַקסל קומט אויס נידעריק, די אַנדערע העכער, דאָס קעפּעלע אין דער זייט, אונטערגעהאַלטן מיט דער האַנט, און אַ פינגער אַף דער באַק; ווי זי קנייטשט דאָס פּענימל, אַ סמאָרע מיט דעם נעזל, פאַרגלאָצט די אייגעלעך און רעדט מיט טכינע־לאָשן, אַלץ: „געלויבט און געאַכפּערט דער אַלמעכטיקער, באָרוך־הו ובאָרוך־שמוי, וואָס באַשירעמט זיין פאָלק איסראָעל!” אַריינוואַרפנדיק אינדערמיט שטיקלעך פונם „נחלת צבי” און „רבינו בחיי”. — די מאַמע פלעגט מיט אַנדערע גלייך טאַקע אויך לאַכן, נאָר דערביי, מיט אַ פינגער אַף דער נאָז, קלומערשט אין קאַס, צו אים מאַכן:

— וואַרט נאָר, וואַרט, שיין באָכערל איינער! איך וועל, נישקאָשע, דערציילן דעם טאַטן, וועסטו שוין וויסן, נישקאָשע, ווער עלטער איז, ווי אַן עלטערן נאָכצוקרימען זיך. — זאָל איך אַזוי וויסן בייז, אויב איך פאַרשטיי, וואָס פאַר א מין שלאַק דאָס איז, ריבוינע־שעל־אוילעם!...

דער טאַטע אָבער איז אַף דעם קינד אַ מייוון געווען. ער האָט גוט פאַר־שטאַנען, אַז באַ אַ געהעריקן סיידער לערנען אַלצדינג, וואָס מע באַדאַרף, און באַ אַ רעכטן מעלאַמעד אין די הענט, קען פון אַזאַ קינד, מיט דער צייט, ווערן אַ לייט. לערנען אַלצדינג, וואָס מע באַדאַרף, האָט באַ אידן צו יענער

צייט, און ביפּראַט נאָך אין אזאַ שטעטל ווי ק..., נישט געהייסן שפּראַכן, כאָכמע־זאַכן, דאָס וואָס היינט. צו געמאָרע און פּאָסקים זיין נאָך א באַל־טאַנאַך אויך, פאַרשטיין אַביסל דיקדוק — איז מען שוין אַ פאַרטיקער מענטש, א ווי ל־ דער בעריע איינער אין דער וועלט, מער דערפון איז גאָר נישטאָ, טאַקע אַן איבעריקע זאַך. נאָר ווער אָבער האָט, כוץ דעם אָנהויב פון איטלעכער סעדרע, געלערנט קינדער טאַנאַך? מע האָט זיך עפּעס געשייעט, עס האָט עפּעס געשמעקט מיט אַפּיקאָרסעס. — — —

רעב כאַימען אָבער האָט זיך געגלוסט פאַר שלוימעלע זיינעם מאַכן אַן אויסנאַמע, פּרואוון לערנען אים דאַווקע גאַנץ טאַנאַך, מיט דעם טאַרגעם אויך, קעסיידער פון אָנהויב ביז צום סאָף. רעב כאַים אַליין האָט געקענט טאַנאַך און געשריבן מעליצע. פון זיינע בריוולעך פלעגט מען לעקן די פינגער. ער האָט געהייסן צווישן זיינע אַלע באַקאַנטע אַ „באַל־לאָשן"... נאָר וואו נעמט מען אָבער דעם מעלאַמעד דערצו? אָט דאָס האָט רעב כאַים געטראַכט און איז לעסאָף געפאַלן אַף ליפּע רואוונס. אים האָט עס רעב כאַים געמאַכט פאַר א מעלאַמעד צו קנעלן מיט זיין שלוימעלען, מאַטער געווען אים צוצו־ נעמען נאָך עטלעכע קינדער, קעדיי ער זאָל קענען ווי־עס־איז מיט ווייב און קינד, ווי אלע אידישע קינדער, עט אַזוי זיך לעבן...

און דער זיווּעג האָט אוילע־יאָפע געווען! דער רעבע און דער טאַלמיד האָבן זיך איינער דעם אַנדערן זייער גוט געפאַסט. דער רעבע האָט געקנעלט געטריי, און דער טאַלמיד — געלערנט געשמאַק. דער שטייגער איז געוויינטלעך געווען, בעשאַס דעם לערנען באַם טיש, פלעגט דער רעבע זיצן אַף זיין אָרט מיט עפּעס אַן אַרבעט — מאָלן אָדער שטעכן א כסימעלע. נאָר דאָס האָט אָבער נישט געשאַדט צום גאַנג פונם לערנען, ער האָט, נישקאָשע, זיך גוט צו־ געהערט. פּארקערט, דאָס לערנען איז געגאַנגען נאָך פיל בעסער. די אַרבעט איז פאַר אים געווען דאָס אייגענע, וואָס א פּראָסטן באַלמעלאָכע א גוטער טרונק בראַנפן. זי האָט אים באַגייסטערט, באַלעבט, געמאַכט באַרעדעוודיק. ערשט דענסטמאָל האָט ער דערקלערט אַלצדינג שאַרף, קלאָר, פונם מויל האָבן זיך אים געשאָטן פּערל, אין די אויגן האָט געפינקלט א הייליק פייערל, ער האָט געקוקט מיט ליבשאַפט עפּעס אַזוי גוט, אַזוי גוט... און דעם טאַלמיד פלעגט עס געבן א נעם, אַ ברען, אונטערגעגעבן אים אַ כיישעק, ער האָט געשלונגען איטלעכעס וואָרט, אופשטעלנדיק די אויערלעך.

## 6. שלוימעלעס גאָט.

שלוימעלע איז בעטעווע געווען אַ הייס־בלוטיקער, אָנצינדנדיק זיך ווי אַ שוועבעלע, ווי באַלד נאָר עפּעס האָט אים געטאָן אַ ריר. די פייערדיקע רייד פון די נעוויאים, די דערציילונגען זייערע איבער גאָט, איבער די וועלט, האָבן אופגעוועקט זיין קויעך־האַדימיען און אים געגעבן געווג שטאָף צו דיינקען, צו טראַכטן. — „איך האָב געזען גאָט, — זאָגט יעשאיע האַנאָווי, —ווי ער זיצט אַף זיין הויכן שטול, די פאָלעס צעשפּרייט, פאַרנעמען דעם הייליקן פּאַלאַץ.

סראָפים — ברענענדיקע מאלאָכים, שטייען איבער אים, איטלעכער מיט זעקס פליגל... און עס רופט איינער צום אַנדערן און זאָגט: קאָדויש, קאָדויש, קאָדויש — הייליק, הייליק, הייליק איז דער גאָט צבאות, פול איז די וועלט מיט זיין קאָוועד! און עס וויגט זיך, עס ציטערן די זיילן דאָרט פונם שרייענדיקן קאָל, און דאָס הויז ווערט פול מיט רויך. אוי, זאָג איך, ווײ איז מיר, איך בין פאַרבײ! איך בין דאָך אַ מענטש מיט אן אומריין מויל און צווישן אַ פאָלק מיט אַ בייז אומריין מויל געפין איך מיר״. שלוימען זיינען דידאָזיקע ווערטער שטאַרק אין קאָפּ אריין. ער הויבט אָן צו טראַכטן איבער גאָט, זיך פאָרצושטעלן מאַלאָכים מיט פליגל, און וויל אַלץ וויסן זייער פיל אַזוינס, וואָס פיקט אים דעם מויעך, פאָדערט אַ דערקלערונג. פרעגן דעם רעבן — דערצו האָט ער נישט טאָמיד געננוג מוט געהאַט. איינמאָל האָט ער יאָ זיך געפּרואווט מאַכן מיט אים אַ רייד, רויט־ווערנדיק דערבײ פלאַם־פייער, נאָר דער רעבע האָט אויסגעהערט מיט אַ שמייכעלע, שווייגנדיק אַ קרים זיך געטאָן, ווי איינער רעדט: עט!... אף זיינע שאילעס בא אַנדערע, עלטערע מיט בערד, פלעגט ער באַקומען טאָמיד אן ענטפער: שאַ, שקאָץ! אַ אינגעלע טאָר נישט פרעגן, אַ אינגעלע באַדאַרף נאָר פאָלגן, טאָן וואָס גאָט הייסט — לערנען, דאַוונען. אַז נישט, וועט דער אויבערשטער שטראָפן, שמייסן דאָרט מיט אייזערנע ריטער — און פאַר אַ רוט האָט שלוימעלע געציטערט, נישט אַזוי פאר דעם ווייטיק, ווייל אַז מע שמייסט, טוט וויי, ווי פאַר דער שאַנדע — פע, ס׳איז אַ כאַרפּע!... שלוימעלען איז פאָרגעקומען גאָט עפּעס נאָר ווי אַ בייזער פאָריץ מיט אַ קאַנטשיק אין דער האַנט, פאַר אַ מינדסטע קלייניקייט ווערט ער אָנגעצונדן, איישלעהאָווע — שמייסט! בא אַ מינדסט אוויירעלע: איבערהיפּערן, אַשטייגער, אין דאַוונען עפּעס אַ וואָרט, נישט ענטפערן אָמיין, אַ טרונק וואַסער טאָן אַ מאָל אָן אַ „שהכל״—האָט ער געכאַפּט אַ ציטער און געטראַכט: „אוי, ווײ איז מיר, איך בין פאַרבײ״.

און ווער שמועסט יאָמים־נוירואָים, וואָס קעפי אידן זאָגן, אפילע אַ פיש אין וואַסער ציטערט דענסטמאָל — איז שלוימעלע געווען אין איין שרעק. דער גאַנצער איניען פונם אופשטיין צו סליכעס, דאָס כאַפּעניש, לויפעניש אין שול, אפן פעלד, דאָס יאָמערן־וויינען, דאָס טרויערדיקע ניגנדל באם דאַוונען, דאָס אומעטיקע פּענימל פון דער מאַמע און פונם גאַנצן הויזגעזינד, גלייך ווי עס הייגט איבער זיי די רוט און מע קען זיי, מעכילע, מעקאַיעם־פּסאַק זיין — אָט דאָס אַלצדינג האָט אף אים אָנגעמאַכט אַ שרעקלעכע פינצטערע מאָרעשכוירע. ס׳איז אים נישט ניכע געווען דער גאַנצער יאָנטעוו, די פיש מיט דעם צימעס, עס האָט אים זיך נאָר געדאַכט, ווי ער, דער אויבערשטער, זיצט אף דעם הויכן שטול, די פאָלעס איבער דעם מאָקעם־קאָדויש, ברענענדיקע מאַלאָכים אַרום אים פליען, ברייננגען ספאָרים, שרייבן, רעכענען איטלעכנס אַוויירעס מיט אַ ראַש, אַ געפּילדער, און עס וויגט זיך די וועלט, עס ציטערן די טויערן פונם הימל פון זייער געשריי — און ער טראַכט: „אוי, ווײ איז מיר, איך בין פאַרבײ!״...

## 7. אינם אוילעם האדימיען.

אַ פּאָר יאָר איז דרינען זינט שלוימעלע האָט אָנגעהויבן לערנען טאַנאַך, אינגאַנצן איז ער נאָך אַ קינד, און וואָס פאָרט, ריבוינע־שעל־אוילעם, האָט ער שוין נישט איבערגעלעבט, וואו איז ער אין דערדאָזיקער צייט שוין נישט אויסגעווען? טאַקע גאָר עפּעס ווי אַן אַלטער, וואָס וואָלט אַוועקגעלעבט מעסושעלאַכס יאָרן! ער איז געווען אין אַראַם־נאַהאַרים, אין קנאאן, אין מיצראַיִם, אין פּאָראַס־ומאָדאַי און שושאַן האַבירע דאָרט, און נאָך אין מעדינעס, פון הוידו ביז קוש, אויך אין דער וויסטעניש, אין מידבאָריעס און אָנגעזעען זיך, אָנגעהערט זיך דאָרט זייער פיל וואונדערלעכע זאַכן.— — —

ער איז פאַרוואָגלט אין מיצראים, אין די לענדער פון סיכוין, אויג מעלעך האַבאָשאָן און נעוואוכאַדנעצער מעלעך באָוול, דער קאָפּ ליגט אים אין דעם יאַם־סוף, אין דעם יאַם־האַמעלאך, אין דעם טייך פּראָס און דעם יאַרדן. פאַר אים געפינען זיך מינע מענטשן, מיט וועלכע מע באַדאַרף רעדן לאָשן־קוידעש, עפּעס גאָר טאַרגעם, מע זיצט זיך בא זיי אין געצעלטן, מע רייט אף מויל־אייזלען און קעמלען, מע טרינקט פון אַ „לאָגל”, מע גייט באָרוועס און מע טראָגט נאָזבאַנדן, אַלצדינג ווי דער שטייגער איז. אונזער נאַטור דאָ, מיט אירע מינע געוויקס, כאיעס און אויפעס געהער זיך מיט שלוימעלען נישט אָן. וואָס מאַכט עס אים אויס פעלדער מיט טוואוע — קאָרן, רעטשקע, קאַרטאָפלעס, פונוואַנען ער עסט אַ „קרופּניק” מיט ברויט אַלע טאָג? וואָס ווייסט ער אַ סאָסנע, בערעזענע און דעמבענע בוימער! ער ווייסט נאָר בא זיך אין האַרצן: ווייַנגערטנער, טייטלען, פייגן, מילגרוימען און איילבירטן, פימסנהאָלץ און בוקסנבוימער. פון לעבעדיקע מינע באַשעפעניש ווייסט ער: אַ ווּיזלטיר, אַ לינדנוואָרעם און אַ פיפערנאָטער, אַ לעמפערט, אַ אינד, וואָס טוט טאָן גלוסטן אף קוואַלן וואַסער, אַ שויר־האַבאָר און א טירקלטויב. האַקלאַל, שלוימעלע איז נאָר אַ געבירטיקער דאָ, און אליין איז ער עפּעס ווי נישט קיין היגער, לעבט ערגעץ דאָרט, דאָרט... זיין צייט איז פאַרצייטן און זיין וועלט איז אַ יענע, וואָס אַמאָל, דאָ איז ער אַ גער און דאָרט — אַן אַלטגעזעסענער; ער קומט אַהיים נאָר אף אַ ווײַלע, ווי אַ גאַסט אף דער סטאַנציע, עסט אָפּ, נעכטיקט איבער — און מאַרש אַהין, ווייטער טאַקע אַהין!...

## 8, דאָס לערנען אין קלויז.

שלוימעלען גייט לעמאַזל דאָס עלפטע יאָר. די טוירע פאַר אים בא ליפּע רוואונס לאָזט זיך אויס, און ער גייט איבער אַף דעם טאַטנס הענט, לערנען אונטער זיין האשגאָכע.—ללמוד,—לערנען אליין, וללמד—לערנען אויך מיט אַנדערע, ביפראַט נאָך מיט אייגענע קינדער, דאָס איז איינס פון גאָטס געבאָט, וואָס אידן זאָגן עס, בעטן דערוף און דאַוונען אלע טאָג, און אַז וואויל איז דעם, וואָס איז אין שטאַנד עס מעקאַיעם צו זיין. רעב כאַים פלעגט אַזוי טאַקע מיט זיינע קינדער זיך נויהעג זיין. מיט איטלעכן באַזונדער פון די

צוויי עלטערע זין האָט ער געלערנט, נאָכדעם אַז זיי זענען אַרויס, איטלעכער אין זיין צייט, פונם כיידער ביז דער כאַסענע ווי באַשעפטיקט ער איז געווען, פלעגט ער אָפּרייסן אַ שאָ אָדער אַ פּאָר שאָ צייט אין טאָג, צו לערנען אַ בלעטל געמאָרע מיט זיי און מיט זייערע כאַווײרים, אין פאַל אַז זיי האָבן אַזעלכע געהאַט. אַזוי האָט ער אויך געלערנט מיט זיין איידעם, לייעס מאַן, די ערשטע צייט נאָך דער כאַסענע, און מיט נאָך יונגע באַלעבעסלעך צו אים גאָר אומזיסט. און אַזוי איז אויך געקומען שלוימעלעס צייט לערנען טוירע באַם טאַטן. דער שטייגער לערנען זיינער איז געווען אַזוי: אַלע פרימאָרגן, באַלד נאָכן דאַוונען, פלעגט דער טאַטע זיצנדיק אַף זיין שטאָט אויבנאָן אין קלויז לערנען מיט אים אַ פיירעק אָדער צוויי פּראָקים מישנאַיעס קעסיידער. נאָך דעם אָנבייסן פלעגט ער בלייבן אין דער היים, צוגרייטן אין אלקערל דאָרט דאָס לייענען, וואָס דער טאַטע האָט אים אין דער געמאָרע פאַרגעבן מיט תוספות און מהרש״א. ער האָט עס באַדאַרפט דערנאָך איבערזאָגן, אין דער היים טאַקע, אַמאָל באַטאָג, אַמאָל באַנאַכט, ווי דעם טאַטן איז אויסגעקומען, און גאָר אַמאָל פלעגט דער טאַטע אופוועקן שלוימעלען פאַרטאָג אויך און אוועקגיין מיט אים לערנען אין קלויז.

עמעס טאַקע, דאָס אופשטיין פאַרטאָג, בעשאַס דער שלאָף איז אַזוי גע־שמאַק, איז שלוימעלען אָנגעקומען נישט אַזוי גרינג. נאָר איז ער שוין אופ־געשטאַנען, אַראָפּ פונם געלעגער, האָט עס אים זייער האַנאָע געטאָן. דאָס אוף־זיין, דאָס גיין אין קלויז און דאָס לערנען האָט אים גרויס פאַרגעניגן גע־מאַכט. ווער ס'איז אַ איד, אַ איד מיט דעם פּינטעלע, דער קען פילן דעם טאַם פון אַזאַ פאַרגעניגן. אין דעם אידנס קאָפּ מאָלט זיך די נאַכט מיט וואונדער־שיינע בילדער. עס שטעלט זיך אים פאָר אין דער נאַכט געטלעכע זאַכן, יענע וואונדערלעכע ערציילונגען פון די הייליקע ספאָרים, וואָס רירן באַ דער לע־בער — און ער ווערט אַזש צעשמאָלצן פאַר הייסע ברענענדיקע געפילן.

„נאָך דעם ערשטן מישמער, אַרום האַלבע נאַכט — אַזוי שטייט געשריבן — ווייעט אַ צאָפן־ווינטעלע, און די וואַכן פון די מאַלאָכים בייטן זיך דאָרט אין הימל. עס גיט, אָט דאָס ווינטעלע, דעם מאַלעך גאַווריעל אַ ריר — און ער שרייט אויבן זעקס קוילעס אויס, לייענט דערנאָך פון אַ בוך ארויס די מענטשנס אַלע מאַיסים, וואָס ווערן אָפּגעטאָן באַטאָג. פון אים דאָרט גיט עס אַ טאָרע אונטער די פליגל דעם האָן דאָ. ער כאַפּט זיך אוף און קרייט הויך אף א קאָל. אי אויבן, אי אונטן ווערט א געטומל: דער האָן קרייט אף דער ערד, און גאַווריעל אפן הימל. דענסטמאָל לאָזט זיך גאָט פון דריי הונדערט און ניינציק הימלען אַראָפּ אין גאַניידן אריין, קיטעס מאַלאָכים לויפן פאָרויס און זאָגן שירע:

עפנט טויערן ברייט זיך אוף,
עפנט הויך זיך ביז ארוף —
אָ, איר אייביק פעסטע טירן,
קומען לאָז דאָ גאָט שפּאַצירן!

עס זינגען אויך די בוימער אין גאַניידן, גיבן פון זיך ארויס זיסע שמע־קנדיקע רייכעס פון בסאָמים. אָט איז ער שוין אַריין, גאָט דער מעלעך, מיט

זיין קאָוועד אליין — שאַ! מאלאָכים אף זייערע ערטער שטייען מיט גרויס דע־רעכערעץ און שווייגן. פול מיט ראכמאָנעס קוקט ער אף די הייליקע נעשאָמעס פון צאַדיקים און קדוישים דאָרט, קוקט און שאָקלט מיט דעם קאָפּ. פּלוצלים לאָזט ער אַרויס אַ געשריי, אַ ברומען ווי אַ לייב. דאָס וויינט ער, קלאָגט אַפן כורבן בייס־האַמיקדעש, אַף יערושאָלאַים, די וויסטע שטאָט, אַף ציוין, די ביטערע אַלמאָנע, אַף די קינדער איסראָעל זיינע, וואָס אין גאָלעס — און צוויי הייסע טראָפּנס טרערן פאַלן אים אויס די אויגן גלייך אין דעם גרויסן יאַם אַריין"...

אַזוי וויינט גאָט דריי מאָל אַלע נאַכט דאָרט אין זיינע הימלען. גוט־פרומע אידישע קינדער לאָזט עס נישט איינליגן, זיי שטייען אוף באַנאַכט פון די גע־לעגערס, ריכטן אָפּ „כצאָס", וויינען זיך אויס פאַר דעם זיסן, באַרעמהערצעדיקן פאָטער אין הימל, און דאָס אידיש האַרץ פילט עפּעס דערנסטמאָל אַ מין באַזונ־דער טאַם — זיס, ביטער און זויער אינײנעם.

שלוימעלע גייט פאַרטאָג איבער דער גאַס, דאָס שטעטל שלאָפט, לעוואָנע און שטערן שטייען אין הימל אף דער וואַך. עס דוכט זיך אים — דאָרט, אויבן, טוט זיך עס אַצינד עפּעס גאָר אַ שרעק! טוט פון ערגעץ אַ בלאָז, דאַכט זיך אים, יענץ צאָפן־ווינטעלע, דאָס גוטע ווינטעלע, וואָס ווייעט אונטער די פליגל פון מאַלאָכים, וואָס האָט אַמאָל אויך געבלאָזן אַף דאָוויד האַמעלעכס פידעלע, אים צוקאָפּנס באַנאַכט אפן געלעגער, און עס האָט זיך געשפּילט זיסע געטלעכע לידער. זשוזשען ערגעץ בוימער אין אַ גאָרטן — דאָס זשוזשען דאָרט די בוימער אין גאַניידן; קרייעט ערגעץ אַ האָן — דאָס זאָגט ער שירע, און זיינען אים די האָר, דאָס פּאָנים, פייכט פון טוי־טראָפּן — דאָס זיינען גאָטס טרערן, דאָס וויינט ער, יאָמערט אַף זיינע פאַרוואָגלטע קינדער. עס שלאָפט נישט, עס דרעמלט נישט דער היטער פון איסראָעל!... עס צעשפּילט זיך שלוימעלען די געבליטן, זיין קויעך־האַדימיען איז פלאַם־פייער, דאָס האַרץ צעגייט אים שיר פאַר גרויסע געצילן — און ער נעמט זיך לערנען מיט כיישעק, געשמאַק, אף אַ ניגן.

## 9. דער טאַכלעס.

צו דערגרייכן אַ ט אַ כ ל ע ס אין ל ע ב ן האָט באַ שלוימעלען געהייסן נישט אַנדערש ווי גרונטעוועון זיך אין די טיפענישן פונם „יאַם־האַטאַלמוד", אויסלערנען אים, ווי ווייט מעגלעך, מיט אַלע אופטועכישן פון זיינע מעפאָר־שים. און האָבן א פּאָנים פון אַ מענטשן האָט באַ אים געהייסן — אַ פּאָנים פון אַ אידן. און נאָך פון וואָס פאַר אַ אידן? פון אַ אידן אַ לאַמדן, אַ באָקי, באַ־האַוונט אין גאַנץ שאַס (ש"ס) — אַ ראָוו! גרעסערס און בעסערס און „טאַכ־לעסדיקער" דערפון איז אים נישט געקומען, און נישט געקענט גאָר קומען אים אף דעם מויעך. — — —

אַ באָכער אין באַלעבאַטישן גראַד האָט איידער א כאָסן־ווערנדיק געמוזט די ערשטע זאַך אויסהאַלטן אַ עקזאַמען — מע האָט אים, הייסט עס, פריער פאַר די טנאָים פאַרהערט, געפּרואווט אין לערנען, געשיקט צו אים, אויב ער

איז געזעסן ערגעץ אין אַ אנדער שטאָט, רעכט גוטע פאַרהערערס. צו דער כאַסענע לעמאזל האָט דער כאָסן אַרויסגעוויזן זיינע לאָמדעס, זאָגנדיק פאַרן אוילעם אַ שאַרפע, אַ מויעך־בורעכנדיקע דראָשע, און דערפאַר באַקומען מאַטאָנעס — דאָס געוויסע „דראָשע־געשאַנק”. אַ באָכער אַ אילוי האָט זיך געצאָלט אין טאָג אריין. האָט ער נישט קיין געלט — נישקאָשע, ער אליין איז געלט! איז ער נישט אַזאַ מעיוכעס — אויך נישקאָשע, איז דאָ איכעס־אצמוי, אייגענער איכעס! — — — יוסטע באַלעבאַטים, נעגידים, רייכע אַרענדאַרעס, אישואווניקעס האָבן זייער אָפט פאַר זייערע טעכטער, פאַרשוינען, געזונטע, באַלייבטע, אויסגעזוכט כאַסאַנים אין די יעשיוועס פון די אָרעמע באָכורים דאָרט, גרויסע שאַרפע לאָמדים, דאַרע, בלייכע, מיט אויסגעווייקטע פענימער פונם שטענדיקן זיצן איבער דער געמאָרע. אָט די גענומענע איידעמס, „זיידענע באַלעבעסלעך”, ווי זיי האָבן געהייסן, פלעגן זיצן אף קעסט, אַמאָל אויך אייביק־צוגעזאָגטע קעסט, עסן, קינדלעך באַם שווער איז הויז קאָלזמאַן עס האָט זיך געלאָזט. באַם אראָפגיין לעסאָף פון קעסט פלעגן די ווייבער זייערע זיך איינשפאַנען אין יאָך, ווערן איישעס־כאילס — קרעמערנס, שיינקערנס, מאַרק־אידענעס אוכעדוימע נאָך אַזוינע פאַרנאָסעס. די מאנען פלעגן זיך זיצן „על־התורה ועל־העבודה” מיט א פרייען, רואיקן קאָפּ, און די ווייבער, ווי בעריעס, האָבן זיי געשפייזט, געשוכט, האָפענענדיק דערפאר, איבער הונדערט יאָר, אַ כיילעק, אָדער אַ העלפט פון זייער אוילעם־האבע, לויט אָפּמאַכונג. דאָס ווייב, הייסט עס, האָט געאַרבעט, געזאָרגט פאַר אוילעם־האזע און דער מאן פאַר אוילעם־האבע, ביידע האָבן געאַרבעט, איטלעכער אין זיין זאַך, און קאָשער זיך פאַרדינט די ביידע וועלטן. לעיעסער ביטאָכן האָט אַזוינער זיך געפלייסט אוועקוואַרפן ווייב און קינדער, זיך געלאָזט ערגעץ אין דער פרעמד און געלערנט יוימאָם וועלאילע ווי א פאָרוש אין קלויז דאָרט! א קאַטאָוועס עפעס א פאָרוש, און נאָך אזוינע ווילד־מוירעדיקע פרושים, וועלכע שלוימעלע האָט געזעען בא זיך אין שטאָט טאַקע, אין בעסמעדרעש! זיי האָבן קיינמאָל נישט מאפסיק געווען פונם לערנען, נישט גערעדט קיין דיוורי־כאָל, אלץ אפן וואונק — אי־אי! ע־ע־ע! פון קיין צורעס־מאטבייע איז שוין קיין רייד נישט אז זיי האָבן נישט געוואוסט, נאָר אפילע וויפל דער בעסמעדרעש־זייגער האלט אויך נישט געוואוסט. האָבן עס אמאָל געוואָלט וויסן, האָט איין האנט זייערע אַ ציי געטאָן עמעצן באם ארבל און א פינגער פון דער אַנדערער געטייטלט אקעגן דעם ציפערבלאט, מאכנדיק מיט די ליפן: נו־מע־אר־הא? און קאָוועד האָט מען זיי אָפּגעגעבן אָן אַ שיר!

אָט אַזוי האָט געהייסן דינען דעם בוירע און פאַרדינען גרויס קאָוועד — אַמאָל, אין יענע גוטע צייטן! — — —

און ווער שמועסט נאָך אַ ראָוו! עפעס אַ קלייניקייט אַ ראָוו! ער איז דאָך געהויכט, געקרוינט, דער ערשטער, דער בעסטער צווישן דעם גאנצן אוילעם. דער ראָוו, וועלכן שלוימעלע האָט געזעען פון קינדוויס־אָן פאר זיך אין שטעטל, איז געווען עפעס אַ אַנדער מין מענטש, גאָר פון אַ הויכער מאַדרייגע. — — — געהאַלטן האָט זיך דער ראָוו טאָמיד בעמאַילע, ווי אים

אין דער קעהילע אידן פאַסט, קיינמאָל נישט אראָפּלאָזנדיק זיך, כאָילע, צו אַזוינע מאַיסים, וואָס שמעקן מיט אַ פאַרדינסטל. נישט געגאַנגען איז ער אַף קערמעשלעך, אַף סודעס, נישט געקראָכן אַהין, אין די הויכע פענצטער, נישט געכאַנפעט גווירים, נישט געבויגט זיך און באָטל געוואָרן פאַר פיינע בריעס, נישט צו פאַרשוועכן דורכדעם דעם קאָוועד פון דער טוירע, אי זיין קאָוועד און אויך דעם קאָוועד פון דער אידישער קעהילע זיינער. באַ עפּעס אַ וויכטיקערע זאַך, וואָס איז נויגייע דעם קלאַל, איז מען, נישקאָשע, געקומען צו אים, געפרעגט זיין אייצע און געהערט זיינס אַ וואָרט. — — —

נאָר דערצו, צו אַזאַ טאַכלעס, קען מען אָבער נישט אַנדערש קומען, ווי דורך אַריינטון זיך אין דער געמאָרע מיט אַלע קיילים. און עס נעמט אים אָן אַ ביישעק, אַ ייצער־האָרע צום לערנען.

ס'איז גאָר נישט דער פריערדיקער קינדיש־דיינער שלוימעלע מיט הארץ און געפיל און ליבשאַפט צו דעם, וואָס שיין, וואָס גוט, אָן שום פניעס, נאָר גלאַט אַזוי זיך, ווייל ס'איז שיין און גוט — ווייל פּאָשעט עס *געפעלט*! אַצינד פאַרלירט עס באַ אים דעם אייגענעם ווערט. דער איקער אין אַ זאַך איז דער טאַכלעס, דאָס, וואָס איז נוצלעך. אין לערנען איז אויך דער איקער דער טאַכלעס — דאָס ראַבאָנעס, אַשטייגער, אוישער און קאָוועד, וואָס אים גלוסט זיך אַצינד אַזוי שטאַרק, טוירע איז טאַקע „*די בעסטע סכוירע*“!

## 10. די יעשיווע.

איינע פון די שטעט אין ליטע, וואָס דער אויבערשטער האָט געבענטשט מיט אַ יעשיווע, איז די געוויסע שטאָט ס—ק. קיין אַנדער זאַך, מיט וואָס זי זאָל זיך אויסצייכענען און וואָס זאָל איר געבן אין דער וועלט אַ נאָמען, האָט זי נישט, כוץ דער יעשיווע, וואָס איז באַקאַנט ווייט אַרום און אַרום, אין די אידישע מעקוימעס. זאָגן, אַשטייגער, אַז די יעשיווע בריינגט דער שטאָט איין, גיט ס—ק פּאַרנאָסע; ווי „זייערער“ אַ אוניווערסיטעט, פון וועלכן די שטאָט, וואו אזוינער געפינט זיך, האָט גרויס שעפע — כאָלילע! דאָס וועט זיין נישט עמעס. פאַרקערט, די יעשיווע בריינגט דער שטאָט נאָך אויס. די פּראָפעסאָרס אירע זענען געמיינע לייט, נויטבאַדערפטיקע *מעלאַמדים*, מעגן זיי זיך הייסן „ראָשע־יעשיוועס“, די סטודענטן דאָרט — אָרעמע באָכורים, אָן אַ גראָשן באַ דער נעשאָמע. זיי קומען מיינסטנס צו גיין אַהינצו צופוס, ליידיק און בלויז. קוים אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך דאָס פעקל — אַ צוויי אַלטע, אויסגעלאַטעטע העמדער מיט אַ פאָר אויסגעטרעטענע פאַרמערעזשעטע זאָקן, געבראַכטע פון דער היים, וואַרפן זיי זיך אָן אַף דער שטאָט מיט זייערע באַדערפענישן. און שטאָט, ווי געפאַלן זי איז און באַפאַלן פון אייגענע אָרעמעלייט, טראָגט אַף זיך אַזעלכע פון דער פרעמד, אויסהאַלטנדיק זיי מיט וואָס נאָר מעגלעך. דער אָרעמסטער איד איז גרייט, אויב ער האָט נאָר, מיט דעם ביסן זיך צעטיילן צוליב דער טוירע!

די יעשיווע ס—קער באַשטייט פון איין גרויסן צימער, אויסגעשטעלט מיט טיש און בּיינק, אינגאַנצן ווי אַ בּעסמעדרעש. פונם צימער, בּא דער זייט, עפנט זיך אַ טיר אין אַ קליין צימערל, עפּעס ווי אַ מין קאַנצעליאַריע אַזוינע, וואו עס פלעגט זיצן דער גרינדער פון דער יעשיווע רעב ג... נאָך זיין טויט איז זי געבּליבּן ליידיק, נאָר וואָס, אַמאָל דער איידעם זיינער, אַ איד אַ סויכער, צו וועלכן די פירונג איז איבּערגעגאַנגען בּיערושע, קומט אַמאָל אַריין אַהינצו, ווען ער קומט קימאַט אַלע פרימאָרגן אין דער יעשיווע דאַוונען. איינגעטיילט זענען די יעשיווע־בּאָכורים אין צוויי קיטעס, אַ קלענערע און אַ העכערע, וואָס לערנען בּא צוויי בּאזונדערע מעלאַמדים, איטלעכע קיטע בּא איר בּאַזונדערן טיש. פון דער עלטערער קיטע דער מעלאַמעד — ער איז דער הויפּט־ראָש־יעשיווע, און פון דער קלענערער איז אַ אונטער־ראָש־יעשיווע, ער זאָגט אלע אינדערפרי נאָכן דאַוונען אַ שיאור געמאָרע מיט טויספעס און מעפאָרשים, אַלפּי פּשאַט, זיצנדיק בּא זיין טיש, אַרומגערינגלט פון זיינע טאלמידים, און בּעשאַס־מאַיסע טאַקע טוט ער אַ פּרואוו דעם, יענעם פון זיינע צוהערער, צי האָבּן זיי געמאַכט דאָס „לייענען”, וואָס ער האָט נעכטן אַף היינט פארגעבּן, און צי פארשטייט דער, יענער, וואָס מע רעדט דאָ צו אים. איז ער נישט צופרידן מיט איינעם, מוסערט ער אים אויס און איז אים מעכאבעד אַמאָל מיט אַ פּאַטש.—נאַ!—זאָגט ער,—זאָלסט וויסן, אַז אַהער קומט מען לערנען. געוויינטלעך, קומען־אָן צו אים, צו זיין טיש, די נייע, פריש־אָנגעקומענע בּאָכורים. דער גרעסערער ראָש־יעשיווע זאָגט זיין שיאור ארום האַלבּן טאָג, ווייזנדיק גרויסע כאַריפעס—עס פליען פון אים צו די טאַלמידים, פון די טאַלמידים ווידער צו אים קלאָץ־קאַשעס, בּרעכנדיק אַ מויעך. עס דונערט מיט הילכנדיקע, שטאַרקע קוילעס, עס בּליצט מיט פייערדיקע שפּיצלעך, פינגער, גראָבּע, און הענט ארבּעטן מיט אַ דריי בּאַ איטלעכן רעכטן קוועטש, בּא יעדן סייכלדיקן אויסדרינגעניש. נאָך דעם שיאור זענען די עלטערע בּאָכורים פרייע מענטשן. ווער עס וויל, מעג זיך אויסלערנען דעם שיאור וואו אים איז נויטיק. די קלענערע אָבּער זענען שוין נישט אַזוי פריי... זיי גרייטן־צו דאָס לייענען מיינסטנס אין דער יעשיווע, און דער רעבּע זייערער קומט עפּטערס אַריין אַכטונג געבּן וואָס זיי טוען. קומט ער אָן גראָד, ווען כעוורע, מידווערנדיק פון קנייטשן די געמאָרע, טוט אַבּיסל אַ שטיף, זאָגט ער זיי מוסער, אופווייזנדיק פון יענע און יענע מוסער־ספאָרים ווי גרויס די אַווירע פון בּיטל־טוירע איז, און צולייגנדיק אויך זיינס, אַז אידישע קינדער האָבּן נישט קיין רעכט צו שטיפן. וואָס איז אַף זיי אַזוי די סימכע?... נאָר אָבּער איין כאָכמע וועאיין מוסער אַקעגן יונגע בּאָכורימלעך, וואָס זענען נעבּעך בּאָסאָרוועדאָם, פלייש און בּלוט, און ווי פארוויסט דאָס לעבּן זייערס איז, גלוסט זיך פאָרט בּאַ עפּעס אַ געלעגנהייט כאָטש אַ ווײַלע טון אַ לעבּ, כאָטש אבּיסל עטעמען פריי. און די בּעסטע געלעגנהייט פאַר די כעוורעלייט צו ארבּעטן מאַיסים איז דער אָנהייבּ זמאַן, איידער די „שיאורים” אין דער יעשיווע הויבּן זיך אָן, און די מוירע פאר דעם רעבּנס האַשגאָכע אף זיי איז דענסטמאָל נישטאָ.

ס'איז די ערשטע וואָך נאָך סוקעס — דער אָנהויב „זמאַן" בא קליין און גרויס פון אידישע קינדער אומעטום. אין דער ס—קער יעשיווע ווימלט פון נייע, פריש אָנגעקומענע באָכורים, אויך פון אַלטע צוריקגעקומענע, וואָס זענען אַוועק אהיים אף יאָנטעוו, און פון באָכורים אַלטגעזעסענע, וואָס רירן זיך נישט פונם אָרט, און דאָ איז זייער שטענדיקע היים אַצינד איז אין דער יעשיווע דער גרויסער יאַריד, ס'איז אַ פאָדערונג אף „טעג" — יעדער באָכער, הייסט עס, זוכט רייִשיס כאָכמע זיך באשטעלן א באשטימטן טאָג אין וואָך אף צו עסן בא יעדן פון די באלעבאטים. ס'איז אַ לויפעניש, אַ זוכעניש, אַ ראַנגלעניש, אַ טומלעניש וועגן די באשטעלונגען, און נישט אלעמען דינט דאָס מאַזל אָנצוטרעפן די ערטער, וואו מע קען באַקומען טעג, און נאָך אזויפיל, וויפל אין דער וואָך זענען טעג דאָ. אַז וואויל איז דעם באָכער, וואָס האָט זיינע זיבן טעג אין וואָך! גליקלעך איז אויך דער, וואָס ס'איז ווייניקער מיט אַ פאָר טעג זיין וואָך! און אַז אָך־און־ווי איז יענעם שלימאַזל, וואָס קימאַט טאָמיד איז אָן טעג זיין וואָך!...

פעסט, משטיינס־געזאָגט, אַפן יאַריד, ווי די געוויסע סאָכרים, קאַפיטאַליסטן, שטייען די אַלטגעזעסענע יעשיווע־באָכורים. מיט „טעג", מיט נאָך אַנדערע האַכנאָסעס, יעשיווע־באָכערישע פאַרדינסטלעך, זענען זיי, הייסט עס, מערווייניקער פאַרזאָרגט, קענען אין זינען האָבן אַנדערע, פריש־אָנגעקומענע, אָפּגעבן זיי זייער צייט, זייער טירכע, פירן זיי אַף אַ וועג מיט זייערע טויוועס און אַמאָל טאַקע בעיאַד־ראָמע, מיט דער האַנט — אין באַק, אין רוקן, ווי עס לאָזט זיך, זאָלן זיי וויסן ווער עלטער איז!

רייִשיס, הייסט עס בא כעווערלייט, באדארף מען די נייע באָכורים, ווי ניי־געבוירענע, אַ נאָמען געבן. זאָלן זיי פון איצט־אָן פארגעסן ווי זיי האָבן אמאָל געהייסן אין דער היים. פאַרגעסן זאָלן זיי זייערע כעפציעס און אַלע פריערדיקע גיינג זייערע דאָרט. דערצו איז אַ מיטל דער שנעל, וואָס דער מאלעך גיט דעם קינד אין דער נאָז באַם געבוירן־ווערן, און פון אַלטגעזעסענע מיסאסקימס אַ שנעל שטעלן זיך אין די אויגן טרערן, אַזוי שטאַרק איז ער. איטלעכער פון די ניי־אָנגעקומענע הויבט־אָן בעכיין צו הייסן אַף דעם נאָמען פון זיין שטאָט: לעכעוויצער, קאָידענאָווער, סטאָראָבאָנער, סלאָנימער, באַקומענדיק נאָך דערצו אויך אַ צונעמעניש, ווי אַשטייגער: פיפעק, לעמעשקע, צעפל, טרעמפאטש אוכעדוימע. איטלעכער ווי אים פאַסט, און ווי ער פאַרדינט זיך בא כעווערלייט, קלאַל־טוער.

מיילע, אַ נאָמען, דאָס איז פון די קלייניקייטן. מע גיט עס אומזיסט. אָבער „טעג", נאַראיען אַ פריץ טעג צו עסן — דאָס איז שוין אַ אייסעק. מיט ברויט האַנדלט מען שוין אַף דער בערזע. עס שמעקט שוין מיט אַ פאַרדינסטל. — „הערסטו, באָכער" — זאָגט כעווערע — „עסן קענסטו, „טעג" ווילסטו און אַ פריץ ביסטו, ווייז־זשע די מאַטבייע, וועט מען דיר אָנווייזן „טעג"!" אָדער עס ווערט געמאַכט אזא קאָמבינאַציע, אַזאַ דריידל: „דער באָברויסקער טראכט אוועקצולאָזן זיך אין דער מירער יעשיווע, עס פעלט אים דערצו עטלעכע גראָשן. גיין וועט ער, עס פארשטייט זיך, צופוס, גיב־זשע אים, באָכער, פאַרוויינטע נעשאָמע,

ווי דו הייסט היינט, גיב אים צושטייער אַף הויצאָעס, אונז מעקלעריי, וועט ער דיר איבערגעבן זיינע טעג. שאָבעס, זיי ווייסן, האָט ער שוין פאַר־קויפט"! — עס ווערן אויך אָפּגעמאַכט כּילופים — מע בייט אויס צווישן זיך די באַלעבאַטים, אָפּשאַצנדיק זייער ווערט לויט די טעג, גוטע צי שלעכטע, וואָס מע עסט בא זיי. פאַר אַ גוטן באַלעבאָס גיט מען אוועק אַנדערע צוויי, נאָך מיט אַ בּאָרעך שעפּטאָראַני אויך דערצו.

עס איז דאָ אַסאַקים מיט „ב י י נ ק" — אַף צו שלאָפן. אַסאַקים מיט קויפן און איבערגעבן כּאַזאָקעס אַף טיש און אַף ביינק. וואָס מער אַ באַנק איז נעענטער צום אויוון, אַלץ מער ווערט. באַם אויוון איז פּרימאַ, דאָ צו ליגן באַ־דאַרף מען האָבן זכוס־אָוועס, און אַפן אויוון — דאָ איז פּאָשעט דער גאַניידן. נישט אַזוי גרינג אָבער קומט עס אָן אויפצוהויבן זיך אַף אַזאַ הויכער מאַד־רייגע!

עס ווערט נישט געמאַכט קיין אַסאַקים אַף דעם יאַריד נאָר מיט אַ פּאָר פון די יעשיווע־באָכערשע פּאַרנאָסעס, נעמלעך: מיט דעם „מ י נ י ע ן" און מיט דעם „ב י י ט ל". מ י נ י ע ן הייסט — עטלעכע, אָדער טאַקע גאַנצע צען באָ־כורים, ווי עס קומט אויס, גייען דאַווענען פרי און פאַרנאַכט צו עמעצן אין הויז אַף דער צייט נאָר, ווען ער איז אַ אָוול, זיצט שיווע, אָדער אַ גאַנץ יאָר, פאַר אַ געוויסע באַלוינונג, וואָס זיי באַקומען. „ב י י ט ל" הייסט — צוזאַ־מען מיטן אונטער־ראָש־יעשיווע גייען צוויי טעג אין וואָך, דאָנערשטיק און פרייטיק, איבער די הייזער, צונויפנעמען אין בייטל אַריין די נעדאָוועס אַף דער יעשיווע, וועלכע מע גיט דאָרט, ווי אַ כאָק, אַלע וואָך, און דערפאַר באַ־קומט דער באָכער, כוץ דעם קאָוועד פונם אַרומגיין מיט אַ רעבן איבער די הייזער, טאַקע כאַי (ח"י) גראָשן אויך. אַף דיביידע שיינע בעקאָוועדיקע פּאַרנאָסעס האָבן דאָס רעכט נאָר עכטע, אויסגעריבענע אַלטגעזעסענע, אָדער די בעסטע, גאָר די ווארילע יעשיווע־באָכורים. ניי־אָנגעקומענע, פריצן ווערן דערצו נישט צוגעלאָזט.

פאַר דעם ניי־אָנגעקומענעם נעפעש איז די יעשיווע עפּעס אַ נייע וועלט— אַ „י ע נ ע ו ו ע ל ט"! ער ליידט, נעבעך, כיבעט האַקייווער — קלעפּ פון הינטן, פון פאָרנט, אַ ציפּ, אַ ריס פון אַלע זייטן. ער ליידט פון מאַלאַכע־כאַבאָלע — בעוורעלייט, קונדייסים, וואָס מאַכן אים אַ „באָרעכאַבע" מיט ווערטלעך, שפּילן אים אָפּ אַ „קאַבאָלעס־פּאָנים". פריער קלאָמערשט מיט גוטע ריידלעך, קלאָ־מערשט מיט ראַכמאָנעס, דערנאָך גייט עס איבער אין כויזעק־מאַכן, פון כוי־זעק — אין אַ שטופּ, פון אַ שטופּ — אין אַ קלאַפּ, אַ זעץ, אַלץ הינטן־אַרום, הינטן־אַרום ביז עס דערגרייכט לעסאָף צו פּאָנפּעס און פליענדיקע אים פון הינטן נאַסע שמאַטעס. ער פילט דעם טאַם פון גענעם. האָט נישט קיין רו, נישט קיין „ט ע ג", נישט קיין נאַכט — נישט קיין עסן, נישט קיין נאַכטלעגער, צעבּרעכט זיך די ביינער אַף אַ האַרטער באַנק, גייט אַראָפּ פונם לייב, רייבט זיך, וואַלגערט זיך און ליידט זיך אָן געגנוג גילגולים ביז ער רייבט זיך אויס, „לייטערט" זיך אויס, ווערט אַ נייע בריע, אַ „ש פּ י ר ט", געקניפּט און גע־בונדן מיטן פּעקל בעוורעלייט, איין קניפּל, איין נעשאָמע מיט זיי. די י ע ס ו ר־

רים און די צייט פונם אויסלייטערן זיך איז נישט בא אַלע ניי־אָנגעקומענע נעפּאַשעס גלייך. אָפּגעפּיינטע, בא זיך געהויבענע מענטשלעך — זיי האָבן זייער ערלעך אויסקומעניש מיט דער פולער מאָס. זייער פּיין איז גרעסער און דוי־ערט לייגער ווי בא יענע, וואָס מאַכן זיך נישט ווייסנדיק, און שלינגען די באַליידיקונגען שטיל, שווייגנדיק, אַראָפּ. שטאָלצע, מעיוכאָסים, האָט כעוורע פּיינט. אַ זעלנער, זאָגט מען, שמעקט פּולווער מיט אַלע גלייך!

געוויינטלעך יאַרידעוועט זיך אָנהויב זמאַן אין דער יעשיווע אַמשטאַרקסטן אָוונט־צייט, דענסטמאָל ווען די נייע און אַלטע באָכורים קומען זיך צונויף דאָרט פונם לויפעניש, יאָגעניש זייערן דעם גאַנצן טאָג, איטלעכער פאַרטאָן אין זיינע געשעפטן. עס שטייען דאָרט פּעקלעכווייס באָכורים איינמאָל אין אַזא אָוונט, האָבן צו טון און שמועסן צווישן זיך. אַ טייל גיבן־איבער איינע די אַנדערע ווי זיי האַלטן מיט די „טעג". איינער האָט אַ האָפענונג צו האָבן, אימירצעשעם, אַלע טעג, דעם פעלט נאָך לעסאַטע צוויי טעג, יענעם דריי. דערפאַר האָט אים גאָט צוגעשיקט אַ פרייטיק מיט אַ שאַבעס, וואָס מע מעג אים מעקאַנע זיין. ער קאָכט פיש, רייבט כריין פרייטיק אין קיך, און די קעכ־נע, זייער אַ גוטע, אַ וואוילע אידענע, גיט אים מיט־זיך אַ פריש־געבאַקענע בולקע. ווידער אַ טייל שמועסן וועגן דער „מעסעכטע", וואָס מע וועט דאָס יאָר לערנען, זענען צופרידן, און יענע וואָלטן געוואָלט אַ אַנדערע. נאָך אַ טייל האַמפּערן זיך, מוטשען איינער דעם אַנדערן מיט די פינגער, שרייענדיק מיט אַ געמאָרע־ניגן. כעווערלייט פירן דאָס רעדל, מישן זיך אומעטום אַריין, זאָגן זייערע מיינונגען, גיבן אַרויס פּסאָקים און טוען וואָס זיי ווילן. אין אַ ווינ־קעלע דאָרט אין דער טונקלעניש ליגט אויסגעצויגן, ווי אַ מעלעך, איינער אַף דער באַנק און טראַכט זיך אפּאָנים אַזוי איינצושלאָפן.

— „פּיפּעק"! — לאָזט זיך הערן עמעצנס אַ געשריי, וואָס קומט צו און שטופּט יענעם אַראָפּ פון דער באַנק — פּיפּעק, אַראָפּ, אַראָפּ! אַף דעם אָרט האָב איך אַ כאַזאָקע.

— אַ געשריי אַביסל! אַף די ציין, אַף די ציין, „גערגעלע"! דעם מאָזי־רערס אָרט איז עס דאָך.

— איך האָב עס בא אים אָפּגעהאַנדלט, אַ מיטוואָך, מיינעם אַ טאָג, אים אָפּגעטראָטן האָב דערפאַר איך!

— וואו מאָזירער, דער מאָזירער וואו?

— דער מאָזירער? — מישט זיך אַריין עמעצער פון דער זייט — ער נעכ־טיקט וואו ער „טאָגט", וואו ער עסט שאַבעס.

— פּיפּעק!

— גערגעלע!

עס פליען פּעטש. פון איין צאַד אַ פּאַטש, פונם אַנדערן אַ פּאַטש. עס מישן זיך באַלד אַריין כעווערלייט, די רעכטע רעדלפירער. זיי מאַכן אַ פשאָרע — אַ קניפּ דעם, אַ פּלעם יענעם. ביידן געהערט נישט די באַנק. פון דיין אָפּמאַך, גערגעלע, מיט דעם מאָזירער, זאָגט כעווערע, ווייסן מיר נישט, גיט־זשע אים, כעווערע, וויפל אין אים גייט אַריין!

— פּי! — מאַכט איינער פון די באָכורים מיט אַ ערנסטער מינע, שטאַרק פאַרקרימענדיק זיך.

— קוקט אָן דעם ק—ער, דעם יאַכסן, דעם שיינעם נעפעש! — האָט זיך צעשריגן דער עלטסטער פון די רעדלפירער, דער „פינסקער", אַ באָכער אַ קורצער, מיט אַ מויל אף שרויפן און געלע שיטערע ברייטע ציין לאָפּעטעס — עס געפעלט אים נישט, דעם יאַכסן! אַ קאַטאָוועס אזא „טאַכשיטל", ערשט אָנגעקומען, פונם איי ערשט אַרויסגעקראָכן, און זאָגט שוין דייעס, שוין זיך אַריינגעכאַפּט אין דעם „מיניען"!... וואַרט נאָר וואַרט, „טאַכשיט", עס וועט דיר דאָס באָקעם אויספאַלן!... היי, כעוורע, גיט אים נאָר, דעם „טאַכשיט", דעם ק—ער, אַ קאַפּולייער אָנצוהערעניש. — — — און טאקע ווי ער רעדט פליט פון אים מיט אַ געוויש אַ פייכטע שמאַטע.

---

ווינטערדיקע פאַרנאַכטן אין דער יעשיווע.

די זון האָט, נאָך איר מאָרעשכוירעדיקער קורצער רייזע, זיך געזעצט אין אַלערליי קאָלירן־שפּילנדיקע, איר אַפּן וועג זיך גראָבלעך אויסציענדיקע וואָלקנס. די לעצטע שטראַלן אירע רייסן זיך אַריין אינעווייניק אין דער יעשיווע דורך די דיק־פאַרפרוירענע פענצטער און פלאַטערן אַקעגן אַף דער וואַנט מיט דעם גאַנצן אָפּגעשטעמפּלטן אָפּגלאַנץ פון צווייפערטלדיקע און פון פראָסט מיט עפּעס מינע געצאַצקעטע, פאַרמאָלטע שויבן. אין דרויסן ברענט, סמאַליעט דער פראָסט. אינעווייניק אין שטוב איז קאַלט־טונקל. די פאַנאַנדערגעגאַנגענע באָ־כורים הויבן ערשט אָן איינציקווייס זיך צונויפקומען, איטלעכער רייבנדיק די הענט און מאַכנדיק אַ־אַ! אין אויוון הייצט זיך. צוויי באָכורים — פון די פאַר־בליבענע, איינער עפּעס אַ שלימאַזל, גאָר אָן אַ „טאָג", און דער אַנדערער פונם „טאָג" האָט מיט זיך געבראַכט אַף וועטשערע עטלעכע קאַרטאָפל, זיצן אַף די קני באַם אָפענעם טירל, אַקעגן דעם פייער, אַכטונג געבנדיק איטלעכער צו זיין זידנדיקן טעפּל, וואו עס יאָגט זיך אַ גרויפּ נאָך אַ גרויפּ, אַרוף־אַראָפּ מיט אַ רוגזע, א טיאָכקען: טיאָך, טיאָך, טיאָך! דאָס פייער קנאַקט, באַלויכט זייערע פּעני̇מער און פון די, וואָס אַרום זיי. אַ שטאַרק זיך־צעפלאַקערנ־דיקע שייט־האָלץ שטעקט אַרויס פונם אויוון דעם אוילעם לאַנגע פלאַם־פייער־דיקע צינגלעך, אויסשיסנדיק האָפּערדיק, האַרט באַם טירל, מיט גליענדע קוילן, און אויסבלאָזנדיק לעסאָף פּיפּ־פּ־פּ—אַ טקיע גדוילע! עס ווערט וואַרעם, דער אוילעם האָט האַנאָע, פאַרברייינגט די צייט מיט מאַיסעס, מיט זאָגענישן, מיט גלייכווערטלעך, די באָכורים פון די טעפּלעך נעמען זיך צום עסן, — שטייט אוף, אידן! — ווערט אַ געזאָגעריי — קרישמע, אידן, אין א גוטער שאָ! די קויהאַנים גייען אַריין עסן טרומע, זופּן זייער קרופּניק!... און די באָכורים זופּן, אַרבעטן געשמאַק, באַגלייטן איטלעכס לעפל פונם טעפּל צום מויל מיט אַ שיר פון די לעפּצן, אָנמאַכנדיק אַף די צוקוקער אַ וואָלפישן אַפּעטיט. מע קראַצט זיך, מע באַלעקט זיך פאַר גרויס כיישעק.

# 11. טרייף־פּאָסל־ביכלעך.

שמוליק זעט זיין זון אַרומפּירנדיק זיך מיט די שילער און האָט האַנאָע, טראַכטנדיק באַ זיך: דאָס זענען אַוואַדע יעשיווע־באָכורים, מיט וועלכע ער לערנט צוזאַמען אין בעסמעדרעש, זיי האָבן זיכער אָנגעשמעקט אין אים, ווי גוט ער קען די געמאָרע, און איטלעכער האַלט פאר א קאָוועד צו זיין מיט אים כאַווער. דאָס איז געווען שמוליקס איינציקע טרייסט אין זיין ביטערער לאַגע, פּאָרשטעלנדיק זיך אַלץ, ווי דער שטייגער זיינער איז טאָמיד, דאָס גרויסע גליק, וואָס דערוואַרטעט אים שפּעטער, אימירצעשעם. עס דאַכט זיך אים, דער זון איז אַ ראָוו ערגעץ באַ אידן, ער זיצט מיט ברייטקייט אַפן ביינקל, דאַיאָנים מיט דעם שאַמעס אַרום אים, די טיר באַ אים אין שטוב מאַכט זיך נישט צו פונם אוילעם מענטשן, וואָס גייען צו אים, דער מיט אַ דין־טוירע, דער מיט אַ שאַילע, דער אַזוי, יענער אַזוי, אַלע בענטשן זיך מיט אים און זאָגן: אַז וואויל איז אייך, רעב שמועל, וואָס איר האָט זוכע געווען באַ גאָט צו האָבן אַזאַ זון.

און ווי שמוליק טרייסט זיך דאָ אַזוי מיט גוטע האָפענונגען אַף שפּעטער, מיטאַמאָל קומען אים צו די אויגן עפּעס ביכלעך, ניט קיין קאָשערע, וואָס מוי־שעלע האָט, נישט־וויסנדיק, זיי אין שטוב פאַרגעסן. דערזעענדיק זיי, איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן! געוואַלד, ריבוינע־שעל־אוילעם, מוישעלע זיי־נער, פאַר וועלכן ער האָט זיך אַזוי מאַקריוו געווען, אַף וועלכן ער האָט דעם לעצטן גראָשן רעבע־געלט אויסגעגעבן, צו לערנען אים טוירע—סטייטש, ער, מוישעלע, זאָל אַזוי פאַרפירט ווערן, אַריינקוקן אין די טרייף־פּאָסלען! דאָס גאַנצע לעבן זיינס איז ער ווי אַ הונט אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן, זוכנדיק דאָס שטיקל ברויט, שוואַרצנדיק זיך דאָס פּאָנים, און די גאַנצע האָפענונג זיינע איז געווען דער זון, ער וועט עס אים שפּעטער אָנטאָן קאָוועד, צוטיילן גליק און גרויס נאַכעס — היינט אַז דער זון זיינער איז אַראָפּ פונם רעכטן וועג, איז דאָך אויס אַלע האָפענונגען, וואָס־זשע טויג אים אַצינד גאָר דאָס לעבן, זיין הינטיש לעבן? כאָרעוו געוואָרן איז זיין וועלט מיט אַלע גוטע זאַכן, וועלכע ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַף שפּעטער; אונטערגעגאַנגען איז דער ליכטיקער שטערן פון טרייסט, וואָס האָט אים געשיינט, געפינקלט פונדערווייטנס—וויסט און פינצטער איז אים!

שמוליק איז שטאַרק אָנגעלאָדן און וואַרט, אַז מוישעלע וועט קומען, וועט ער אויסלאָזן צו אים דעם גאַנצן צאָרן.

מוישעלע איז געקומען — און מיט אים צוגלייך ריווקין [זיין כאַווער].

— אַהיים לאָמיר פאָרן, קיין גלופּסק! — טוט שמוליק אַ געשריי אַף מוי־שעלען, רויט ווערנדיק פאַר קאַס ווי אַ אינדיק.

מוישעלע בלייבט שטיין צעמישט, נישט צו פאַרשטיין וואָס דאָס געשריי באַטייט.

— קיין גלופּסק! — שרייט שמוליק, ציטערנדיק מיט אַלע איייורים.

מוישעלע רוקט זיך אָפּ אין דער זייט אָן לאָשן פאַר גרויס וואונדער, אַ שרעק, און ריווקין ענטפערט אָפּ אַנשטאָט אים:

— רעב שמועל, קיין גלופסק וועט אייער זון ניט פֿאָרן!... דאָ, אין דעם אָרט פון טוירע, וועט ער בלייבן און מע וועט אים געבן אַלע זיינע באַדער־פעניש.

— און מע וועט אים געבן אַפּיקאָרסישע ביכלעך — מאַכט שמוליק מיט גאַל, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, — אַפּיקאָרסישע ביכלעך, האַ, וועט מען אים געבן, אַראָפּפירן אים פונם וועג!...

— טאַטע, וואָס רעדסטו?!...

— שטום! מיך נאַרן מיינסטו? אָ, ניין! איך האָב, נישקאָשע, געפונען די ביכלעך, דיינע ביכלעך, האָב געזעען, געזעען...

— וואָס געזעען? — פרעגט אים ריווקין.

— געזעען, אַז דאָס זענען אַפּיקאָרסישע ביכלעך.

— איר האָט אַ טאָעס, רעב שמועל! אַ גראַמאַטיקע אַ אידישע אי אַ רוסישע און אַ געאָגראַפיע האָט איר געזעען!

— צו־וואָס? אים צו־וואָס טויגן אַזוינע ביכלעך?

— סטייטש, צו וואָס?! אידיש, לאָשן־קוידעש, הייסט עס, מוז ער קענען, ער איז דאָך אַ איד. רוסיש מוז ער אויך, דאָס איז דאָך די לאַנדס־שפּראַך, וואו ער זיצט, און קענען די וועלט־באַשרייבונג מוז ער אויך, ער איז דאָך אויך עפּעס אַ מענטש. איר פאַרשטייט, רעב שמועל, דאָס אַלצדינג איז אַ מוז!

— נאַט אייך א מוז! אַ נייער „מוז", וואָס שטייט ניט אין די צען געבאָט. מיר, אין גלופסק, האָבן עס ניט געהערט. די גלופסקער לעבן, באָרעכאַשעם, אָן דעם געבאָט אויך. האָבן עס ניט געקענט אַמאָל, קענען עס ניט היינט און זענען פונדעסטוועגן קאָשערע אידן, פיינע מענטשן און שיינע סאָכרים לעכאָל־האַדייעס. קומט איצט מוישעלע מיינער און מאַכט עס אַף זיך פאַר א הייליק געבאָט!

— יאָ, דאָס מוז ער אויך צוליב דעם — זאָגט ריווקין מיט א שמייכעלע אַף די ליפּן — אויך צוליב דעם מוז ער עס, קעדיי אַריינצוטרעטן אין אונזער בעסמעדרעש — אין דער ראַבינער־שול.

— אוי, אַז אָך און וויי צו אַזאַ בעסמעדרעש, אַז אָך און וויי צו מיין זון, וואָס פאַרלאָזט אונזער בעסמעדרעש און גייט אַריין אין זייערן, לעהאַוודל!... וואַרף אַוועק דיינע גיינג, מוישע, און קום צוריק קיין גלופסק!.

# טייטש-ווערטער

**אגאַדעטע** — טאַלמודישע מאַיסע אָדער לעגענדע.

**אַוואוידאס פערעך** — שטאַרק שווערע אַרבעט.

**אַכרען שעל פּייסעך** — לעצטער טאָג פּייסעך.

**אל המנוחה ואל הנחלה** — צו דער רו און צו היים.

**אל יאבד ישראל** — דאָס אידישע פאָלק וועט ניט פארלאָרן גיין.

**אַמוד אייש** — פייער-זייל.

**אם כאָכאָם ווענאָוון** — אַ קלוג און פאר-שטאנדיק פאָלק.

**אראם נאהאראים** — מעסאָפּאָטאמיע. נא-האַראים — 2 טייכן (טיגר און אייפראט, וואָס פליסן אינם דאָזיקן לאַנד).

**אַרבע־קאַנפעס** — לייבצודעק, טאַלעסקאָטן.

**אַרבע קויסעס** — פיר קויסעס וויין, וואָס ס'איז א מיצווע צו טרינקען באַם סיידער די ער-שטע נעכט פייסעך.

**אַריכעס יאָמים** — לאַנגע יאָרן.

**ארי שבחבורה** — בוכשטעבלעך : דער לייב פון דער כעוורע, דער עלצטער.

**„אשר יצר"** — א טפילע בא די הענט וואַשן נאָך די נעקיעס.

**„אשרי יושבי ביתך"** — אַ פּאָסוק פון טילים. בוכשטעבלעך : „וואויל איז צו די, וואָס זיצן אין דיין (גאָטס) הויז". ווערט איראָניש אָנ-געווענדט צו שטובזיצער.

**„אָב הרחמים"** — (גאָט דערבאַרעמדיקער) — אַ טפילע.

**אָדן האַגאָדל** — דער גרויסער האַר, גרוי-סער פּאָרעץ.

**„אגיל ואשמח"** — בוכשטעבלעך : איך וועל זיך פרייען. אין טעקסט—קנאַקנדיק.

**אָני** — אַן אָרימאַן.

**אָפער ווּעאייפער** — שטויב און אַש.

**אָשאַמנו** — בוכשטעבלעך : מיר האָבן גע-זינדיקט.

**אובעלוי יוידים** — קיינער זאָל ניט וויסן. אין טעקסט — דאָסזעלבע, וואָס „מאטן בעסיי-סער" (זע).

**„איזקער"** — אַ טפילע צום אָנדייגק פון א געשטאָרבענעם.

**איטער** — פארבליבענער שטאָף פון א בא-שטעלונג בא א באַלמעלאָכע.

**אימאַך שמוי** — אויסגעמעקט זאָל ווערן זיין (דעם סוינעס) נאָמען,— א קלאָלע.

**איש כאָסיד** — אַ זעמער שאַבעס-צונאַכטס.

**אייסעוו** — אַ גאָי. לויט דער ביבלישער לע-גענדע שטאַמען אידן פון יאַנקויוון, גאָים — פון אייסעוון.

**אייס צאָרע** — א שווערע צייט.

**אייש לעהאָווע** — פלאָם-פייער.

**איישעס כאַיל** — בראַווע פרוי.

**אוילע יאָפע געווען** — גוט געראָטן, גוט געפּאַסט זיך.

**אוילעם־האַזע** — בוכשטעבלעך : די-וועלט, לעהייפעך פון „אוילעם-האַבע"—יענע-וועלט.

**אוילעם קעמינהאָגוי**— די וועלט ווי זי פירט זיך.

**אוילעם קאָטן** — קליין וועלטל.

**באאוואוינויסיינו האָראבים** — איבער די פיל זינד אונזערע.

**באלבעכי** — דער ווייבער, וואָס ווייגט אסאך.

**באל־האַלוואָע**—דער, וואָס לייט אויס געלט אַף פראָצענט.

**באל־טויקייע** — דער, וואָס בלאָזט שוי-פער אין שול.

**באַל־לאָשן** — דער, וואָס פאַרמאָגט אַ גוטע שפּראַך, וואָס שרייבט גוט (שפּראַך-קענער).

**באַל־קוירע** — דער, וואָס לייענט די טוירע (פארן אוילעם אין שול).

**באלעביטאָכנס** — די, וואָס האָפן, פארלאָזן זיך אַף גאָט.

**באַלקאָרכאָ** — מיט גוואַלד.

**באַסקאָל** — אַ קאָל פונם הימל.

**בארמיצווע ווערן** — אַלט ווערן 13 יאָר (ווען מע הייבט אָן לייגן טפילין).

**באָדוק ומנוסע** — אויסגעפּאָרשט און אויס-געפּרואווט.

**באָרוך־הו** — געלויבט איז ער (גאָט).

**באָרוך הו וּבאָרוך שמוֹ** — געלויבט איז ער (גאָט) און געלויבט איז זיין נאָמען.

**באָרוך שעפּטאָראַני** — געלויבט איז [דער אויבערשטער] וואָס איך בין [דערפון] פּאָטער געוואָרן.

**ביאור** — פּיירעש אף טאַנאַך פון מוישע מענדלסאָנס טאַלמידים (ר׳ שלוימע דובנאָ און אַנדערע), וועלכן די אָרטאָדאָקסאַלע ראַבאָנים האָבן אַריינגעוואָרפן אין כיירעם.

**בימיי** — אין די צייטן, אין די טעג.

**בינימעס** — איינגענעמען.

**בוירע** — באַשעפער (גאָט).

**ביין מינכע לעמאַירעוו** — צווישן מינכע (פאַרנאַכטיקע טפילע) און מאַירעוו (אָפּדערנאַכטיקע טפילע); צווישן טאָג און נאַכט.

**בכיר** — דאָס בעסטע.

**במהרה יבוא אלינו** — אינגיכן זאָל ער קומען צו אונז (עליאָהו האַנאָווי).

**בנפשו יביא לחמו** — שטעלט איין דאָס לעבן פאַרן שטיקל ברויט. ווערט באַנוצט ביכלאַל בענויגייע צו מענטשן, וואָס פאַרדינען שווער זייער שטיקל ברויט.

**בראָכע וועהאַצלאָכע** — בענטשונג און גליק (אין די געשעפטן).

**בעגילופן** — אופגעלייגט-שיקערלעך.

**בעהאַרכאָווע** — ברייטלעך.

**בעזיל-האַזאָל** — גאָר וואָלוול.

**בעטוירעס אייצע** — אַלס אייצע.

**בעיאַד ראָמע** — מיט אַ הויכער האַנט, מיט טקיפעס.

**בעכאַיאָוו** — פאַר זיין לעבן.

**בעכאָצי כינאָם** — פאַר האַלב אומזיסט.

**בעמאַילע** — אין הויכן גראַד.

**בענייפיקוועלעך** — קעלבעלעך, וואָס מע געפינט אין בויך פון אַ געקוילעטער בעהיימע (פון „בן-בקוּעה״ — אַ קינד פון אַ געשפּאַלטענער בעהיימע).

**בניי באיס** — שטוב-מענטשן.

**בניי מעלאָכים** — קייזערלעכע קינדער.

**בעסדן צעדעק** — גערעכטפערטיק געריכט.

**בעפּאַשטעס** — פּאָשעט.

**בעפּאַרעסיע** — עפנטלעך, פאַר אַלעמען אין די אויגן.

**בעשאַס כעדווע** — בעשאַס מע פרייט זיך.

**בעשאַס האַדכאַק** — אין אַ נויט.

**גבוּרי הדור** — העלדן פונם דאָר.

**גויזער טאָנעס זיין** — דערקיקערן אַ טאָג צום פאַסטן בעשאַס אַ פאָלקס-אומגליק.

**גוימל בענטשן** — אַ דאַנק-בראָכע נאָך דעם, ווי מע איז ניצל געוואָרן פון אַ געפאַר.

**גם זוּ לטובה** — דאָס איז אויך צום גוטן.

**גראָספעציר** — גרויסוויזיר, עלצטער מיניסטער אין טערקיי.

**דוואָרים בטיילים** — פוסטע רייד (פוסטע זאַכן).

**דיווריי כאָל** — וואָכעדיקע רייד.

**האַגאָדל וועהאַנוירע** — גאָר אַ גרויסער. בוכשטעבלעך: דער גרויסער און דער פאָרכטיקער.

**האַכנאָע** — אונטערטעניקייט.

**המאשכיסים וועהאמקאטרייגים** — די פאַרדאַרבער און די בייזע אָנרעדער.

**האמסובּין בעקאָן** — די, וואָס געפינען זיך דאָ (זיינען דאָ אָנגעלענט).

**„האַמעלעך״** — אַ יאָמים-נוראָימדיקע טפילע. דאָס ערשטע וואָרט — „האַמעלעך״ — זינגט דער כאַזן צעצויגן, איבערכאַזערנדיק פיל מאָל דעם ערשטן טראַף.

**האַסבאָרעס** — דערקלערונגען, פאַרטייטשונגען.

**האַפּסאָקעס** — איבעררייסן. פאַסטן האַפּסאָקעס — פאַסטן איבער אַ טאָג, אָדער איבער צוויי, דריי טעג.

**האַקאָפע** — באַרג.

**האַקאָדויש-באָרוך-הו** — (גאָט) דער הייליקער געלויבט איז ער.

**האַקל-באַקל** — אַלץ מיט אנאנדער.

**ה׳ ילחם לכם** — בוכשטעבלעך: גאָט וועט מילכאָמע האַלטן פון אייערטוועגן. ווערט דאָ באַנוצט אינעם זין: גאָט וועט אייך געבן ברויט. אַ וואָרטשפּיל (מיטן וואָרט ילחם—מילכאָמע האַלטן, וואָס קלינגט צום וואָרט לחם—ברויט).

**היסמאַנעס** — אַ שטעלע, געהויבענער פאָסטן.

**היסנאַצלעס** — פאַרענטפערן זיך.

**היסקאַרוועס** — דערנעענטערונג.

**היצטאַרכעסן** — באַדערפעניש ן.

**„המבדיל"** — אַ זעמער שאַבעס-צונאַכטס.

**„המוציא"** — אַ בראָכע אפן ברויט פארן עסן.

**העטער** — דערלויבעניש.

**העטער איסקע** — דערלויבעניש צו גיבן געלט אף פראָצענט. לויטן דין פון דער טוירע איז פאַרווערט נעמען פראָצענט. שפעטער האָט מען דערלויבט צו נעמען א געוויסן פראָצענט.

**הרים וגבעות** — בערג און הויכענישן. צוזאָגן הרים וגבעות—צוזאָגן הויכע בערג (זייער אַסאַך)

**וד"ל** — ראָשעטייוועס פון „ודי לחכימא [ברמיזא]": פאר אַ קלוגן איז גענוג אַ וואונק.

**ויתּן לך** — „און ער [גאָט] וועט דיר געבן". אַ זעמער שאבעס-צונאַכטס.

**ורחמיו על כל מעשיו** — זיין (גאָטס) ראַכמאָנעס אף אלע זיינע באַשעפענישן.

**וואַיהי היוים** — געווען איז א טאָג.

**וועהאמויסער** — און דאָס איבעריקע.

**זה חליפתי, זה תּמורתי, זה כפּרתי** — אַ פּאָסעק, וואָס מע זאָגט בעאייס קאַפּאָרעס שלאָגן. די טייטש: מיין פארבייט זאָל עס זיין.

**זויהאר**—מיטלאלטערלעכער קאַבאָלע-סייפער.

**זכוס אָוועס** — זכוס פון די עלטערן.

**זמאַן** — (צייט). אַ האַלביאָריקער קורס אין כיידער אָדער יעשיווע (פון איינע גרויסע יאָנטויווים ביז די צווייטע).

**זרוֹע** — (אָרעם); אַ פליגעלע פון אן אָף, וואָס ליגט אַף דער קארע פייסעך באם סיידער.

**חנ"ה** — ראָשעטייוועס פון די דריי ווייבערשע מיצוועס: ח ל ה — נעמען כאַלע, נ ד ה — גיין אין מיקווע, ה ד ל ק ה — ליכט בענטשן.

**טאכנונים** — געבעט-לאָשן.

**טאַנע** — געלערנטער אף אַראמיש.

**טאַרבוס** — דערעכערעץ, אָפּשיי.

**טאַרגעם** — איבערזעצונג אַף אַ פרעמדער שפראַך. געוויינטלעך מיינט מען דערמיט די אַראַמעאישע איבערזעצונג פון דער טוירע, דעם „תרגום אונקלוס". ווערט דאָ באַנוצט אין אַ „איבערגעטראָגענער" טייטש: סטאַם א א ו מ פ אַ ר ש ט ע נ ד ל ע כ ן איניען.

**טיטוס האָראָשע** — טיטוס דער ראָשע, דער רוימישער קייסער טיטוס, וואָס האָט כאָרעוו געמאַכט דעם צווייטן בייסאמיקדעש.

**טישבוירעס** — בראָכצאָלן.

**טויגער** — דער טערק.

**טכיעס האַמייסים** — ווידעראופלעבונג פון געשטאָרבענע.

**טקיע גדוילע** — אַ לאַנגער שויפער-בלאָז.

**יאָם האַדין** — דער טאָג פון געריכט (יאָנקיפּער).

**ידיעה ובחירה** — דאָס וויסן (גאָט ווייסט דעם מענטשנס מאַיסים אפריער) און דער אויסוואַל (דער פרייער ווילן פונם מענטשן). אידישע מיטלאַלטערלעכע פאָרמולירונג פון דער פראָבלעם פון פרייען ווילן.

**יויוול** — בוכשטעבלעך: האַלבער יאָרהונדערט, 50 יאָר. „איבערגעטראָגענע" טייטש — אַ לאַנגע צייט.

**יויצע לעכאָל האַדייעס** — יויצע זיין גאָך אַלעמענס מיינונג.

**יעמוד עם כל הנערים** — זאָל ער זיך שטעלן מיט אַלע יונגען צוזאַמען.

**יעפייפיע** — אַ שיינהייט (אַ פרוי), ווערט מערסטנטייל באַנוצט איראָניש אף א מיעסער פרוי.

**יערושאַלמים** — יערושאָלאַים-אידן.

**כאי** (ח"י) — אכצן (ח—8, י—10).

**כאַמוירים** — גראָבע קעפּ. בוכשטעבלעך: אייזלען.

**כאראָמעס** — שוואועס.

**כאַריפוס** — אן איינפאַל; שאַרפקייט.

**כאַרויסעס** — צעשטויסענע ניס און עפּל מיט וויין, וואָס ליגט אף דער קאַרע פייסעך צום סיידער.

**כילופים** — בייטענישן.

**כילעל־האַשעם** — דאָס פאַרשוועכן [גאָטס] נאָמען.

**כעדווע** — פרייד.

**כעט** — זינד.

**כערעם יהוישוע בין נון** — אויסערסט שווערער כיירעם. (יהוישוע בין נון האָט לויט דער ביבלישער לעגענדע אָנגעווענדעט זייער אַ שווערן כיירעם).

**„כצאָס"** — האַלב, האַלבנאַכט.

אָפּריכטן „כצאָס" — האַלבע נאַכט זאָגן טפילע און קלאָגן אַפן כורבן בייסאַמיקדעש.

**כּכה יעשה לאיש** — „אַזוי ווערט געטאָן מיט אַ מענטשן“ (וואָס איז גרויס געוואָרן און מע טיילט אים אָפּ קאָוועד).

**כּל ישראל אחים** — אַלע אידן זיינען בּרידער.

**כּרחם אב על בּנים** — ווי א פאָטער האָט ראַכמאָנעס אף די קינדער.

**„לא יעלה ולא יבוא“** — ס׳זאָל זיך ניט טרעפן, ניט געדאַכטן זאָל עס.

**לב יודע מרת גיטל** — בּוכשטעבּלעך: דאָס האַרץ פילט (קאָן) גיטלען. דאָ די טייטש: איר קאָנט מיך גוט.

די פראַזע „לב יודע מרת גיטל“ איז אַ פאָלקס-טימלעכע סטיליזאַציע (אינם נוסעך פון טעוויע דעם מילכיקנס טייטשווערטער) פונם פּאָסוק: „לב יודע מרת נפשו“ — דאָס האַרץ ווייסט די פאַר-בּיטערטקייט פון דער נעשאָמע, וואו ס׳איז אויס-געניצט דער וואָרטשפּיל מיטן וואָרט „מרת“, וואָס האָט אף העבּרייאיש צוויי טייטשן: 1) פאַרבּי-טערטקייט, 2) הערן (מרת גיטל).

**לחם משנה** — אין טעקסט: צוויי כאַ-לעס, וואָס ווערן דערלאַנגט שאַבּעס און יאָנטעוו צום טיש.

**„לכה דודי“** — אַ זעמער פרייטיק - צו-נאַכטס בּאַם דאַוונען.

**לעך-לעכאָ** — האַלטן אין איין גיין און גיין, וואַנדערן. בּוכשטעבּלעך: גיי דיר.

**לעשעם שאָמאַים** — פון גאָטס וועגן.

**מאַטן בּעסייסער** — א באַהאַלטענע, פאַר-בּאָרגענע נעדאָווע, וואָס מע גיט א בּעקאָוועדיקן אָרימאַן, קעדיי אים ניט מעוואַיעש שטעלן.

**מאַיכל מעלאָכים** — קייסערשער מאַיכל.

**מאַיסע סאָטן** — דעם שעדס א שפּיצל.

**מאַ יאָקאָר** — ווי טייער.

**מאלאָסוי** — „זיין ערע“. טיטל, וועלכן מע באַנוצט ריידנדיק אָדער שרייבּנדיק צו א בּעקאָ-וועדיקן מענטשן.

**מאַמזער בּען האַנידע** — אַ זידל-וואָרט. די טייטש: נישט קיין „קאָשער“ קינד פון א מו-טער, וואָס האָט ניט מעקאַיעם געווען די ווייבּערשע מיצווע פון גיין אין מיקווע צו דער צייט.

**מאַ נישטאַנע** — פאַרוואָס (בּוכשטעבּלעך: וואָס האָט זיך געענדערט).

**מאנהיגים** — פירערס.

**מאנהיגיי האָיר** — די פירער פון דער שטאָט.

**מאַקעס רעצעך** — מערדערישע קלעפּ.

**מאָנע יאָפע** — א היפּשע סומע. בּוכשטעבּ-לעך: א שיינע מאַטבּייע.

**מאָקעם מענוכע** — רו-אָרט.

**מה אני ומה חיי** — וואָס פאר א ווערט האָבּן מיר און אונזער לעבּן.

**מה טובו** — אַ פרימאָרגן-טפילע.

**מה נאמר ומה נדבּר** — וואָס זאָלן מיר זאָגן און וואָס זאָלן מיר רעדן.

**מהרש״א** — א פילפּל-פּיירעש אַפן טאַלמוד און זיינע ערשטע מעפאַרשים.

**מוכן ומזומען** — גרייט און פאַרטיק.

**מיגו** — בּריירע.

**מינכע** — פאַרנאַכטיקע טפילע.

**מיסינאַי** — פונם בּאַרג סינאַי. די טוירע איז געגעבּן געוואָרן די אידן לויט דער מסוירע אפן בּאַרג סינאַי. אף א זאַך, וואָס איז ניט פעסטגע-שטעלט איינמאָל פאר אלעמאָל אף אייבּיק, זאָגט מען: „ס׳איז ניט מיסינאַי“.

**מיקאמע ועקאמע טאַימים** — צוליבּ אַבּאַך טאַימים.

**מייליך-יוישער** — פאַרטיידיקער.

**מעאָראס המאכפּיילע** — צווייגאָרנדיקע הייל (וואו עס געפינען זיך, לויט דער מסוירע, די קיוואָרים פון די אָוועס).

**מעורב עם הבּריות** — דער, וואָס איז אויסגעמישט צווישן מענטשן, ד. ה. ער קאָן גרינג הויזן מיט אַלעמען.

**מעוואולבּל** — צעטומלט.

**מעזוינעס** — שפּייז.

**מעטופּאָלים מיט קינדער** — באַפּאלן מיט קינדער.

**מעכאַבּל** — א שעד (בּוכשטעבּלעך: פאַר-דאַרבּער).

**מעכאַפּער זיין** — פאַרגעבּן, מויכל זיין.

**„מעלעך-עליוין“** — א יאָמים - נוראָים-דיקע טפילע.

**מעמונע** — דער, וואָס האָט צו שאַפן (איבּער א בּאַשטימטן איניען).

**מעסיקעס** — זיסקייט.

**מעסעכטע** — איין סייפער (אָפּהאַנדלונג) פון טאַלמוד.

**מעקאַבל בעאַווע זיין** — אָנעמען פאר ליב.

**מעקוראָווים** — נאָענטע מענטשן.

**מעשולאכאסן** — אָנשיקעניש.

**„נעמאָנע"** — פאָלקסטימלעכע אויסשפּראך פונם וואָרט „עמונע"—גלויבן.

**נעסעך** — גאָישער ווין.

**נעשאָמע יעסיירע** — צוגעגעבענע נעשאָמע. לויט דער לעגענדע באקומט אַ איד אום שאַבעס נאָך איין נעשאָמע, אַ שאַבעסדיקע, וואָס ווערט פון אים אָפּגעטון אינדערוואָכן.

**גויסע־כיין זיין** — געפעלן ווערן.

**נעכים דארגע** — אַ מענטש פון אַ נידעריקער גראַד. (בוכשטעבלעך: נידעריקער מיט אַ שטאַפּל).

**סאָנע איסראָעל** — אידישע פיינט.

**סאָנע ציען** — פיינט פון ציען. אַ ריידאַרט, וואָס ווענדט אָפּ צווישן שמועס אַ קלאָלע פון זיך אף אידישע פיינט.

**סאָף קאָל האדוירעס** — דער סאָף פון די צייטן.

**עבירה גוררת עבירה** — איין אַווירע שלעפּט-נאָך די צווייטע.

**עוזר דלים, הוישיע נא** — (דער וואָס העלפט אָרעמעלייט—העלף אונז). אַ זעמערל סימכעס-טוירע בא די האקאָפעס.

**עווען־טאָוו** — אַ איידלשטיין.

**על התורה ועל העבודה** — בא טוירע לערנען און בא געשעפט-אַרבעט. בוכשטעבלעך: בא טוירע לערנען און בא גאָט דינען. עבודה איז די טייטש אי דינסט, אי אַרבעט).

**על נטילת ידים** — אַ בראָכע בעשאס די הענט וואשן.

**פארנעסיי כאדאָשים** — די ראָשיי-האקאָהאָל,—עלטצע פון דער אידישער קעהילע. פלעגן אויספילן זייער אַמט אין דער ריי, יעדער כוידעש אן אנדערער.

**פּאָרוש** — אַ מענטש, וואָס איז א ו י ס ג ע ט ו ן פון דער וועלט, זיצט טאָמיד און לערנט און דינט גאָט.

**פּאָשע־איסראָעל** — אַ זינדיקער.

**פּילפּל** — פארדרייטע בקירעס און קרומע אויסדרינגעניש. דער הייפּעך פון פּ ש אָ ט: פּאָשעטער זין פון ווערטער.

**פּיסכוין־פּע** — אַ אָפּן מויל, —אַ גרונט צו טאַינען, אן אַזעס צו טאַינען.

**„פּיאניי האָיר"** — וואָרט - שפּיל: פּנייהאָיר — פּאָרנעמסטע לייט פון שטאָט, פּיאַניי האָיר—די שטאָט-שיקורים.

**פּויאלים**— אַרבעטער.

**פּניי האָיר** — פּאָרנעמסטע לייט פונם שטאָט.

**פּערעק מישנאַיעס** — אַ קאַפּיטל מישנאַיעס.

**מישנאַיעס** — דער עלטסטער קערן פונם טאַלמוד, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן, ווערליק די מעסוירע גיט איבער, דורך ר׳ יעהודאָ האַנאָסי.

**פּשאָרע** — אויסגלייך.

**פּעטער אישמאָעל** — דער טערק.

**צאן קדשים (צוין קאָדאָשים)**— הייליקע שאָף—1) אנגענומען אין פאָלקבאצייכענונג פון כיידער-קינדווארג, 2) איראָנישע באצייכענונג פון דער אידישער מאַסע, וואָס גייט אין שפּאַן באַ די באלעטויווס.

**צאינה וראינה**— טייטש-כומעש. אידישע איבערזעצונג פון דער טוירע איבערגעפלאָכטן מיט קאָלערליי לעגענדעס און מאַיסעס גענומען פון טאַלמוד, מעדרעש און דער שפּעטערדיקער ליטעראטור. צונויפגעשטעלט טכילעס 17-טן י״ה דורך ר׳ יאַנקעוו יאנאָווער.

**צוירער** — אַ בייזער גאָי, אַ מערדער.

**צעלעם עלויקים** — גאָטס געשטאַלט. אף אַ מענטשן, וואָס איז אראָפּ פונם „גלייכן" וועג און איז אוועק פון אידישקייט, זאָגט מען, אז דער „צעלעם עלויקים" איז פון אים אַראָפּ.

**קאַבאָלעס פּאָנים** — באַגעגעניש.

**קאַדיש** — אַ טפילע נאָך א געשטאָרבענעם; אויך — א זון (וואָס זאָגט „קאַדיש" נאָך די עלטערנס טויט).

**קאַכאַווע** — אַזוי איז טאַקע געווען.

**קאָדויש** — (הייליק) — א וואָרט פון אַ טפילע („קדושע").

**קאָל־טווו** — אַלדאָס גוטס.

**קאָלנידרע** — אַ יאָנקיפּערדיקע טפילע.

**קאָלשקן** — אַוואדע שוין.

**קאָסעוו וועכאָסעם** — אָנגעשריבן און גע-כאַסמעט.

**קאָשער וועיאָשער** — גוט און פיין.

**קיטע** — גרופע.

**קיסע האַקאָוועד** — גאָטס שטול. בוכ-שטעבלעך: ערע-שטול.

**קיצווע** — נעדאָווע-שטיצע, וואָס ווערט ארויסגעגעבן אין א באשטימטער סומע און אין אַ באַשטימטער צייט.

**„קוימעמיוס"** — איראָנישע באַצייכענונג פון באַנקראָט, אָנזעץ.

**קויסל האַמאַראָווי** — די מאַירעוודיקע וואַנט (פונם בייס-האַמיקדעש, וואָס איז פאַרבליבן נאָכן כורבן).

**קויעך־האַדימיען** — איינבילדונג - קראַפט, פאַנטאַזיע.

**קויעך האַרשאָע** — פולמאַכט.

**קלאַים** — בוכשטעבלעך: געמישן. טויראס מוישע פאַרווערט זייען צוזאמען, געמישטער-הייט, פאַרשיידענע טוואועס, גרינסן און פרוכטן.

**קנופיע** — קאָמפאַניע.

**קנעסעס איסראָעל** — פאָלק איסראָעל.

**קסאַוו קאָסעוו וועכאָסעם** — געשריבע-נער און געכאַסמעטער אָפמאַך.

**קעהאַי לישנע** — מיט דעם לאָשן.

**קעפי** — ווערליק.

**קעפי האַמדובער** — ווערליק סע איז אָפ-גערעדט.

**קעפי האַשליש־צעטל** — לויטן אָפמאַך. שליש-צעטל — אַ אונטערגעשריבענער אָפמאַך צווישן צוויי פערזאָן, וואָס מע לייגט איין בא א דריטער פערזאָן (דער שאָליש).

**קצינים** — האַרן, פאָרנעמע לייט.

**קרישמע** — אַ טפילע.

**ראַכמאָנע ליצלן** — גאָט באַהיט.

**ראַשע** (רש"י) — א פיירעש צו טאנאך און געמאָרע. ווערט אזוי אָנגערופן נאָך די איני-ציאלן פונם אווטאָר (ר' שלמה יצחקי).

**רבינו בחיי** — דער מעכאַבער פונם ערשטן אידישן מוסער-סייפער (XI י"ה)—„חובת הלבבות" „די פליכטן פונם האַרצן".

**רוגזע** — געבייזער.

**ריישיס־כאָכמע** — פריער פאר אלץ.

**רצו עבדיך את אבניה ואת עפרה**

**יחוננו** — עס באגערן דיינע קנעכט אירע (ציוינס) שטיינער, און דעם שטויב אירן טוען זיי לייט-זעליקן (ליבן).

**שאַטנעז** — געוועב פון געמישטע פעדים: וואָל מיט ליין.

**שאַלשעלעס** — אַ געדרייטער טראָפּ.

**„שאָלעם־אלייכעם"** — אַ זעמער פרייטיק צונאכטס („פריד אף אייך").

**שאָפל** — נידעריק, געמיין, שלעכט.

**שאָר־יעראָקעס** — איבעריקע (אנד.) גרינסן.

**„שהחינו"** — אַ בראָכע אף א ניי-צייטי-קער פערע (פרוכט).

**שולכען־אָרעך** — זאַמלונג פון אידישע רעליגיעזע דינים.

**שושאַן האַבירע** — שושאן די קרוינ-שטאָט (פון פּאָראַס ומאָדאַי).

**שוואַך** — (שבח)—לויב.

**„שיווע"** — בוכשטעבלעך: זיבן, די טייטש דערפון: זיבן קלאָג-טעג נאָכן טויט פון אַ לייב-נאָענטן מענטשן. אָט די טעג איז דער מינהעג צו זיצן אף דער ערד און ארומגיין אין טרויער.

**שיער** — אַ לעקציע (פון טאַלמוד).

**שיראַים** — איבערגעבליבענע רעשטלעך שפייז פונם טיש.

**שויפער שעל מאָשיעך** — דער שויפער פון מאָשיעכן.

**שכר ועונש** — באַלוינונג און שטראָף.

**של ראש** — (טפילין שעל ראָש) — איינע פון די טפילין, וואָס מע טוט זי אָן אפן קאָפּ.

**שלש סעודות (שאַלעשידעס)** — די דריי שאבעסדיקע סודעס, אויך—די דריטע שאַ-בעסדיקע סודע.

**שמורעניק** — אַ פרומער איד, וואָס עסט אום פייסעך שמורע-מאַצע.

**שקר החן והבל היופי** — פאַלש איז דער כיין, פוסט איז די שיינקייט.

**„תוכחות"** — קאַפיטלעך אין דער טוירע, וואו עס ווערן אויסגערעכנט שטראָף פאר די זינד. אופרופן באם לייענען אָט די קאַפיטלען פלעג מען פראָסטאַקעס און פאר קיין אויפן ניט קיין „שיינע אידן".

**„תוספות"** — אַ פיירעש אף טאַלמוד.

# אינהאַלט


| | מענדעלעס ווערק | בעערעכדיקע תקופה | זייט |
|---|---|---|---|
| פּאָרוואָרט . . . . . . . . . | | | 3 |
| מענדעלע און זיין צייט (אַריינפיר) . . . . . | | | 5 |
| **I. פון ליטע און רייסן קיין אוקראַינע (17—29)** | | | |
| 1. די אַנטדעקונג פון וואָלין (גענומען פון די כראָניקעס) | (אַנטדעקונג פון וואָלין) | 40—20-ער יאָרן | 17 |
| 2. אין די טעג פונם גרויסן הונגער | (אַלטע מאַיסע) | 40-ער „ | 22 |
| 3. ליפּע דער קאָלאָניסט | (שלומע רעב כאַימס) | „ „ | 25 |
| **II. פּייזאַזשן פון אידישע שטעט און שטעטלעך (30—50)** | | | |
| 1. אַ שטעטל, וואָס פירט אַן אינעווייניקסטן האַנדל מיט זיך אַליין (קאַפּוליע) | (מיין לעבן) | ערשטע העלפט | 30 |
| 2. אַ שטוב פון אַ שיינעם באַלעבאָס | (שלומע רעב כאַימס) | XIX י״ה | 34 |
| 3. פון קאַבצאַנסק קיין גלופּסק | (ווינשפינגערל) | „ | 36 |
| 4. אַ וואָלינער שטאָט: גלופּסק-באַרדיטשעוו | מאַסאָעס ביניאָמין האַ-שלישי + צוריק אַהיים) | 70—50-ער יאָרן | 38 |
| 5. אַ זומערדיקער אָוונט אין קאַבצאַנסק | (ווינשפינגערל) | | 42 |
| 6. ערעוו-שאַבעס אין גלופּסקער באָד | (פישקע דער קרומער) | | 44 |
| 7. אַ גלופּסקער איד אין זיינע בגאָדים | (צוריק אַהיים) | | 45 |
| 8. אַ שאַבעסדיקע פּאַנאָראַמע | „ | | 47 |
| 9. גלופּסקער ווייבער | „ | | 49 |
| **III. פון יענער זייט שטעטל: אַרענדאַרן, קרעטשמעס (51—55)** | | | |
| 1. דער אַרענדאַר פון דער מיל. | (שלומע רעב כאַימס) | 40-ער יאָרן | 51 |
| 2. די קרעטשמע | (פישקע דער קרומער) | 70—50-ער יאָרן | 53 |
| **IV. אידן און קריסטן. עקאָנאָמישע באַציאונגען (56—61)** | | | |
| 1. די אַרומרינגלונג פון שטעטל | (שלומע רעב כאַימס) | 40—30-ער יאָרן | 56 |
| 2. דער שלייער-אַרטיקל | „ | „ | 56 |
| 3. קאַבצאַנסקער סאָכרים און די גאָישע באַלמע-לאָכעס | (צוריק אַהיים) | 80-ער יאָרן | 58 |
| **V. גלופּסקער מיסכער (62—67)** | | | |
| 1. נאָכפרעג און אָנבאָט אין אַ אידישער שטאָט | „ | צווייטע העלפט | 62 |
| 2. גלופּסקער מוראַשקעס | „ | XIX י״ה. | 62 |

| | מענדעלעס ווערק | בעערעכדיקע טקופע | זייט |
|---|---|---|---|
| 3. רעפאָעל דער קאָמיסיאָנער | (ווינשפינגערל) | 50—40-ע יאָרן | 63 |
| 4. רעב אָשער, דער געהויבענער מעקלער | " | " | 64 |
| **VI. באַלמעלאָכישער גראַד** (68—78) | | | |
| 1. לייזער דער שניידער | (שלוימע רעב כאַימס) | מיט XIX י״ה. | 68 |
| 2. דאָס שניידער-אינגל | " | | 69 |
| 3. אייזיק דער שמיד | " | | 71 |
| 4. הערצל קיילעס דער סטאָלער | " | | 73 |
| 5. באַלמעלאָכעס | " | | 75 |
| 6. די פויאלים בעשאַס דער אַרבעט | " | | 77 |
| 7. באַם קוואַל פון פאָלקסליד | " | | 77 |
| **VII. געהויבענע באַלעבאַטים. שיינע אידן, איידעלע אידן.** (79—91) | | | |
| 1. א יוסטער באַלעבאָס אין דער ליטע | (שלוימע רעב כאַימס) | 50—30-ע יאָרן | 79 |
| 2. רעב יוינעס, דעם סלוצקער גווירס הויף | (מיין לעבן) | | 83 |
| 3. ביניאָמין דער מענטש | (אַלטע מאַיסע) | | 84 |
| 4. רעב יאַנקעוו, דער פריצישער באלהאלוואָע | " | | 87 |
| 5. רעב אווראָהאָם פון די געהויבענע מעקאַבלים | (ווינשפינגערל) | | 89 |
| **VIII. קאַבצאָנים** (92—96) | | | |
| 1. די בעטלערישע פּאַרנאָסע | (פישקע דער קרומער) | 70—50-ע יאָרן | 92 |
| 2. דער העקדעש | " | " | 94 |
| **IX. קאָהאָל. קאָהאָלשע איניאָנים. סאָציאַלע סטירעס** (97—106) | | | |
| 1. איסער וואַרגער (דער גאַנצער קאָלוועלאָך אין שטאָט) | (קליין מענטשעלע) | 70—50-ע יאָרן | 97 |
| 2. איסער וואַרגערס א געשעפטל | " | | 98 |
| 3. אַן אָסיפע מעקויעך פלייש | (די טאַקסע) | | 99 |
| 4. ווי אזוי מע נעמט די טאַקסע | " | | 100 |
| 5. פאַרוואָס אידן מוזן האָבן א טאַקסע | " | | 102 |
| . אַמכאָ און באַלעטויוועס | " | | 103 |
| 7. דער צוזאַמענשלוס | | | 105 |
| **X. רעכטלעכע לאַגע, — גזיירעס אף אידן** (107—121) | | | |
| 1. די בעהאָלע פון שקאָלעס | (שלוימע ר׳ כאַימס) | 1842 | 107 |
| 2. די גזיירע פון קליידער | " | 1850—1 | 109 |
| 3. אין די צייטן פון די קאַפּאָרע-הינדלעך (די כאַפּערס) | (ווינשפינגערל) | 50—40 יאָרן | 113 |
| 4. באַ דער פּריסוטסטוויע | (דער פּריזיוו) | 70-ער יאָרן | 118 |

| | מענדעלעס ווערק | בעערעכדיקע תקופה | זייט |
|---|---|---|---|
| **XI. די טאטעס פון דער האסקאָלע (122—132)** | | | |
| 1. ווי דער מאָלעך פון פאַרנאָסע האָט אַראָפּגע-פירט אידן פונם וועג | ווינשפינגערל | 40—50 יאָרן | 122 |
| 2. סטאַם-אַקציזניקעס | | | 123 |
| 3. די, וואָס ציען די כאיונע אַרום דעם אקציז | | | 126 |
| 4. די געהויבענע אקציזניקעס | | | 127 |
| 5. די אַקציזניקעס און די שטייגער-רעוואָלוציע | | | 128 |
| 6. די האַסקאָלע-מאַגייפע | | | 130 |
| **XII. די שטורעם־צייט (133—142)** | | | |
| 1. אַ מין מילכאָמע | (צוריק אהיים) | 80 יאָרן | 133 |
| 2. אין יענע שווערע טעג | (אין א שטורעם-צייט) | | 135 |
| 3. נאָך א נאכלע אין ערעץ-איסראָעל | „ | | 137 |
| 4. באַם באַלעבאָס פון די קאַלאָניעס | „ | | 140 |
| **XIII. יאָנטויווים, מינהאָגים, איינגלוי־בענישן (143—161)** | | | |
| 1. שאַבעס | שלוימע ר׳ כאימס | | 143 |
| 2. ערעוו-פייסעך | „ | | 146 |
| 3. יאָמים-נויראָים | „ | XIX י״ה. | 147 |
| 4. דער קאַבצאַנסקער באַלעבעכל | ווינשפינגערל | | 150 |
| 5. רעב נאָכעם רויזעווער פאָרט שטאַרבן קיין ערעץ-איסראָעל | שלוימע ר׳ כאימס | | 151 |
| 6. וואָס הייסט אַן אווירע | קליין מענטשעלע + שלוימע ר׳ כאימס | | 153 |
| 7. דער באַלשעם | | 40 יאָרן | 155 |
| 8. יאַכנע-סאָסיע מיט אירע מאַיסעס | | | 158 |
| **XIV. מאַן און ווייב, עלטערן און קינ־דער (162—167)** | | | |
| 1. דאָס הויזגעזינד | ווינשפינגערל | XIX י״ה | 162 |
| 2. די שאַפּעלע לאַגע פון דער פרוי | קליין מענטשעלע | | 164 |
| 3. צעשטערטער שאָלעם-בייס | ווינשפינגערל | | 166 |
| **XV. פון כיידער ביז דער יעשיווע (168—190)** | | | |
| 1. דער כיידער. באַהעלפערס | קליין מענטשעלע | 40—70 יאָרן | 168 |
| 2. דער טאַכשיט | פישקע דער קרומער | | 170 |
| 3. די טאַלמוד-טוירע | קליין מענטשעלע | | 171 |
| טאַלמוד-טוירע-אינגל | ווינשפינגערל | | 173 |
| 5. אַ שטוב-מעלאַמעד | שלוימע ר׳ כאימס | | 175 |
| 6. שלוימעלעס גאָט | „ | | 177 |
| 7. אינם אוילעם האדימיען | „ | | 179 |
| דאָס לערנען אין קלויז | „ | | 179 |
| 9. דער טאַכלעס | מיין לעבן | | 181 |
| 10. די יעשיווע | „ | | 183 |
| 11. טרייף-פּאָסל-ביכלעך | ווינשפינגערל | | 184 |